צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע יידן
ביכער פון דער וואָיעוואָדישער יידישער היסטאָרישער
קאָמיסיע אין קראָקע
נומער 1

---

# דאָקומענטן

## פון פאַרברעכנס און מאַרטירערשאַפט

רעדאַקציע־קאָלעגיע:
מיכאל מ. באָרוויטש
נעללאַ ראָסט
יוסף וולף

קראָקע, 1945.

יידיש: טאַניע פוקס



ארויסגעגעבן דורך דער
פעדעראַציע פון פּוילישע יידן אין אורוגוויי
מאָנטעווידעאָ, 1948.

צענטראל־קאמיטעט פון פוילישע יידן

ביכער פון דער וואיעוואדישער יידישער היסטארישער קאמיסיע אין קראקע

נומער 1

---

# דאָקומענטן

## פון פאַרברעכנס און מאַרטירערשאַפט


רעדאקציע־קאלעגיע:

מיכאַל מ. באָרוויטש

נעללאַ ראָסט

יוסף וולף



קראָקע, 1945.



יידיש: טאַניע פוקס





ארויסגעגעבן דורך דער

פעדעראַציע פון פוילישע יידן אין אורוגוויי

מאָנטעווידעאָ, 1948.

Impreso en el Uruguay
Printed in Uruguay



# DOCUMENTN FUN FARBREJNS UN MARTIRERSHAFT



## Documentos de Crímenes y Martirio



MONTEVIDEO
1948

# פאָרוואָרט צו דער יידישער אויסגאַבע

דאָס דאָזיקע בוך דאָקומענטן פון דייטשישן פאַרברעכן און יידישער מאַרטיראָלאָגיע דערשיינט אין יידיש, אַרויסגעגעבן דורך דער פעדעראַציע פון פוילישע יידן אין אורוגוויי.

אין דער פוילישער שפּראַך איז דאָס דאָזיקע בוך דערשינען אין קראָקע אין 1945, אַרויסגעגעבן דורך דער וואָיעוואָדישער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע, באַצייכנט מיטן נומער 1, אַלס דאָס ערשטע פאַרעפנטלעכטע בוך דאָקומענטאַציעס וועגן אומקום פון די יידן אין פוילן אונטער דער היטלער־אָקופאַציע.

פון דעמאָלט אָן האָט די יידישע היסטאָרישע קאָמיסיע אין פוילן אַרויסגעגעבן אַ גאַנצע ריי ביכער, וואָס האָבן אַ שייכות מיט פאָרשן די יידישע געשיכטע בעת דער דייטשישער אָקופאַציע. די גרעסטע טייל פובליקאַציעס זיינען אָבער דערשינען אין דער פוילישער שפּראַך. ווי עס האָט דאָס דערקלערט די צ. י. ה. ק. אין פוילן, אין אַן אויפרוף, געווענדעט צו די יידן פון דער גאָרער וועלט, זיינען די פובליקאַציעס אַף פויליש דערשיינען ניט נאָר דערפאַר, וואָס דאָס זיץ־אָרט פון דער צ. י. ה. ק. איז פוילן, נאָר אויך צוליב היסטאָרישע דאָקומענטאַרע נויטווענדיקייט, ווייל פויליש האָבן גערעדט דער רוב פון די אומגעקומענע יידן און אין דער פוילישער שפּראַך האָבן זייער גבית־עדות איבערגעגעבן די שארית הפליטה און אַ חוץ דעם זיינען געווען גרויסע טעכנישע שוועריקייטן צוליב מאַנגל אין יידישן זאַץ, יידישע זעצער א.ד.ג.

אין דעם זעלבן אויפרוף פון דער צ. י. ה .ק. געווענדעט צו די יידן איז נאָר דער וועלט, ווערט צווישן אַנדערן אויך געזאָגט:

„די צ. י. ה. ק. אין פוילן איז צוגעטראָטן צו איר טעטיקייט מיטן באַווסטזיין, אַז זי פירט אויס אַ וואָגיקע אַרבעט פאַר אַלע יידן, אומאָפּהענגיק פון זייער וווינאָרט. ...מיר האָבן תמיד געוווסט ,אַז אונדזערע פובליקאַציעס זיינען דאָס אייגנטום פונעם גאַנצן יידישן פאָלק, ווען זיי דאַרפן דינען אויך צו באַקענען אַנדערע פעלקער מיט דעם קאַמף און אונטערגאַנג פון

מיליאָנען יידן. דעריבער איז איינע פון אונדזערע הויפּט־זאָרגן, איבערצוזעצן אונדזערע ביכער אַף י י ד י ש , ה ע ב ר ע י ש , ווי אויך אַף אַנדערע שפּראַכן..."

די פעדעראַציע פון פּוילישע יידן אין אורוגוויי האָט דעם ראַזיקן אויפרוף פון דער צענט. יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע אין פּוילן אויפגענומען און באַשלאָסן:

דאָס דאָזיקע ווערשטע בוך דאָקומענטאַציעס פון דער יידישער מאַרטיראָלאָגיע, אַרויסגעגעבן אין קראָקע, אין דער פּוילישער שפּראַך, — אַרויסצוגעבן אויך אַלס ערשטס, אין מאָנטעווידעאָ, אין יידיש, און אַזוי אַרום צו באַקענען די יידן אין דרום אַמעריקע, וועלכע לייענען נישט קיין פּויליש, ווי אַזוי עס זיינען אומגעבראַכט געוואָרן דורך דעם בלוטיקסטן שונא אין אונדזער גלות־געשיכטע — 6 מיליאָן יידן, מיט קינדער און קינדס־קינדער...

— און זאָלן מיר דאָס נישט פאַרגעסן! — זאָגט אונדז דאָס דאָזיקע דאָקומענטאַלע בוך.

טאַניע פוקס

# פארווארט צו דער פוילישער אויסגאבע

די אינסטיטוציע, וועלכע גיט ארויס דאס דאזיקע בוך האט דעם ציל צו זאמלען און פארעפנטלעכן אלץ, וואס האט א שייכות מיט דער געשיכטע פון יידן אונטער דער היטלער־אקופאציע. צוזאמען מיט אויטענטישע אקטן, פובליקאציעס און פארשיידענע ארטן עקספאנאטן באזיצן מיר שוין איצט א גרויסע צאל געשריבענע זכרונות, בריוו, ראפארטן, ליטעראַרישע ווערק א. א. וו. — געשריבן נאך אין דער צייט פון דער קאנספיראציע דורך דירעקטע אנטיילנעמער און דורך עדות פון די באטרעפנדיקע געשעענישן. א חוץ דעם — פונעם מאמענט ווען עס איז אנטשטאנען אונדזער קאמיסיע — פירן מיר אויספארשונגען־געשפרעכן מיט הונדערטער פערזאנען וועלכנס פולע און אויטענטישע גבית־עדות (אונטערגשריבן אין קעגנווארט פון עדות) עס געפינען זיך אין אונדזער באזיץ.

דאס דאזיקע בוך באשטייט פון פראגמענטן פון א געוויסער צאל פון גבית־עדות. אין אויסוואל פון די פראגמענטן האבן מיר זיך געריכטעט מיטן ווילן צו געבן דעם לייענער א בילד, כאטש אן אויבערפלעכלעך, א טיילווייז׳ס, אבער וואס זאל ארומנעמען די וויכטיקסטע אפשניטן פון דער מארטירלאגיע. די גבית־עדות און דאס באארבעטן פונעם מאטעריאל זיינען געווידמעט די אנגעצייכנטע טעמעס — און ווייניקער פראגמענטארישע ווער דער לייענער געפינען אין די ווייטערדיקע פובליקאציעס. דערצו: דאס דאזיקע בוך אנטהאלט נאר דאקומענטן פון דייטשע פארברעכערס און יידישע מארטירערשאפט. דאקומענטן פון טעמיקן קאמף און שאפונג וועלן מיר פארעפנטלעכן באזונדער.

אונדזער אויפגאבע איז אומגעהויער גרויס, ווייל אומגעהויער גרויס איז דער בלוטיקער שנים פון די דייטשע פארברעכנס אין די פארגאנגענע זעקס היטלער־יארן. און אויב מיר קענען זיך דערביי אויסצייכענען מיט רעזולטאטן, וועלכע שטייגן ווייט אריבער די מעגלעכקייטן, וואס זיינען אנגעצייכנט דורך די זייער באשיידענע מאטעריעלע מיטלען — האבן מיר דאס צו פארדאנקען דער אפפערווויליקער מיטארבעט פון אונדזערע נאנטסטע און ווייטערע מיטארבעטער. באם אויפנעמען די גבית־עדות, פון וועלכע פראגמענטן עס באשטייט דאס דאזיקע בוך האבן געארבעט די קאלעגינס:

דאָרא אַנאַטשטיין, לאַורא איכהאָרן, מאַריאַ האָכבערג־מאַריאַנסקא, איזאַ לאַוער און קאָלעגע נאַטאַן גראָס. אַ דאַנק דער אָרגאַניזירטער דורך אונדז נעץ פון קאָרעספּאָנדענטן, און אַ דאַנק די טעטיקע מיטגלידער פון דער דורך אונדז אָרגאַניזירטער „געזעלשאַפט פריינט פון דער וואַיעוואָדישער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע", ווי אויך אַ דאַנק דעם „קרייז פון יונגע" דערגרייכן מיר, ווי מעגלעך אַמווייטסטן.

אַלע די אויבנדערמאָנטע — ברענגען מיר, אויף דעם אָרט, אונדזער האַרציקסטן דאַנק.

רעדאַקציע־קאָלעגיע

# אין די לאַגערן

## פּלאַשאָוו

נאָסן מאַרעק

### געט*)

רער לאַגער איז געלעגן אַף אַ בערגל און איז געווען געדיכט אַרומ־געצוימט מיט שטעכל־דראָט. אַף יעדע הונדערט מעטער איז געווען אַ טור־דעמל מיט אַ „וואַכמאַן", מיט מאַשינען־געווער און רעפלעקטאָרן. עס האָט געמאַכט אַף אונדז אַ שוידערלעכן איינדרוק. אפן וועג ווייטער האָבן מיר דערזען אונדזערע ברידער, וועלכע האָבן דאָ געאַרבעט שוין פון יאַנואַר אָן.

געאַרבעט באַם צעגראָבן דעם בית־עולם און פאַנאַנדערנעמען די מויער אַרום אים. איבער זיי איז געשטאַנען אַ „קאַפּאָ", וועלכער האָט געהאַט די אויפגאַבע, מיט דער הילף פון אַ גומי־שמעקן, אַרויסצוקלאַפּן פון די מענ־טשן, וואָס מער „לייסטונג". מיר זיינען צוגעקומען צו דעם גרויסן „אַפּעל־פּלאַץ", אַף וועלכן עס האָבן זיך שוין געפונען די ערשטע צוויי טויזנטלעך, וועלכע זיינען שוין געווען איינקוואַרטירט אין די וווין־באַראַקן. אין אונדזער באַראַק זיינען געווען 300 מענטשן. מיר זיינען געשלאָפן אַף די בלויזע פּריטשעס, צוגעדעקט מיט די מאַנטלען. באַנאַכט איז אויסגעפאַלן אַ שלאַקס־רעגן און עס איז געוואָרן קיל. אינדערפרי זיינען אָנגעקומען פורלעך מיט

---

*) אַמאָל לעצפּאָלד געט, דער תליון פון די יידן אין קראָקאָווער, טאַר־נאָווער, זשעשאָווער, פּשעמישלער, פּלאַשאָווער און אַ ריי אַנדערע געטאָס און טויטן־לאַגערן, איז נאָך דער באַפרייונג געכאַפּט געוואָרן אין דייטשלאַנד, געבראַכט קיין קראָקע און פאַרמשפּט געוואָרן דורכן קראָקאָווער געריכט, צום טויט.

בינפלעך בעמגעוואנט. די וואליזקעס זיינען ניט געווען. דער קאמאנדאנט פון לאגער, געט, האט געהאלטן, אז וואליזקעס זיינען אן איבעריקע זאך אין לאגער־לעבן. ס"ס־לייט האבן אדורכגעפירט א רעוויזיע אף די פריטשעס. מען האט צוגענומען בא אונדז די זייגערלעך און דאס געלט. צוויי האבן גע־נומען זוכן אין אויוון און געפונען 4 פינפזלאטע־שטיק. זיי האבן דאס, מיט אן איראנישן שמייכל באוויזן געטן. און יענער האט געפרעגט: „ווער האט דען דאס פארשטעקט?" — עס האט זיך קיינער נישט אנגערופן. האט ער נאך אמאל איבערגעחזרט זיין פראגע און צוגעגעבן, אז דער שולדיקער וועט נאר באקומען 25 שמיץ, אבער זיין לעבן דראעט קיין געפאר נישט. עס האט זיך קיינער נישט מודה געווען. א טויט־שטילקייט האט ארומגעכאפט דעם באראק. געט האט מיט א חיהשן בליק געקוקט אף די מענטשן בא וועלכע עס איז אנטרינען דאס בלוט פונעם פנים. נאך דעם האט ער געפרעגט, צי האבן שוין אלע אפגעגעבן אלץ. מען האט געענטפערט אין כאר: „יא". נאך דעם האט ער געפרעגט דעם בלאק־עלטסטן, פארוואס ער האט ניט אכטונג געגעבן אף די אויוונט און נישט פארהיט, אז מען זאל דארט גארנישט פאר־באהאלטן. יענער האט פארזיכערט, אז דאס האט געמוזט געשען שוין לאנג, ווייל זיין בעטל שטייט לעבן אויוון און ער וואלט געווען באמערקט, ווען עס וואלט עמיצער דארט עפעס געפרווט באהאלטן. דאס האט דעם אכזר נישט איבערצייגט. ער האט אים באפוילן ארפצולאזן די הויזן און זיך אוועקלייגן אפן טיש. דא האט ער באמערקט סימנים, אז דער בלאק־עלטסטער איז שוין איין מאל באשטראפט געווארן. ער האט אים געהייסן זיך צוריק אנטאן און ארויסגיין פון באראק.. דער איבערגעשראקענער בלאק־מאן איז געפאלן אף די קני און געבעטן: „הער שעף, איך בין אומשולדיק". ס'האט גארנישט געהאלפן. זעענדיק, אז געט רופט צו דעם הונט, איז דער אומגליקלעכער ארויס פון באראק. געט איז אים נאכגעגאנגען אין א רגע ארום האט זיך דערהערט א שאס. נאך דעם איז געט צוריקגעקומען און אלעמען צעשלאגן מיט זיין שפיצרוט איבער די קעפ און צוגעגעבן: „איך וועל אייך שאן העלפן"...

געט האט געהאט אן אומגעהויער־גרויסן הונט — ראלף. מען האט אים געמוזט רופן: „הער הונט". ווען געט האט אויסגעשריען: „ראלף, פרים!", אדער „ראלף, יודע!", האט די בעסטיע זיך געווארפן אף דעם קרבן, אים אומ־געווארפן אף דער ערד און געריסן שטיקער פונעם לעבעדיקן קערפער. און ערשט ווען געט האט זיך שוין געהאט אנגעזעטיקט מיט די ליידן פון זיין קרבן, האט ער אים ארויסגעוועגדיקט מיט צוויי רעוואלווער־שאסן. ער פלעגט

אַנרייצן דעם הונט אַף מענטשן, וועלכע האָבן געאַרבעט פּאַמעלעך און ניט פּונקטלעך, אָנרייצן אַף „קאַפּאָס", וועלכע זיינען ניט געווען גענוג אַכזריותדיק צו די מענטשן, וועלכע האָבן, אונטער זייער השגחה ,געאַרבעט.

געט האָט געווינט אין אַ געמויערטן הויז, אַרומגערינגלט מיט שטעכל־דראָט און שטענדיק אָפּגעהיט דורך צוויי ווילדע אוקריינער וואַכלייט. דער קוכער זיינער פלעגט דערציילן, אַז געט פּרעסט צו פרישטיק אַ קילאָ שטאַרק געפּעפּערט פלייש (טאַטאַרענשטיק) און טרינקט אויסגעצייכנטן וויין און ליקער.

די מענטשן, זעענדיק די האָפענונגסלאָזיקייט פון זייער לאַגע, האָבן אָנגעהויבן אַנטלויפן. די ערשטע פּליטהס האָבן נישט מיטגעבראַכט קיין קרבנות פון צווישן די איבערגעבליבענע, ווייל די ידיעות וועגן די דאָזיקע פּליטהס זיינען נאָך נישט געהאַט דערגאַנגען צו געטן. אָבער עס האָט נישט לאַנג געדויערט און געט האָט זיך דערוווסט וועגן דעם, האָט ער דערקלערט, אַז פאַר יעדן אַנטלאָפענעם וועט מען אומברענגען 10 פון די איבערגעבלי־בענע. די מענטשן האָבן זיך געריסן צום לעבן און זיינען ווייטער געלאָפן און דאָס האָט שוין געקאָסט צענדליקער קרבנות, וועלכע מען פלעגט אויסקלייבן פון צווישן די איבערגעבליבענע בעת די אַלגעמיינע אַפּעלן. אַפדערנאַכט, נאָך עפּעס אַ פּליטה, האָט מען נישט דערלויבט די מענטשן אַריינצוגיין אין די באַראַקן, נאָר מען האָט זיי פאַרזאַמלט אַף דעם אַפּעל־פּלאַץ, ווו מע האָט אויסגעשטעלט אויך אַלע פון די אַנדערע גרופּעס און אַרבעטס־פּלעצער (פּלאַצוווקי). אינמיטן אַפּעל־פּלאַץ איז געשטאַנען די אומגליקלעכע גרופּע פונצווישן וועלכער עס זיינען אַנטלאָפן דריי מענטשן. געט האָט געפרעגט בײַ דער גרופּע „בעטריבס־אָרדנער", בײַ וועלכע אומשטענדן י ע נ ע זיינען אַנטלאָפן. דאַן האָט ער די „בעטריבס־אָרדנער" צעשלאָגן מיט זיין שפּיצרוט און זיי אַריינגעטריבן צווישן די, וועלכע האָבן זיך געפונען אַפן אַפּעל־פּלאַץ. נאָך דעם האָט ער פון צווישן דער גרופּע, פון וועלכער עס זיינען אַנטלאָפן די דריי, אויסגעקליבן 10 און זיי געהייסן דערשיסן.

און איין מאָל, אין אַן אינדערפרי, איז אַפן אַפּעל־פּלאַץ פאָרגעקומען עפּעס אַזעלכעס, וואָס האָט אונדז אַלעמען דערשיטערט. געט איז געקומען נאָך אַ שלאָפלאָזע נאַכט שיכור, אַכטונג צו געבן אַף די אַרבעטער. אין האַנט האָט ער געהאַט אַ גראָבן שטעקן. ער איז צוגעגאַנגען צו איין גרופּע אַר־בעטער און געפרעגט, וועמען עס געפעלט נישט דאָס, וואָס ער טוט. קיין ענטפער איז נישט געקומען און די מענטשן האָט אַרומגעכאַפּט אַ שוידער. דאַן האָט זיך געט אויסגעקליבן איין קרבן און אים דירעקט געשטעלט די

פראַגע. ווען ער האָט אָבער אויך פון אים נישט באַקומען קיין ענטפער, האָט ער אים אַרויסגעצויגן פון דער ריי און גענומען שלאָגן מיטן שטעקן. געשלאָגן אַ 15 מינוט און געהאַלטן אין איין שרייען: „הו פערפלוכטער הונד!" און דערנאָך אים דערשאָסן. נאָך דעם איז ער צוגעגאַנגען צו אַ צווייטן און אויף דעם זעלבן אופן אים צעשלאָגן און דערשאָסן. געט האָט געזאָגט, אַז ער וואָלט געקאָנט אַלע אַזוי „אומלעגן" און עס וואָלט אים דערפאַר גאָרנישט געקומען.

איין מאָל, ווען מיר זיינען צוריקגעקומען פון דער אַרבעט אין לאַגער אַריין, האָבן מיר דערזען די מענטשן, וועלכע זיינען געווען באַשעפטיקט באַם בויען די באַראַקן — אָנגעטאָן אין זייערע קליידער, ריכטיקער געזאָגט — שמאַטעס, וועלכע זיינען געווען אָפּגעמאָלט אין רויטע פאַסן אין דער לענג און אין דער ברייט. דאָס איז געווען געטס אַ פריש משוגעת. שפּעטער האָט דער קאָמאַנדאַנט פון באַראַק, באַפוילן, אונטער דער האָונג פון טויטשטראָף, אַז איבער נאַכט זאָלן אַ ל ע קליידער אָפּגעמאָלט ווערן אין געלע פאַסן און דאָס וועש זאָל אָפּגעצייכנט ווערן מיט מגן־דודס. אָפּדערנאַכט זיינען געקומען די אויסגעמאַטערטע, פונעם טאָג אַרבעט, מאָלערס און מען האָט אין משך פון דער גאַנצער נאַכט געמאָלט די קליידער. אינדערפרי האָט מען, באַם אָנקוקן די מענטשן, נים־ווילנדיק, אויסגעשאָסן אין אַ געלעכטער. מען האָט אויסגעזען, ווי פון אַ צירק אַרויס. אַפן וועג צו דער אַרבעט האָבן מענטשן פון אונדז געלאַכט און עס איז אונדז געווען זייער טרויעריק.

דערווייל האָט געט זיך איבערגעצויגן אין אַ ווילע, וועלכע ער האָט געלאָזט אויסרעמאָנטירן און אַריינגעפירט אַהין זיין געליבטע, רוט. ער האָט דאָרט פיין איינגעאָרדנט אַ הינטשטאַל און אַלע מאָל געבראַכט אַהין עטלעכע נייע הינט.

אונדזער לאַגע איז געוואָרן פון טאָג צו טאָג ערגער. געט האָט אַוואַנסירט און איז געוואָרן „אָבערשטורמפירער". ער האָט שוין מער נישט געוואָלט זיך שמוצן די אייגענע הענט מיט יידיש בלוט און איבערגעגעבן די דאָזיקע אַרבעט יאָהאַנען. דער דאָזיקער יאָהאַן איז שטענדיק אַרומגעגאַנגען מיט אַ לאָרנעטקע און אָבסערווירט די אַרבעטנדיקע. אויב מען האָט נישט גענוג שנעל געאַרבעט, איז ער צוגעגאַנגען צו דער גרופּע, אויסגעקליבן עטלעכע פעסטע יונגען, זיי מיטגענומען אַפן „בערגל" און דאָרט דערשאָסן. דאָס „בערגל" איז געווען באַשטימט אַלס עקזעקוציע־אָרט. עס איז געלעגן צווישן לאַגער און דעם „גויעס געלענדע", צווישן צוויי בערגלעך. עס פלעגט

זיין שווער צו זען, וואָס עס טוט זיך דאָרטן. לויט געמס אַ פּאַראָרדענונג, האָט מען ניט געטאָרט היילן די יעניקע אַף וועלכע מען האָט געשאָסן, אָבער נישט דערשאָסן אַף טויט. אין טאָג פון יום כיפור האָט מען געשאָסן אַפן „בערגל" ספּעציעל־אויסגעקליבענע מענטשן און אַפן צווייטן טאָג האָט מען אַף דעם „בערגל" געבראַכט אַ גאַנצע פּלאַצוווקע, 60 מענטשן, די פאַר ווייל פון זייער גרופּע זיינען אַנטלאָפן 23 מענטשן. די דאָזיקע גרופּע האָט געוווינט אין קאַזאַרמעס אַף גזשעגאַזשיקי און עס זיינען דאָרטן געווען מעגלעכקייטן צו אַנטלויפן.

סוף דערצעמבער האָבן מיר זיך דערוווסט, אַז געט האָט באַפוילן אויס־צוגראָבן גרויסע גריבער, בכדי אין פאַל פון אַ שרפה אין די וואַרשטאַט־באַראַקן זאָל זיך געפינען צו דער האַנט וואַסער צום לעשן. ער האָט פּשוט געוואָלט מאַטערן די מענטשן. עס איז געווען אַ שרעקלעך וועטער. גאַנצע טעג האָט גערעגנט. מען האָט אָנגעהויבן אַרבעטן בא די גריבער. מען האָט דערביי געאַרבעט נאָך אַ גאַנצן טאָג אַרבעט אין די וואַרשטאַטן — פון 6 אין אָוונט ביז 12 באַנאַכט. אין די באַראַקן זיינען די לעבנס־באַדינגונגען געווען שרעקלעכע. קיין ליכט איז נישט געווען. לייז האָבן זיך געמערט. עס האָט קיינער נישט געקענט אָפּרייניקן פון זיי דאָס העמד. מיר האָבן געמוזט פון צווישן די גרעסטע בלאָטעס אַרויספירן די נאַסע ערד מיט טאַטשקעס און מען האָט אונדז דערביי געיאָגט און געשלאָגן, ווי די הינט.

סוף־כל־סוף האָט געכאַפּט אַ פראָסט און די ערד איז געוואָרן פאַר־שטאַרט. מיר האָבן געהאַקט מיט די קילאָפן אין דער פאַרשטאַרטער ערד אָן אויפהער. ס'איז אויך אויסגעפאַלן אַ שניי, וועלכער האָט אונדז ווידער פאַר־שאַפט אַרבעט. איך האָב באַקומען אַזוי געשלאָגן מיטן שפּיצרום, אַז כ'האָב געמיינט, אַז איך וועל דאָס נישט אויסהאַלטן.

לאַנדסדאָרפער איז געוואָרן וואָס אַמאָל אַכזוריותדיקער. מען האָט אים גערופן „דער משולח", ווייל ער פלעגט פלוצים אויסוואַקסן ווי פון אונטער דער ערד אַרוים און אָנהייבן מערדערלעך שלאָגן מיט אַ שטעקן איבערן קאָפּ, אויגן, פּנים. דעם קרבן פלעגט ער באַפעלן: „נים די בריל אָפּ!" און געשלאָגן אַזוי לאַנג ביז יענער איז געפאַלן אַף דער ערד אַ טויטער. אַזוי האָט ער אויך געשלאָגן פרויען.

איין מאָל, אין אַ זונטיק, אָנהייב מאַי 1944, איז פאַר מיטיק פאָרגע־קומען אַן אַפּעל, וועלכן די בלאָק־לייט האָבן אָנגערופן — „אַ היגיענישע איבערזיכט". עפּעס אַ טעמפּע אומרויקייט האָט אונדז אַלעמען אַרומגע־כאַפּט. מען האָט געוואַרט אַן איין באַוועגונג מער ווי צוויי שעה. עס איז

נעווען אַ קאַלטער טאָג. דער געשטאַפּאָ־מאַן, בלאַנקאַ, איז געווען אָנגעטאָן אין אַ פּעלץ־מאַנטל. אויפן וועג האָט זיך באַוויזן געטס אויטאָ, וועלכער איז מיטן גאַנצן אימפּעט אַרויפגעפאָרן אויפן אַפּעל־פּלאַץ. די געשטאַפּאָ־לייט האָבן זיך וועגן עפּעס געגומען באַראַטן צווישן זיך. די פרויען זיינען אַראָפּגעגאַנגען פונעם אַפּעל־פּלאַץ אין די באַראַקן אַריין. מיר האָבן געזען, ווי די מענטשן פון פאָרנט טוען זיך אויס. אויפן אַפּעל־פּלאַץ האָט מען אַרויסגעטראָגן אַ טיש מיט די קאַרטאָטעקעס און עס אַוועקגעשטעלט אין אַ זייט.

נומער 216.

**הענריק שטאַרק**

# קינדער־סעלעקציע

מיר האָבן נישט געהאַט קיין סך צייט זיך צו פאַרטראַכטן וועגן אונדזער טרויעריקן גורל. ווייל באַלד האָט מען אונדז אויסגעשטעלט אין פינפעלעך, געדיכט אַרומגערינגלט מיט שוואַרצער פּאָליציי, וועלכע האָט בא אונדז אַרויסגערופן אַ שוידער. די ביקסן זיינען געווען פאַרזען מיט באַגנעטן און אָנגעשטעלט אויף אונדז גלייך, ווי מיר וואָלטן געווען די געפערלעכסטע פאַרברעכער, פאַרורטיילטע צום טויט. וויפל קליינע קינדער און זקנים עס זיינען געווען צווישן די דאָזיקע „פאַרברעכער"! מיר זיינען אַזוי געשטאַנען עטלעכע מינוט ביז עס איז אָנגעקומען, אַרומגערינגלט מיט זיין סוויטע, דער קאָמאַנדאַנט פון לאַגער אַליין, האופּטשטורמפירער ג ע ט. זיין קומען האָט דערגאַנצט דעם שוידער פון דער לאַגע. אין אויסזען האָט ער געהאַט אַן אַריסטערלישן.

די פאָרשטעלונג האָט זיך נעקסט אָנהייבן. אונדזערע מערדער האָבן גענומען גיין צווישן די רייען און אַרויסלייענען די נעמען פון די עלטערע לייט, פון די מענטשן, וועלכע האָבן שלעכט אויסגעזען, די אַזוי גערופענע „מוסולמענער" און קינדער פון 10 ביז 16 יאָר. די אויסגערופענע האָבן געמוזט פאַרלאָזן די ריי און זיך אוועקשטעלן אין אַ זייט. עס האָבן זיך אָפּגעשפּילט טראַגישע סצענעס. עס האָבן זיך געהערט האַרצרייסנדיקע געשרייען פון פאָטערס, מוטערס און קינדער. מיר האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ קלאָרן דין וחשבון, וואָס עס דערוואַרט די, וועלכע מען האָט אַוועקגעשטעלט אין אַ זייט. אונדזערע תליונים האָבן געהאַנדלט אָן רחמנות. אויף יעדן וואָרט, אויף יעדן

בעטן רחמים האָבן זיי געענטפערט מיט שלאָגן מיט די שטעקנס און ביימשן. בלוט האָט זיך געגאָסן. די ס״ס־פרויען און די ס״ס־מענער האָבן, ווי אין א משוגענעם טאנץ, הערפירט זייער שרעקלעך שטיקל ארבעט ביז צום סוף.

א מוטער, אָדער א פאָטער, וועלכע האָבן געוואָלט גיין מיט זייער קינד, האָט מען אָפגעשטופט. די אכזריות און סאדיזם זיינען דערפירט געוואָרן צו דער העכסטער מדרגה. אין א פּאָר שעה ארום איז פארענדיקט געוואָרן די ארבעט און א גאנצע קאָלאָנע מיט מענטשן, די וועמענס נעמען זיינען ארויסגעלייענט געוואָרן פון די ליסטעם האָט מען אראָפּגעפירט פונעם אפּעל־פלאַץ. פון ווייטנס האָבן זיך נאָך געהערט די געשרייען פון קינדער: „מאמע, ראטעווע״ און „טאטע, קום מיט מיר״. אָבער דאָס איז נאָך ניט געווען דער סוף פון שרעקלעכן שפּיל. א נייער באפעל: אלע איבערגעבליבענע זאָלן זיך אויסזעצן אַף דער ערד. דורך די מעגאפאָנען האָט מען געגעבן מוזיק, וועלכע האָט, גישט צום איבערטראָגן, געטרייצט אונדזערע אויפגעשרויפטע נערוון. די דאָזיקע מוזיק האָט געזאָלט פארהילכן דאָס געוויין און די געשרייען פון די קליינע קינדער פון דער „קינדערהיים״, וועלכע מען האָט איצט אין אַר־בערגעפולטע לאַסט־אויטאָס ארויסגעפירט דורכן אפּעל־פּלאַץ. דאָס איז געווען דער קולמינאציע־פונקט פון משוגענער, דייטשישער אכזריות — דורכצופירן די קינדער, כדי די מוטערס זאָלן זען. די מוטערס האָבן גענומען לויפן נאָך די אויטאָס. זיי האָבן געשריען, גערדראָעט, געשאָלטן. שטעקנס, ביימשן, קאָלבעס פון ביקסן האָבן געדעמפט אלץ. די פארשטעלונג האָט זיך געענדיקט. אונדזערע הערשער, צופרידענע פונעם אָפּגעטאָנענעם שטיקל ארבעט, האָבן פארלאָזט דאָס אפּעל־פּלאַץ און מיר, צעבראָכענע פיזיש און מאָראליש, האָבן באקומען א באפעל זיך פאנאנדערצוגיין. פון מוזנטער ברוסטן האָט זיך איצט ארויסגעריסן א הויכער יאָמער און געוויין. און דאָס אלץ צוזאמענגעמישט מיט דער מוזיק פון די מעגאפאָנען האָט זיך צעטראָגן ווייט אריבער דעם לאַגער.

נומער 130.

# עקזעקוציע

נאָכמיטיק, אַרום 4 אַ זייגער, האָט אַ לאַנגער מענטשן־צוג פון אַן ערך 800 פערזאָן, געריהט צום אַרבעטס־לאַגער, שפּעטער — דער אויסראָטונגס־לאַגער. דאָס מאָל האָט מען נישט געטראָגן קיין ספר־תורה פאָרויס, ווי דאָס שטעלט פאָר דער קינסטלער הירשענבערג, כאָטש עס זיינען אָן שום ספק, געווען אויך ספר־תורות באַהאַלטן אין די רוק־זעק בא די מענטשן. דאָס מערקווירדיקסטע איז אָבער, וואָס אין די רוק־זעק פון אייניקע דרייסטע רי־זיקאַנטן־פּאָטערס — האָבן זיך געפונען קינדער. די דאָזיקע רוקזאַק־פּאַסאַ־זשירן האָבן באַשטימט באקומען שלאָפּמעבראַנק, אַז זיי זאָלן זיך ניט פאַ־ראַטן מיט וויינען. עס זיינען אויך פאָטערס און מוטערס אין יענע טעג אויסגעוואַקסן צו דער מדרגה פון העלדן. איך בין געווען אַן עדות פון אַ ויכוח צווישן אַזאַ פּאָרל מאַטע־מאַמע, וועלכע האָבן זיך אָפּגערעדט וועגן אַן אויסוואַל, ווער עס דאַרף בלייבן מיטן קינד אין געטאָ און ווער גיין אין לאַגער. די מוטער האָט געוואָלט איבערצייגן דעם פאָטער, אַז איין קרבן איז גענוג, אַז ער אַליין וועט זיך אין לעבן באַשטימט אַן עצה געבן, וועט גיכער איבער־טראָגן די גרוילן פון לאַגער און עס האָט נישט קיין זין, אַז זי זאָל זיך שיידן מיטן קינד. אַזוי, אַז צו וואָס זאָלן זיי ביידע פאַלן קרבנות?... אַזאַ שטי־לער, רויקער שמועס, עס האָט זיך געקאָנט אויסדאַכטן, אָן אַ באַזונדערן טיפערן מיין...

מיר, מיר זיינען צום טויט שוין צוגעווויינט. עס איז בא אונדז אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. מען רייסט אַרויס פון צווישן אונדז די טייערסטע, די בעסטע. פלוצים, אומדערוואַרט און פאַר גאָרניט. אפשר אַף אַ רגע זיך אָפּ־געשטעלט אָפּרוען, זיך אָנגעשפּאַרט אַף דער לאַפּאַטע, זיך צוגעזעצט אַף אַ מינוט אַף דער טאַטשקע, וועלכע מען שטופּט פאַר זיך, מען אָטעמט קוים, מען סאָפּעט, ווייל אין דער טאַטשקע שלעפּט מען אַ שווערן מצבה־שטיין... מען האָט געקענט האָבן „איין פאַרשוויצטעס געזיכט", ווי עס האָט איין מאָל געפּסקנט געט וועגן צוויי יונגע יידן, וועלכע זיינען געשטאַנען אין דער ריי, פאַרטיק צום אָפּמאַרשירן צו זייער אַרבעט. געט האָט זיי אַרויסגערופן בעתן אַפּעל פון דער ריי און דערשאָסן אַפן אָרט, פאַר די אויגן פון טויזנטער לאַגער־מענטשן.

עס האָט זיך געטראָפֿן אַמאָל, אַז אַ 16־יעריק יינגל, האָבענשטאַק, האָט עפּעס אַ מורמל געטאָן אונטער דער נאָז אַ מעלאָדיע, דאַכט זיך אַז „טשוב־טשיק". ער האָט אפשר אַליין נישט באַמערקט אַז ער זינגט. דאָס איז געווען נישט באַוווּסטזיניק און ער האָט אפילו נישט געוווּסט וואָס ער זינגט. עס האָט עמיצער אונטערגעהערט דאָס ליד, ווען עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז עס איז אַ קאָמוניסטיש, און באַשולדיקט דאָס יינגל אין קאָמוניזם. דער אומגליקלעכער איז אַריינגעזעצט געוואָרן אין אַ קאַמערל, אין וועלכן עס איז שוין געזעסן אַ צווייטער ייד און אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט דער טישלער־וואַרשטאַט אַוועקגעשטעלט אויף דער הויפּט־ליניע פֿון די מענער־באַראַקן, אין דער לענג פֿונעם געוועזענעם מערב־מויער פֿונעם אַברהם־בית־עולם, אַ תּליה פֿאַר צוויי פּערזאָן, אין דער הויך פֿון דריי מעטער. אינמיטן, אונטער דער תּליה, האָט מען אַוועקגעשטעלט אַ פּאָדיום מיט אַן אַרויפֿגאַנג פֿון הינטן. אין אויבערשטן באַלקן האָט מען אַריינגעשרויפֿט צוויי שטאַרקע האָקנס. אין דעם דאָזיקן אָונט זיינען די אַרבעטער נישט אַריינגעלאָזט געוואָרן אין די באַראַקן. מען האָט זיי געהייסן גיין אויפֿן אַפּעל־פּלאַץ. אַ טויט־שטילקייט האָט זיך געלייגט אויפֿן לאַגער. די הערצער האָבן געגליווערט באַם געדאַנק, וואָס עס דאַרף דאָ באַלד פֿאָרקומען. פֿאַרן פֿראָנט פֿון אַ צען טויזנט קעפּיקן עולם, וואָס איז אויסגעשטעלט אין אַ פֿיר־עק, טרעט אַרויס אַן אָפֿיצירן־סוויטע פֿון געשטאַפּאָ מיטן „אָבערפֿירער", שערנער, בראָש. עטלעכע צענדליק „שוואַרצע" אין אַ האַלבן קרייז אויסגעשטעלט באַשירעמען די סוויטע, טיילן זי אָפּ און דעקן זי פֿאַרן עולם. ווען אַלץ איז געווען פֿאַרטיק האָט שערנער אַרויסגענומען אַ פּאַפּיר, פֿון וועלכן ער האָט אַרויסגעלייענט צוויי טויט־אורטיילן דורך הענגען: פֿאַר קאָמוניזם דעם 16־יעריקן האָבענשטאַק און פֿאַר סאַבאָטאַזש דעם אינזשיניער קראַוטווירט. אין אַ ווײַלע אַרום האָט מען צוגעפֿירט צו דער תּליה דאָס 16־יעריק יינגל. ער איז דורך די טרעפּלעך אַרויפֿגעגאַנגען אויף דעם פּאָדיום, וווּ מען האָט אים אַרויפֿגעלייגט דעם שלייף אויפֿן האַלדז. דאָס פּאָדיום איז געווען געמאַכט אַזוי, אַז ווען מען האָט אָפּגערוקט דאָס אויבערשטע רעדל, וואָס האָט געדינט אַלס שטיצפּונקט פֿאַר די פֿיס, האָט דער פֿאַרמשפּטער געמוזט בלייבן הענגען אויפֿן שטריק מיט אויסגעצויגענע פֿיס. באַם איבערשניידן דעם שטריק האָט דער קערפּער געזאָלט אַריינפֿאַלן אינעווייניק אין קאַסטן...

איך בין געשטאַנען גענוג ווייט פֿונעם עקזעקוציע־אָרט. כ'האָב נישט געזען דאָס פּנים פֿונעם פֿאַרמשפּטן און ווען אפילו איך שטיי נאָנט, וואָלט איך אויך נישט געקאָנט קוקן אין די פֿאַרווירטע אויגן, וועלכע האָבן געזוכט

ארום רעטונג. צוזאמען מיטן שלעפן פון דעקל פון אונטער די פיס איז דער אויפגעהאנגענער, א לעבעדיקער, מיטן שטריק אפן האלדז, אראפגעפאלן אונטן, אין קאסטן אריין. פון געטס מויל האט זיך ארויסגעריסן א קללה אפן אדרעס פון תליון. דער לעצטער האט שנעל ארויפגעצויגן דאס יינגל און אים ווידער אמאל פארבונדן דעם שטריק. דאס אומגליקלעך יינגל האט געבעטן רחמים, געבעטן געטן, ער זאל אים שענקען דאס לעבן. געט האט באפוילן צו „פארענדיקן די זאך". דאס מאל האט דער שטריק אויסגעהאלטן און דער קערפער איז געבליבן הענגען „אין ארדענונג".

אינזש. קראטווירט, דער צווייטער קרבן, האט באשלאסן צו פארענדיקן מיט זיך, איידער עס וועט קומען זיין ריי. ער האט נישט געוואלט זיין די שרעקלעכע פארשטעלונג פאר צען טויזנט מיטברידער זיינע. מיט צוויי אנטשיידענע שניט מיט א ראזיר־מעסערל, האט ער זיך דורכגעשניטן די אדערן פון ביידע הענט און געפאלן א פארחלשטער. אף דער תליה האט מען ארויפגעצויגן א טויטן קערפער.

און איין מאל, אין אן אפדערנאכט, איז צוריקגעקומען אין די באראקן די גרופע פונעם ארבעטס־פלאץ „באנארקא" — 60 מענטשן, יונגע פרויען און מענער. זיי האבן געטראגן אין די רוקזעק ברויט און עסנווארג פאר די איבעריקע פון די באראקן. געשטאפא האט פארהאלטן די גרופע און דורכגעפירט א רעוויזיע. דער געשטאפא־מאן, ווילי, מעלדעט געטן, אז די רעוויזיע האט געגעבן פאזיטיווע רעזולטאטן. געט האט ארויסגעגעבן אן אורטייל: „דאס גאנצע געזינדל אומלעגן". מען האט באלד ארויסגערופן פון דער וואך־קאזארמע א פלוטאן „שווארצע", וועלכע האבן ארומגערינגלט די 60 און אין א שנעלן מארש אין „פינפטלעך" זיי אפגעפירט אף דעם „בערגל" גערופן „הויאווא גורקא", וווּ מען האט די גאנצע גרופע אומגעבראכט.

אין אלגעמיין האט מען אין 1944 נאך יעדער עקזעקוציע די טויטע קערפערס פארברענט. די דאזיקע שייטערהויפנס זיינען פארן לאגער געווען א טאג־טעגלעכע דערשיינונג. א ביסל ווייטער האבן געארבעט נארמאל די מענטשן פונעם לאגער און מען האט זיך אזוי צוגעוווינט צו דעם בילד, אז דאס פארברענען אכט טויזנט קרבנות, ארויסגעגראבענע פון פלאשאווער קברים, האט קיינעם נישט געשטערט אין דער ארבעט, וועלכע איז אויסגעפירט געווארן אונטער די אויגן און אונטער שטעקן פון די ס"ס־לייט.

נומער 388.

דר. סטעפאַן סאַלאָמאָנאָוויטש

# שטראָפן. נאָרמע

עס איז בא אונדז געווען א שטראָף־גרופּע, צו וועלכער מען האָט געקענט צוגעטיילט ווערן פאַר א ליאדע קלייניקייט. די דאָזיקע גרופּע האָט געאַרבעט בא שטיינברוך. די אַרבעט האָט געדויערט פון 4 אינדערפרי ביז 10 אין אָוונט. מען האָט געאַרבעט אין א לויף־טעמפּאָ, און ווי איז געווען צו א מענטשן, וועלכער איז ניט נאָכגעקומען דעם טעמפּאָ. מען האָט אים באַלד פאַרשטייענט. די מענטשן האָבן באַקומען נאָר א העלפט פון די פּאָרציעס עסן. עס האָבן דאָרט געאַרבעט אויך פרויען. פאַר א מינדסטער פאַרשולדיקונג, ווי א שטייגער זיך פאַרשפּעטיקן אַפּן אַפּעל־פּלאַץ, האָט מען באַשטראָפט מיט „שטיי־בונקער". דאָס איז געווען א קעמערל, אַזוי גרויס, אַז דער קרבן האָט דאָרט געקאָנט נאָר שטיין, נאָך א גאַנצן טאָג שווערער אַר־בעט, נאָך עטלעכע שעה שטיין אַפּן אַפּעל־פּלאַץ, האָט מען דעם פאַרשול־דיקטן געפירט צום „שטיי־בונקער", וווּ ער האָט געמוזט אָפּשטיין ביז צו מאָרגנס, צום אַפּעל, און, מאָרגנס ווידער צו אַרבעט. מיט שטיי־בונקער האָט מען געשטראָפט נאָר אַף באַנאַכט, ווייל באַטאָג האָט מען געדאַרפט אַרבעטן. אָבער אָפטער האָט מען געשטראָפט די מענטשן, מענער און פרויען, מיט שמייסן פון 25 ביז 100 שמיץ אַף דעם נאַקעטן... מען האָט אויך געפּייניקט, אָנגעטאָן עינויים קשים, אָנגעטרייצט ספּעציעל צו דעם דרעסירטע הינט. די הינט פלעגן אַרויסרייסן שטיקער פלייש פון לעבעדיקן קערפּער. עס זיינען אָנגעווענדעט געוואָרן אויך פאַרשיידענע אַנדערע פּייניקונגען. יעדער פון די אויסוווּרפן האָט געהאַט זיין אייגענעם סאַדיסטישן סיסטעם. איך פערזענלעך האָב באַקומען א שמיס מיט א שווערן שטיוול אין בויך און אין די נירן.

אַפּן אַפּעל־פּלאַץ קומט פאַר א סעלעקציע. איינציקע עלטערע פרויען איז געלונגען צו אַנטלויפן און זיי האָבן זיך אַפּן אַפּעל־פּלאַץ נישט געשטעלט. נאָך דעם פאַרענדיקן די סעלעקציע זיינען אַלע צוריקגעגאַנגען צו דער אַרבעט און די וועלכע עס איז געלונגען אויסצומיידן די סעלעקציע זיינען אויך אַרויס פון זייערע באַהעלטענישן און אויך זיי זיינען צוריקגעקומען צו דער אַרבעט. אין א שעה אַרום זיינען אין וואַשראַוּם אַריינגעקומען יאָהאַן און ווילי מיט א הונט. יאָהאַן האָט גענומען אַרומקוקן אַלע פרויען און אַרויס־געקליבן אַלע די, וועלכע האָבן צוליב זייער שלעכטן אויסזען, אָדער צוליב

זייער שלעכטער מורא געהאַט פאַר דער סעלעקציע און זיך אויסבאַהאַלטן. איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן, ווי איינע פון זיי האָט געבעטן רחמים און אַזוי פאַרבראָכן די הענט, אַז עס האָבן בײַ איר געקנאַקט די גלידער פון די פינגער.

געטס קעכין האָט אים אָפּגעקאָכט אַ צו פעטן קרויט. אַזוי ווי געט האָט געפרעסן זייער אַ סך און איז געווען זייער דיק, און דאָס פּנים איז בײַ אים געווען פול מיט פּרישטשעס, האָט ער געהאַלטן דיעטע. פאַר דעם דאָזיקן צו פעטן קרויט האָט די קעכין מיט נאָך עטלעכע צענדליק פרויען פונעם פאַר־סאָנאַל באַקומען צו 50 שמיץ אויפן נאַקעטן...

אין דער קיך איז אַרײַנגעקומען געט מיט זיין געליבטע, וואָס איז געווען אָפּגעפאַרבט אויף גאָלד און רויז, אָנגעטאָן אין אַ פּרעכטיקן זומער־קלייד. געט האָט באַפוילן מען זאָל דערלאַנגען רויע קאַרטאָפל. ער האָט געוואָלט פעסטשטעלן די נאָרמע פון שיילן קאַרטאָפל. מען האָט דערלאַנגט אויף אַ טעלער אַ פּאָר קאַרטאָפל. געטס געליבטע האָט גענומען אַ שאַרף מעסער, וועלכעס עס האָט איר אונטערגעטראָגן דער „קאַפּאָ" און זי האָט זייער שנעל אָפּגעשיילט עטלעכע פון זיי. געט האָט הערויף געקוקט מיטן זייגערל אין די הענט. נאָכדעם האָט מען די קאַרטאָפל אָפּגעוווויגן, אויסגערעכנט וויפל קי־לאָגראַם מען קען אָפּשיילן במשך פון אַ שעה און אַזוי אַרום פעסטגעשטעלט די נאָרמע אויף 12 שעה, ניט גענומען אין אַכט דעם אָפּרו, די וואָס אַמאָל גרעסערע אָפּגעמאַטערטקייט בײַ דער אַרבעט און די אָפּגעשוואַכטקייט און דעם פּרט, וואָס די פרויען האָבן אין דער זעלבער צייט אַליין געדאַרפט ברענגען וואַסער און אויך די קאַרטאָפל פון אַ גרויסן מהלך ווייט און די שווין אָפּגעשיילטע און אָפּגעוואַשענע קאַרטאָפל געדאַרפט אָנוועקטראָגן אין קיך אַרײַן.

איינמאָל האָט געט אָנגעקלונגען צו זיין ווירטשאַפטערין מיט עפּעס אַן אויפטראַג. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אויספּרעסן אים אַן אָנצוג. די ווירטשאַפטערין האָט פון גרויס איילעניש, וועלנדיק וואָס שנעלער אויספילן דעם באַפעל, אַוועקגעלייגט דאָס טעלעפאָן־רערל. געט האָט, אָבער, זעט אויס נאָך נישט געהאַט געענדיקט זיין באַפעל און אַן אויפגערעגטער, וואָס עמיצער האָט זיך דערלויבט אַוועקצולייגן דאָס רערל נאָך איידער ער האָט פאַרענדיקט דאָס ריידן, אַרויסגעגעבן אַ באַפעל — זי, די ווירטשאַפטערין, צו דערשיסן. זי איז געגאַנגען צום טויט, ווו מען האָט זי געזאָלט דערשיסן, קאָנוואָירט דורך אוקראַינער, וועלכע האָבן געדאַרפט אויספירן דעם באַפעל. צו איר גליק האָט זי אויפן וועג באַגעגנט געטס געליבטע, וועלכע האָט זיך פאַר איר איינגע־שטעלט און זי אָפּגעראַטעוועט פון טויט.

נומער 65.

אַרטור פּיילגווט

# אַן עפּיזאָד

אין יום־כּיפּור, 1942, האָט מען מיר באַפוילן אויסצוסאָרטירן די זייגערלעך, גאָלד־פינגערלעך און געלט, וועלכע האָבן געשטאַמט פונעם טראַנספּאָרט פון די דעפּאָרטירטע יידן. אין משך פון איין טאָג, פון 8 אינדערפרי ביז 8 אָפּדערנאַכט האָב איך אויסגעציילט 250 טויזנט גאָלדענע מטבעות, אויסגעסאָרטירט צוויי קילאָגראַם גאָלד און 1400 זייגערלעך. דאָס אַלץ האָבן צוגענומען די דייטשן.

מיר האָבן געאַרבעט באַם ניוועלירן דעם באָדן. יאַהאַן האָט באַפוילן סטראַיעווסקין, וועלכער איז גראַד אין העם מאָמענט אַדורכגעגאַנגען, אַז ער זאָל דערשיסן עמיצן פון די אַרבעטנדיקע. „וויר מיסן איינעם אומלעגן". סטראַיעווסקי האָט דערשאָסן אַ געוויסן זילבינגער פון קראָקע. דריי מאָל נעשאָסן אים און יענער האָט נאָך געלעבט. דער גוסס האָט זיך אונטערגעהויבן, נישט געקאָנט שוין ריידן, אויפגעהויבן נאָר די האַנט מיט אַ דראָונגסבאַוועגונג. סטראַיעווסקי האָט אויסגעשאָסן דאָס פערטע און פינפטע מאָל און דערהרגעט דעם קרבן. יאַהאַן האָט באַפוילן אוועקצונעמען דעם טויטן און דערביי דערקלערט: „מיין פרוי איז אַ שטאַרק נערוועזע, זי פאַרטראָגט נים קיין בלוט און דערזעענדיק אַ בר־מינן קען זי נאָך קריגן אַ נערוון־אַטאַק".

נומער 213.

פעליציאַ באַנעט

# אַרויספּאַר

אַן אומפאַרגעסלעכע נאַכט אין „פּאָלענלאַגער" (לאַגער פאַר פּאָליאַקן). עס שטיקט די לופט. שרעק, מורא, ענגשאַפט, געשרייען. אַלע מאָל פאַלט אַריין עפּעס אַן ס"ס־מאַן זען, צי עס איז אַלץ אין אָרדענונג. אַ סך פרויען האָבן פון דערשרעק, פון דענערווירונג זיך... באַמאַכט. מען האָט אונדז נים אַרויסגעלאָזט אין דרויסן. עס זיינען געשטאַנען אַ פּאָר עמערס און פון אַלע האָט זיך אַריבערגעגאָסן די אומריינניקייט. די ס"ס־לייט זיינען אַלעמאָל אַריינגעפאַלן און איינער, אַן אָנגעפּרעסערענער, עלטערער, האָט געשריען: „איר זאַוּע!" די פרויען האָבן זיך אַלע מאָל געזאַמלט באַ דער טיר, געוואַרט אַף

הילף פון דרויסן. ווען עס איז אַריינגעקומען אַז ס"ס־מאַן, זיינען זיך אַלע צעלאָפן אין די ווינקעלעך. אויסגעמאַטערטע און צעבראָכענע האָבן מיר זיך צוגעלייגט אַף אַ רגע אַף די ברעטער און איינגעשלאָפן. עס איז געווען אַ שלאָף פול מיט קאָשמאַרן. פאַרטאָג האָט מען אונדז אַרויסגעיאָגט אַפן פּלאַץ פאַר דעם „פּאַלעגלאַגער". מען האָט אונדז אויסגעשטעלט אין צוויי גרופּעס און ס'האָט זיך אָנגעהייבן אַן איבערלויפעניש פון איין גרופּע אין דער צווייטער. יעדע האָט געמיינט, אַז די צווייטע גרופּע איז אַ בעסערע. מיר זיינען געשטאַנען געננוג לאַנג און מיר האָבן געזען, ווי אין דעם איינגעטלעכן לאַגער האָבן פרויען און קינדער זיך געטשעפּעט אין די דראָטן און מיר האָבן געהערט אויסגעשרייען: „מאַמע, מאַמעשי"! אין אַ געוויסן מאָמענט איז אַריינגעפאַלן געט באַוואָפנט פון קאָפּ ביז די פיס און עס האָט אים אַסיסטירט זיין גאַנצע פּסאַרניע, אויך אַ באַוואָפנטע. ער האָט אַ שמייכל געטאָן און אָנגעהייבן אַ רעדע. כ'ציטיר ווערטלעך: „רויק, איר ווייבער, היער אָהנע נערוועזעיטעט אונד היסטעריע. עס געשעט אויך ניכטס, איר פעהרט צו אַרבייט נאָך סקאַרזשיסקאָ. דאָרט ווערדעט איר פלייסיק אַרבייטען, גענאַו ווי היער, איר ווערדעט פיר אונדז מוניציאָן מאַכען, דאַמיט וויר וואָמיט צו שיסן האַבען. אויערע זאַכען ווערדען אויך נאַכגעשיקט. אין די וואַגאָנס בעקאָמט איר בראָט דאַמיט איר ניכט הונגריג זייט. עס איסט פיר אַללעם געזאָרגט"...

מען האָט אונדז אַראָפּגעפירט אונטן, דאָרט ווו מען גייט אַף עקזעקוציע, אַף טויט. נישט קוקנדיק אַף געטס רעדע, זיינען מיר געווען איבערצייגט, אַז מיר גייען אַף טויט. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז מיר גייען ווירקלעך צום וואָקזאַל, צו די וואַגאָנעס. פון די רייען האָט געט אַרויסגעשלעפּט די קינדער, וועלכע האָבן געאַרבעט אין „געמיינשאַפט". עס האָבן זיך אָפּגעשפּילט האַרצרייסנדיקע סצענעס צווישן מאַמעס און קינדער, וועלכע מען האָט צעריסן.

אַזוי ווי מען האָט אונדז אַריינגעזעצט אין די וואַגאָנעס צו 70 און ניט צו 200 אין אַ וואַגאָן, האָבן מיר אָפּגעאָטעמט פרייער, איבערצייגטע, אַז מיר גייען ווירקלעך אַף אַרבעט און נישט אַף טויט. אַף די סטאַנציעס האָבן די קאָנוואָיאירנדיקע זעלנער געשאָסן אין די וואַגאָנעס, געשמועסט צווישן זיך הויך, אַז מיר זאָלן הערן, אַז מען שיקט אונדז אַף טויט. אַף דער סטאַנציע באַטאָוויצע, איז דער צוג געבליבן שטיין. מען האָט געהערט דאָס אופרוקן פון די וואַגאָן־טירן, און שיסן. די שאָסן זיינען געווען פונעם פלי־פּלאַץ אין באַטאָוויצע. אונדז האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז מען שיסט דאָ, בא די וואַגאָנעס. עס האָבן זיך געהערט שטימען: „קאָנסט דו דען ניכט שיסן"?. מיר

האָבן געמיינט, אַז דאָס זיינען אונדזערע לעצטע מינוטן. דאָס ברויט האָט ניט דערגרייכט אין די וואַגאָנעס. עס האָט אונדז דערקוויקט די קעלט. אַ סך פרויען זיינען געווען אַן מאַנטלען.

נומער 219.

האַלינאַ נעלקען

---

# אויפזעערקעס

די גרעסטע פּלאָג פאַר די לאַגער־פרויען זיינען געווען די „אויפזעערקעס". ס'האָט קיינער ניט געקענט אַזוי דערקוטשען, אַזוי וויטיקלעך דערנידעריקן און אַזוי פיל שאָדן ברענגען, ווי די דאָזיקע פּאַריסענע, שמאַלצע, נישט־צוטריטלעכע פרויען אין מונדירן. פאַרשטייט זיך, אַז שמאַלץ און נישט־צוטריטלעך זיינען זיי געווען נאָר בנוגע די לאַגער־פרויען.

צווישן זיך, אין דער געזעלשאַפט פון ס"ס־לייט, האָבן זיי זיך אויפגעפירט אַזש צופיל צוטריטלעך. אָבער זיי זיינען דאָך געווען פרויען, געקענט אַלע אונדזערע שוואַכע זייטן, געקאָנט טרעפן אין פינטל אריין פון אונדזערע שוואַכקייטן און זיך נישט געלאָזאַט אַזוי לייכט אָפּנאַרן, ווי די מענער, אָדער זיך לאָזן אונטערקויפן דורך אַ שמייכל, צי פון אַ שיין פנימל.

די ערשטע באַרירונג מיינע מיט אַן אויפזעערקע (און דאָס בוכשטעבלעך: באַרירונג מחמת... שלאָגן...) איז פאָרגעקומען אין פרילינג, 1944, אין גערעטעלאַגער, אין זאַבלאָטיע, בא קראָקע. די אויפזעערקע איז געקומען צו פאָרן פון פּלאַשאָוו אַף אַ קאָנטראָל. ס'איז געווען אַ פּאָר טעג נאָך דעם, וואָס מען האָט אונדז איבערגעטאָן אין געשטרייפּטע קליידער. מיר האָבן זיך באַמיט איבערצוארבעטן איבערצונייען די קליידער און פון די זאַק־מעסיקע מלבושים האָבן מיר געוואָלט אויסדרייען „ספּאָרט־קליידלעך"... עס האָט אונדז אַרומגעכאַפּט אַ מאַניע צו נייען אין אַפּדערנאַכט, נאָך אַ טאָג פון שווערער, פיזישער אַרבעט, מיטן שוויים פון אונדזער פנים האָבן מיר ביז האַלבער נאַכט געסטריגעוועט פאַרשיידענע זאַכן, ווייל אַפילו אין די לאַגער־פרויען, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין רעכט צום לעבן, האָט אָבער נאָך געלעבט דאָס איביק־ווייבלעכע. עס האָט זיך נאָך געוואָלט אויסזען, ווי אַ מענטש.

די אויפזעערקע איז געקומען צו פאָרן בעת דער אַרבעט. ווען מיר זיינען

געגאַנגען אַף פּרישטיק און מיר האָבן זיך אויסגעשטעלט הינטער דעם באַראַק, האָבן מיר דערהערט עפּעס אַ געקלאַפּ פון געוואָרפענע זאַכן און פּלוצים איז געפאַלן מיין נאָמען. איידער איך האָב נאָך באַוויזן אַריינצוגיין אין באַראַק — האָט זיך אַף מיר אַ שאָט געטאָן אַ האָגל מיט קלעפּ און זידלערייען. אונטעראָפיציר, מאַי, האָט זיך גאַליק צעשמייכלט און האָט צוגעהאַלטן אַן אומגעהויער גרויסן וואָלף־הונט, וואָס האָט זיך געריסן פון רימען. די אויפזעערקע האָט מיך געשלאָגן און דערביי געקווייטשטעט און מיר געפאָכעט פאַר די אויגן מיט די רעשטלעך פון מיין געוועזענער „עלע־גאַנץ": מיין נאַכט־העמד און שטיקלעך פון מיין איצטיקן דלות — שטיקער פון מיין געשטרייפטן קליידל. איך בין געווען אַזוי באַטויבט, אַז איך האָב אַפילו ניט באַמערקט ווי פון אונטער דעם קישן האָט אַרויסגעקוקט אַ שאַכ־טעלע מיט פּאַפּיראָסן.

— „אונערהערט"! — האָט געדונערט די אויפזעערקע — מען שלאָפט אונטער אַ קאָלדרע, אין וועש, אַף אַ ליילעך און מען רויכערט נאָך „וועהר־מאַכטגוט"! זי האָט אַרויסגעוואָרפן פון די פּרימשעס און פון די באַהעל־טענישן די רעשטלעך פון דער ציווילער גאַרדעראָבע, נאָך דעם אויסגעשטעלט די מיידלעך אין אַ ריי און קאָנטראָלירט צי האָבן זיי איבערגעאַרבעט זייערע „פּאַסיאַקעס" (געשטרייפטע קליידלעך) און אַזוי ווי יעדע פון אונדז האָט געהאַט עפּעס אַ פּאַרנייט פּעלדרעלע אָדער אַ „קלאַש", האָט זי קיינעם נישט געזשאַלעוועט קיין פּעטש. די זעלנער האָבן זיך צוגעקוקט דערצו מיט גע־לעכטער, כאָטש בּאַ איינציקע האָט מען געקאָנט אַרויספילן אַ ווידערווילן דערצו.

דאָס „שיינדליס" פון לאַגער איז געווען די „אבעראופזעערין" עלזע עריך. דאָס איז געווען אַ וווּנדערשיינע פרוי מיט אַ קאַלט, פאַרגליווערט פּנים און באמת קעניגלעכן אופן פון האַלטן דעם קאָפּ. זי איז געווען די געליבטע פון הויפּט־דאָקטער, „הויפּטשטורעם־פירער" בלאַנקע. דאָס דאָזיקע פּאָרל איז געווען באַקאַנט פון לובלין און מאַידאַנעק. זיי האָבן געהאַט אַ בכבודיקע פאַרגאַנגענהייט: בלאַנקע איז געווען דער שעף פון קרעמאַטאָריום, דער אויס־פירער פון סעלעקציעס, וועלכער האָט אין פּלאַשאָוו אדורכגעפירט דעם מאַי־פאַראַד. און די „אָבערקע" אין לובלין האָט זי מיט אַ שמייכל אַף די ליפּן גע־טוליעט צו זיך אונטער דער פּעלערינע קינדער און זיי געפירט אין הורט צום אויוון.

די וויכטיקסטע „אויפזעערקע" אין פּלאַשאָוו איז געווען די „באָכערטע" אָרלאָווסקאַ. אַן אומגעהויער־ציִיִואקסן ווייב־שטיק מיט אַ פאַרשיקערטן, מע־

נערישן קוק, מיט בלאָנדע, קורץ־געשאָרענע האָר און אונטערגעמאָלענע אויגן. אַן איבעריקן פּאַפּיראָס אין מויל און אַ קליינעם, געפלאָכטענעם אויסלאַפּער אונטער דעם אָרעם. זי האָט שטענדיק אַמטירט אויף דער הויפּטשטראָסע פון לאַגער, הינטער דער וועשעריי, וווּ זי איז געווען דער שעף, וווּ זי האָט געשריען, געשלאָגן, קאָנטראָלירט, אָדער געטרונקען בראָנפן. באַוואָרנט האָט זי געהאַט געקינצלטע, אַפעקטירטע, מענערישע. די אויסשפּראַך אירע האָט עדות געזאָגט וועגן אַ געוויסער אינטעליגענץ און בילדונג. די „באָכערטע" האָט געקענט שלאָגן אויף אַ ראַפינירטן אופן. אָפט אָפּעל האָט זי געשלאָגן די פרויען, וועלכע זיינען איר געקומען פאַר די אויגן, מיטן שפּיץ־רוט, ביז יענע האָט פאַרלאָרן דעם באַוווסטזיין. געשלעפּט בײַ די האָר, ווען יענע זיינען געפאַלן, און געהאַלטן אין איבערחזרן: „וויר ווערדען זען, ווער עהער מידע ווערד, איך אָדער דו". צו די פּאָפּולערסטע האָבן געהערט דריי האָלענדישע פרויען. די גראַציעזע, בלוי־אויגיקע ווילי מיט האָר, ווי אַ ציינערטע, וועלכע האָט אימלעכן אויסגעהערט זייער אויפמערקזאַם און כאָטש זי האָט קיינעם ניט געהאָלפן, האָט זי אָבער אויך קיינעם ניט געבראַכט קיין שאָדן. „דאַס שטיק" — אַ דיקע, גוטמוטיקע, אַ געוועזענע קעלנערקע און די שטענדיק פאַרליבטע — פּעטער.

עס איז אויך געווען די קאַריקאַטוראַלע עהלערט, וועלכע האָט אָנגעפירט די קיך־אָפּטייל, וווּ מען האָט געריניקט די פּראָדוקטן. זי האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ גרויסער קו. שלאָגן האָט זי געקענט ניט ערגער פון אַלע. דאַנס — אַ הויכע, אַ מאָגערע ווי אַ שטעקן, מיט אַ פּנים פון אַ פאַרטעקשנטן יינגל איז זי געווען אַ ספּעציאַליסטקע פון אויסהאַקן די ציין מיט איר פויסט און גליקבאַצייטיק דערלאַנגען אַ שטורך (אַ זעץ) מיט דער קני אין בויך. אין פּלאַשאָוו, אַלס געליבטע פון „שוצהאַפטלאַגערפירער" גרים, באַפרייט פון אַלע דאגות, האָט זי זיך פאַרהאַלטן פאַרהעלטניסמעסיק רויק און נאָר פון צייט צו צייט אַ ביסל געשלאָגן.

האַרבסט 1944 האָט מען זי איבערגעפירט קיין אָשוויענטשים, ווי אַן איינפאַכע פּאַנסע, און ווען זי איז אין פעברואַר 1945 פּלוצים געוואָרן „אָבער־אויפזעערין" פון קאָנצענטראַציע־לאַגער אין מאַהלהאַוף, טעקלענבורג, האָט די מאַכט איר אַ שלאָג געטאָן אין קאָפּ אַריין און געמאַכט פון איר אַ וואַמפּירעסע. זי האָט זיך אָנגעטאָן אין מענער־הויזן, אַ טענער־הוט. אַ שטיפע, אַ שטאָלצע, ווי אַ פּאַווע צווישן פינף טויזנט אויסגעהונגערטע, אָפּגעריסן־און אָפּגעשליסענע פרויען, ווי די שאָטנס, וועלכע זיינען שוין ניט פעיק געווען אפילו צו סמנים פון פאַרצווייפלונג, צו האָפענונגסלאָזן בונט...

איך האָב נאָך ביז איצט איר שאַרפע, אומאַנגענעמע שטים בעתן אַפּעל

אפן פלאץ, צו וועלכן מיר האָבן זיך יעדן טאָג געשלעפּט. צוליב דעם וואָס עס זיינען אמאָל אנטלאָפן צוויי רוסישע פרויען, האָט דער אפּעל אין אַ געוויסן טאָג געדויערט זעקס שעה און מ'האָט אונדז נישט ארויסגעגעבן קיין ברויט. דאָס איז געווען די שרעקלעכסטע שטראָף, ווייל דאָס אכטל פארשי־מלטע, פאַרדאַרטע ברויט צוזאמען מיט אַ האַלבן ליטער ניט־געזאַלצן, שמוציק וואַסער, וואָס האָט זיך גערופן „זופּ" — איז געווען פאַר אונדז אַלץ, וואָס מיר האָבן באַקומען צום עסן. איך זע נאָך ביז איצט די גרוי־גרינע, אָדער פאַרבלויטע פּנימער פון מיינע מיטליידנדיקע. די טיף־איינגעפאַלע־נע אויגן און די שרעקלעך־דינע פיס וואָס האָבן קוים אונטערגעהאַלטן די שווערקייט פונעם אויסגעדאַרטן קערפּער. פארשטייט זיך, אַז בעת אַזאַ מין אַפּעל איז אַ העלפט געבליבן אין חלשות פון הונגער און אויסשעפּונג.

דעם 20־סטן אַפּריל האָט מען אונדז אַרויסגעשיקט מיט אַ טראַנספּאָרט קיין לייפּציג. די רייזע האָט געדויערט צוויי טעג. אָבער נאָך אַ טאָג פריער און אויך בשעת דער רייזע האָבן מיר גאָרנישט באַקומען צום עסן. פאַרן אַרויספאָרן האָט די דאַנס דורכגעפירט אַ גענויע רעוויזיע און צוגענו־מען אַלע „איבעריקע" זאַכן. אויב עמיצער האָט פאַרמאָגט גומע שיך, האָט זי באַקומען „סאַנדאַלן" — הילצערנע פאַרעשוועס מיט שטריקלעך צום פאַרבינדן. לויטן באַפעל האָט מען באַדאַרפט איבערלאָזן די קאָלדרעס, די טעפּלעך אד"גל. און ווען די דאַנס האָט געפונען בא איינער אַ דעק, מיט וועלכער יענע האָט זיך אַרומגעוויקלט אפן נאַקעטן לייב, אונטערן קליידל, האָט זי געכאַפּט אַ פלאַש און אַזוי לאַנג געשלאָגן די שולדיקע אין קאָפּ אַריין, ביז יענע איז אָפּגעגאַנגען מיט בלוט און די פלאַש איז צעשפּליטערט געוואָרן.

די אויפזעערקעס זיינען געווען מער אָדער ווייניקער שלעכט. אַמאָל, כאָטש זייער זעלטן, האָט זיך אין זיי דאָך דערוועקט אויך אַ מענטשלעך גע־פיל. אַזוי, למשל, האָט די אויפזעערקע „סטוקאַ" בעת דער אויגוסט־דעפּאָרטאַציע, אַרויסגענומען מיין מאַמען פונעם וואַגאָן און זי צוריקגע־בראַכט אפן אַפּעל־פּלאַץ. זיי פּלעגן זיך אַמאָל פון זעלנערקעס און תליונ'טעס פאַרוואַנדלען צוריק אין פרויען מיט די געוויינטלעכע זאָרגן, פריידן און קליינקייטן. ס'איז איבעריק צוצוגעבן, אַז זיי זיינען געווען איבערזיכטיק צו יעדער שיינעם מיידל. זיי האָבן אויך געהאַט זייערע יסורים. אָבער אין באַצוג צו די פרויען פון לאַגער האָבן זיי אַלע, אָן שום אונטערשייד פון איבערצייגונג, געהאַט איין איינשטעל. אַ דאַנק דער געשיקטקייט זייערע, געפירט פונעם ווייבערישן אינסטינקט, האָבן זיי זיך נישט געלאָזט אָפּנאַרן, געקענט טרעפן וויטיקלעך אין ציל, געוווסט ווי אַזוי צו דערנידעריקן און מאָראַליש צעברעכן אַ מענטשן.

הענריק בראָוסמאַן.

# עפּיזאָדן

דער שטורמאַן ווילי איז געווען איינער פון די ערגסטע תליונים אין פלאַשאָווער לאַגער. מיר האָבן נישט געוווסט ווי ער הייסט אַף זיין פאַמיליע־נאָמען. מיר האָבן אים גערופן „דאָס איינגל”, ווייל ער האָט געהאַט איין אויג אַ גלעזערנס. מ'האָט געזאָגט, אַז ער האָט דאָס אויג פאַרלוירן בעתן קאַמף אין וואַרשעווער געטאָ. ער האָט דערפאַר נקמה גענומען אַף אַ שווי־דערלעכן אופן, געשלאָגן מיטן שפיצרוט אין די אויגן און בלינד־געמאַכט אַזוי־אַרום צענדליקער מענטשן. אַ חוץ דעם האָט ער געהאַט עפּעס אַ מאָדנע ווידערגעפיל צו בלאָנדע פרויען. יעדע העלע פרוי, וואָס ער האָט אָנגעטראָפן אַפן וועג, פלעג ער אומרחמנותדיק שלאָגן און קאָפּען מיט די פיס.

אַ גרופּע יונגע מיידלעך און יינגלעך האָבן געאַרבעט אַפן האָלץ־פּלאַץ בא ברעטער. אַלס „קאַפּאַ” איבער די פרויען איז געווען אַ יונג, שיין מיידל, ניושאַ רייך. שטורמאַן גראָס האָט זיך פאַרליבט אין דעם מיידל און דעריבער האָט די גאַנצע גרופּע געהאַט געוויסע פאַרלייכטערונגען. יעדנפאַלס, איז איז שוין די אַרבעט דאָ ניט געווען אַזוי מערדערלעך־שווער, ווי אַף אַנדערע פּלעצער. דאָס מיידל איז געגאַנגען רוימען אין די וווינונגען פון די ס"ס־ליים. צו יענער צייט איז געט נישט געווען אין לאַגער, אָבער איין מאָל איז ער אומדערוואַרט צוריקגעקומען און געטראָפן ניושען אין זיין שטוב, אין דער ווילע. פון אָנהויב האָט ער זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז דאָס איז אַ יידיש מיידל. ער האָט זיך מיט איר באַגריסט, מיינענדיק, אַז דאָס איז די טאָכטער פון אָבערשאַרפירער שטריביץ. ער האָט איר דערלאַנגט די האַנט, נעפרעגט וואָס זי מאַכט, און ערשט דאַן ווען זי האָט אים געזאָגט, אַז זי האָט דאָ גערוימט, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַ יידיש מיידל. אין דער זעלבער נאַכט האָט שטורמאַן גראָס באַקומען אַ באַפעל צו דערשיסן ניושען. ער האָט אַ גאַנצע וואָך אָפּגעלייגט די עקזעקוציע. ער האָט געוואָלט געבן דעם מיידל אַ מעגלעכקייט צו אַנטלויפן, און כאָטש מען האָט נישט געטאָרט אַרויסגעבן קיין שום אַרויסגאַנג־שיינען פון לאַגער, האָט ער ניושען אַרויסגעשיקט מיט אַן אוקראַינישן וואַכמאַן אין שטאָט אַריין, כלומרשט צו פאַרגיפּסעווען אַ געבראָכענע האַנט. דאָס מיידל האָט אָבער געהאַט אין לאַגער אַ קליין ברידערל און... זי איז צוריקגעקומען אין לאַגער אַריין.

ענדלעך איז געקומען נאָך איר סטראַיעווסקי, אויסגעשאָסן אויך איר פון הינטן און ווי אוועקגעלייגט א טויטע.

אינזשעניער גרינבערג, דער לייטער פון „בוי־לייטונג", איז נישט אומ־געקומען, וואָס אַן אמת, דורך די הענט פון פלאַשאָוועד געסטאַפּאָ־לייט. אָבער דאָס איז געווען אַ מענטש, וואָס איז מער און עפּעס פון אימלעכן געמיימעסט געוואָרן. אַלס לייטער איז ער געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר בוי־אונטערנעמונגען און פאַר אַלע ווירקלעכע און אויסגעטראַכטע פעלערן פונעם בוי. באַם ארומדראַטעווען דעם לאַגער פאַר די פּאַליאַקן, האָט מען אַנגעווענדעט אַ ספּעציעלן סיסטעם, וואָס האָט געזאָלט אומעגלעך־מאַכן דאָס אַנטלויפן פונעם לאַגער דורך די דראָטן. ווען מ'האָט פאַרענדיקט דאָס דראָטעווען איז געקומען אַן אינספּעקציע. בשעת דער אינספּעקציע האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס בינדן די דראָטן איז נישט גענוג פעסט כדי צו פאַרהי־טן פון אַנטלויפן. דאַן האָט דער שטורמאַן ווילי אפּן באַפעל פון געט'ן, אַזוי צעמיימיסט דעם אינזשעניער גרינבערג, אַז יענער וואַלגערנדיק זיך אויף דער ערד אין אַ טייך בלוט, האָט געבעטן מ'זאָל אים דערשיסן.

ווען מען האָט געבויט דעם „קראַנקן־רעוויר" האָט פּאַסירט, אַז אין דער בירורגישער אָפּטיילונג האָט איינער פון די אַרבעטנדיקע אין אַ ווינקל דער־לידיקט זיינע אַ פיזיאָלאָגישע באַדערפעניש. עס האָט אים דערבייַ נעטראָפן ווילי. אונטער דער הראָונג פון רעוואָלווער און שפּיצרוט האָט ער געצוווּנ־גען דעם שולדיקטן אויפצועסן די עקסקרעמענטן, דערנאָכדעם האָט ער אים צעשלאָגן ביז בלוט און סוף־כל־סוף, אַ צעמיימיסטן ביז חלשות, — דערשאָסן.

גומער 263.

# ביַאָשאַנאָוו

מאָטעַ האַלעַנדער

## פרויען

די לאַגע פון די פרויען אין דאָזיקן לאַגער איז געווען אַ ספּעציעל־שווערע און טראַגישע. באַ די קראָקעווער ס"ס־לייט האָט געהערשט די אײַ־ביטרציוגונג, אַז נאָר מענער־יידן קענען דינען אַלס אַרבעטער־עלעמענט אין די לאַגערן. דעריבער האָט מען באַ דער ליקווידאַציע פון די זאַמל־ערטער

אין קראַקעווען דיסטריקט אַלע פּרויען, ניט געקוקט אף זייער עלטער, געזונט־צושטאַנד, פאַך־קוואַליפיקאַציעס—באַשטימט אף אזוינגערופענע „שמעלץ", ד"ה אף טויט; דאקעגן זיינען א געווויסע טייל פון די יונגע, געזונטע מענער געגאַנגען אין די ארבעטס־לאַגערן קיין פּראָקאָצים און ביעזשאַנאָוו. פונדעסטוועגן האָבן זיך אין די דאָזיקע לאַגערן אויך געפונען א געוויסע צאָל פּרויען, וואָס זיינען על פּי נס, דורך פּראָטעקציע אָדער אנדערע אויסערגעוויינטלעכע סיבות, געראַטעוועט געוואָרן. אינעם לעצטן עטאַפּ פון די לאַגערן, עתב זייער ליקווידאַציע, זיינען דאָרט געווען 300 פּרויען, אין עלטער פון 14 ביז 40 יאָר. פאַר יעדערער פון זיי האָט מען געבעטן רחמים באַם קאָמענדאַנט פון די לאַגערן, דעם בלוטדורשטיקן „אָבערשאַרפירער" מילער. עטלעכע פּרויען וואָס האָבן געהאַט די דרייסטקייט אליין צו קומען אין „יולאַג" (יודענלאַגער) האָט מען דערשאָסן.

אין לאַגער האָט מען אריינגענומען פּרויען נאָר ביזן עלטער פון 25 יאָר. עטוואָס עלטערע האָט מען ארויסגעזוכט און קאַלטבלוטיק דערשאָסן. מען האָט שווער געאַרבעט אין קיך באַם שיילן קאַרטאָפל, אין דער וועשעריי, באַ די בוי־אַרבעטן און אין די ניי־וואַרשטאַטן. זיי זיינען געווען דער שטענדיקער אָביעקט צום פייניקן, צום מאַטערן פאַר דעם תמיד־דענערווירטן מילער. ער האָט געהאַט א ספּעציעלע הנאה צו באַזוכן די פּרויען באַנאַכט, אָדער פאַרן שלאָפן־גיין. ער פלעגט זיך צוקוקן צו זייערע נאַקעטע קערפּערס, ביינגעווען ווען זיי פלעגן זיך וואַשן. ווען זיי זיינען געשלאָפן פלעג ער זיי אויפוועקן, זיך דערביי וויצלען, זאָגן קאָמפּלימענטן, געגעבן האָפענונגען איבערצולעבן די מלחמה. צו די דאָזיקע פאַרוויילונגען פלעגט ער אָפט פאַרבעטן זיינע קאָלעגן, ס"ס־מענער. איין מאָל איז ער אריינגעפאַלן אין באַראַק אריין, אַרויסגעשלעפּט א יונג, געזונט און שיין מיידל, כדי זי בא די דראָטן צו דערשיסן.

נומער 214.

מנשה האַלענדער

## די תליה. איוואַן

אין אָוונט האָט געזאָלט פאַרקומען די עקזעקוציע, — הענגען. ס'האָבן געזאָלט אופגעהאַנגען ווערן צוויי פערזאָן פונעם לאַגער. איינער, וועלכן מען האָט געכאַפּט באַם אנטלויפן פון לאַגער, דעם צווייטן — זיינעם א חבר, דער־

פאר, וואס ר'האט אין א שמועס מיטן ערשטן וועגן אנטלויפן, ארויסנעזאגט זיין מיינונג, — אז די צייט פון אנטלויפן איז נאך נים געקומען.

דער קאמענדאנט פון לאגער „ראטענפירער" (קאפראל) רימשעק, א יונגערמאן פון א יאר 22, גייט ארום איבערן אפעל־פלאץ. מיטן שפיצרוט קלאפט ער אין די גלאנציקע כאליעוועס פון זיינע שטיוול און פייפט זיך צו מיט פארגעניגן. עס באגלייט אים זיין ארויסהעלפער, דער ס"ס־מאן טעלמאן, א לעט. זיי זוכן אן אנטשפרעכנדיק ארט ווו אוועקצושטעלן די תליה. די פארשטעלונג דארף געפראוועט ווערן מיט גרויס פאראד. דער קאמענדאנט האט פארבעטן פיל געסט צום ספעקטאקל. דאס ארט אינמיטן דעם אפעל־פלאץ איז אויסגעקליבן געווארן אלס דאס כאמע פאסיקסטע. די עלעקטרא־מאנטערן שטעלן איין גרויסע לאמפן וואס זאלן באלייכטן דאס ארט פון דער עקזעקוציע. דער אפעל־פלאץ ווערט אף דער גיך געבראכט אין ארדענונג.

די מענטשן פון לאגער זיינען דענערווירט און נידערגעשלאגן. ס'שרעקט אונדז דער בלויזער געדאנק וועגן באפארשטייענדיקער „פארשטעלונג". די תליה איז גרייט. דער קאמענדאנט פאכעט מיטן שפיצרוט, קאנטראלירט די תליה, שמייכלט איראניש צו אונדז. מען ברענגט די פארמשפטע. אף זייערע פנימער און קערפערס זיינען קענטיק די סמנים פון דער אויספארשונג. די שטילקייט ווערט איבערגעריסן פון קאמענדאנטס איראנישן געלעכטער: „גענאו ווי אים קינא". מיטן שפיצרוט שמייסט ער איבער די פנימער פון די פארמשפטע.

און סוף־כל־סוף ווענדעט ער זיך צו די פארבעטענע געסט: „אלזא, וויר בעגינען". א טויט־שטילקייט. עס האט אבער פאסירט עפעס אויסטערלישעס. ביידע קערפער זיינען מיטאמאל אראפגעפאלן אף דר'ערד. די פארמשפטע זיינען לעבעדיק און בעטן רחמים. דער קאמענדאנט האט זיך צעלאכט: „זיי ווילן, אז איך זאל רעזיגנירן פון אזא פרעכטיקער פארשטעלונג! איצט וועט עס שוין גיין ווי געשמירט." די פארמשפטע גייען איין ארויף אפן פאדיום. דאס מאל זיינען זיי געבליבן הענגען פעסט. דער קאמענדאנט רימשעק נעמט ארויס דעם רעוואלווער און גייט פארזיכטיק צו צו די אויפגעהאנגענע און שיסט אויס צו עטלעכע מאל אין יעדן פון זייערע אנגעבויגענע קעפ, כדי צו זיין פעסט איבערצייגט, אז זיי לעבן שוין נישט. א שוידער כאפט אונדז אלעמען ארום. די פארשטעלונג איז געענדיקט. עס פארמירן זיך די רייען פון די לאגער־מענטשן. באלד ווערן זיי פארשלונגען אין די באראקן. די לעצטע גייען אוועק דער קאמענדאנט מיט זיינע געסט, וואס ער האט פאר־בעטן אף א סעודה.

איינמאָל האָט דער לייטער פונעם „ווערקשוץ" געפונען אין ביעזשאַנאָוו אַ יידיש קינד. דאָס קינד האָט געזאָגט, אַז עס האָט אין ביעזשאַנאָוו אַ מור־מע. 12 אַזייגער באַנאַכט האָבן צען דייטשן און אוקראַינער אַדורכגעזוכט די פּרויעןבאַראַקן, אויסגעזוכט די מומע און זי געפרעגט צי זי האָט אַ קינד, וועלכעס זי האָט איינגעקוואַרטירט אין ביעזשאַנאָוו. זי האָט קאַטעגאָריש געלייקנט. דאַן האָט מען איר באַפוילן זיך אויסטאָן נאַקעט און מען האָט זי דערשאָסן.

דאָס „אַרויסענדיקן" אַ מענטשן אין שטיינברוך איז פאָרגעקומען אויף אַזאַ אופן: דער באַרימטער רוצח, „קאַפּאָ" איוואַן, האָט זיך אוועקגעשטעלט איבער דעם מענטש און אים באַפוילן אַריבערטראָגן אַ שטיין פון אַ 50-60 קילאָ פון איין אָרט אויפן צווייטן, באַ זיין לויף, באַ יעדער טראָט, האָט דער מענטש באַקומען אַ שטאַרקן שמיץ מיט אַ בייטש, וועלכע איז געווען פאַר־ענדיקט מיט שטאָל. אַרבעטן האָט מען געמוזט אָן אַ העמד און שפּעטער פון די קלעפּ, און נאָך דעם ווען מען האָט געמונטערט מיט וואַסער, האָט דאָס איבעריקע אַנטועכץ אויף דעם מענטשן געהאָנגען אין פּאַסמעס. אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז דער מענטש געווען פאַרשמאַרט אין שוין מער גישט רעאַגירט אויף די קלעפּ און ווייטיק. דאַן האָט מען אויף אים געגאָסן וואַסער, בכדי אים צו דערמינטערן. ווי נאָר ער איז אַביסל געקומען צו זיך, פלעגט איוואַן זיך אוועקשטעלן אויף זיין ברוסט אָדער אויפן קאָפּ. שפּעטער אים אויפגעהויבן, ווידער געצוווּנגען אַרבעטן און ווידער געשלאָגן מיט די רעמבענע העמבלעך פון די קיטאָפּן. דאָס דאָזיקע מיימיסן האָט געדויערט אַזוי לאַנג ביז דער מענטש איז געבליבן כמעט טויט. דאַן האָט מען אים מיט אַ קלאַפּ פון קיטאָף ווידער דערלאַנגט, און אויב דער מענטש איז נאָך דעם אַלעמען דאָך נישט אויסגעגאַנגען, האָט מען אים נישט געמאָרט נישט העלפן און נישט דערשלאָגן. צו די דאָזיקע באַרשטעלונגען האָבן זיך צוגעקוקט די אָפיצירן פון ס״ס, וועלכע האָבן די תּליינים צוגעגעבן חשק.

נומער 136.

# וויעליטשקא

רות קאַהן

## אַ פּראָטעסט פֿון אַ פֿאַרמשפּטן

ס'איז געווען אין אויגוסט 1944, ווען די דייטשן האָבן קאָנצענטרירט די מענטשן אין פאַרשיידענע קלענערע לאַגערן. איינער אַזאַ לאַגער איז געווען אין וויעליטשקא, ווו מיר האָבן געאַרבעט באַם גראָבן זאַלץ. אין טאָג ווען די דייטשן האָבן אונדז געוואָלט אַרויספירן ערגעץ ווייטער, טיפער קיין דייטש-לאַנד, האָבן זיך פיר יינגלעך אויסבאַהאַלטן אין די זאַלץ-גרובנס. זיי האָבן געוואָלט איבערוואַרטן ביז מען וועט אַרויספירן די איבעריקע און זיך דער-וואַרטן ביז צו דער באַפרייונג דורך דער רויטער אַרמיי. עס האָט זיי אָבער אַנטדעקט דער „אונטערשטורמפירער" ליפּאָלד. ער האָט זיי געהייסן שטיין 48 שעה אונטערן פרייען הימל אָן אַ טראָפּן וואַסער און אָן עסן. זיי האָבן זיך גוט געהאַלטן. מיר האָבן געמיינט, אַז דערמיט וועט זיך דאָס ענדיקן. נאָך דער אָפּגעקומענער שטראָף האָט מען זיי אַריבערגעפירט אין לאַגער קיין פּלאַשאָוו און דאָ האָט מען זיי נאָך אַמאָל אוועקגעשטעלט אויף 48 שעה אין אַ „שטיי-בונקער" און ערשט נאָך דעם איבערגעפירט אויפן עקזעקוציע-פּלאַץ. דאָס פּלאַץ איז געווען אַנטקעגן דער קיך. מען האָט צוגעגרייט אַ תליה פאַר זעקס פּערזאָן, ווייל צו די פיר האָט מען צוגעגעבן נאָך צוויי מענער. איינער פון די פאַרמשפּטע האָט זיך געווענדעט צו די דייטשן, וועלכע האָבן זיך דאָרט פאַרזאַמלט: „די גאַנצע וועלט ווייסט וועגן אייערע פאַרברעכנס. היינט הענגט איר אונדז, יונגע יינגלעך, דערפאַר ווייל מיר האָבן געוואָלט לעבן, ווי אַנדערע מענטשן לעבן. מיר האָבן אַ רעכט צו לעבן. מיר זיינען שוין אפשר די לעצטע קרבנות, אָבער אייך, דייטשן, וועט מען ערשט איצט אָנהייבן הענגען"...

דערויף האָט מען אים צעשלאָגן כמעט ביז טויט און נאָך דעם אויפגע-האַנגען מיט די איבעריקע און אַלע פונעם לאַגער, וועלכע האָבן זיך געפונען אויפן אַפּעל-פּלאַץ, האָבן געמוזט דורכמאַרשירן פאַרן אָרט פון דעם פאַרברעכן און מען האָט דערביי געמוזט קוקן אין דער זייט פון די אויפגעהאַנגענע. די ס"ס-לייט האָבן געשלאָגן די יעניקע, וועלכע האָבן אוועקגעקוקט אין אַ זייט.

נומער 279.

# יאַנאָווער לאַגער (לעמבערג)

ד״ר יוזעף געבעל

## אַ קיצור.

אין דאָזיקן באַצירק בין איך אָפּגעווען ביזן 7־טן אַפּריל 1943. כ׳בין אַדורכגעגאַנגען דעם גיהינום פון יאַנאָווער לאַגער, אין וועלכן כ׳בין געווען 10 וואָכן, פונעם 20־סטן יוני 1942 ביז מיין אַנטלויפן, דעם 30־סטן אויגוסט 1942. אין לאַגער אַריין האָט מען מיך געבראַכט צוזאַמען מיט נאָך 1.000 יידן פון פּשעמישל. ווען כ׳בין פונעם לאַגער אַנטלאָפן זיינען פון מיינע טויזנט אומגליקס־חברים געבליבן באַם לעבן אפשר 50. אָט זיינען מיינע איבערלעבונגען אין יאַנאָווער לאַגער:

איך בין אַרעסטירט געוואָרן אין דער נאַכט פון 18־טן יוני, דורך אַ געסטאַפּאָ־מאַן, וועלכן עס האָבן אַסיסטירט צוויי פון דער „אָרדענונג־דינסט" באַם „יודענראַט". מען האָט מיר געמאָלדן, אַז כ׳האָב פינף מינוט צייט זיך איינצופּאַקן. נאָך דעם האָט מען מיך אָפּגעפירט אין דער תפיסה אויף ראַקיטיאַנסקאַ. מען האָט מיך באַזעצט אין אַ קעמערל, וווּ כ׳האָב שוין געטראָפן נאָך אַ 100 פאַרהאַלטענע. אין תפיסה האָט מען אונדז געהאַלטן צוויי טעג. פאַר דער גאַנצער צייט האָבן מיר געהערט דאָס געוויין און די יאָמערן פון אונדזערע קרובים, וועלכע האָבן געוואַרט פאַר דער תפיסה. אינצווישן האָט די צאָל פון די פאַרהאַלטענע דערגרייכט ביז 1.000. שבת האָט מען אונדז אַרויסגעפירט אויפן הויף פון דער תפיסה און מען האָט אונדז איבערגעגעבן דעם פאַרטרעטער פונעם קאָמענדאַנט פון יאַנאָווער לאַגער, ראָקיטאַ. מ׳האָט אונדז איינגעוואַגאָנירט אין אַ צוג, צו 90 פּערזאָן אין אַ וואַגאָן. די רייזע האָבן מיר אַדורכגעמאַכט אין שוידערלעכע באַדינגונגען, צונויפגעוואָרפן אין אַ פולשטענדיק־פאַרמאַכטן און פאַרפלאָמבירטן וואַגאָן, האָבן מיר דעם גאַנצן וועג, וועלכער האָט געדויערט איבער צען שעה, געמוזט שטיין אָן באַוועגונג און, וואָס נאָך ערגער, אָן אַ טראָפּן וואַסער אין מויל בײַ אַן אומדערטרעגלעכער היץ. אין גרודעק האָבן גוטע מענטשן געפּרוּווט אונדז דערקוויקן מיט אַ ביסל וואַסער. דער פּרוּוו איז זיי ניט געלונגען. די קאָנוואָיענטן האָבן נישט דערלויבט צוצוטראָגן דאָס ביסל וואַסער. אין לאַגער האָט מען אונדז שוין דעם ערשטן טאָג פולשטענדיק באַרויבט. מ׳האָט דורכגעפירט אַ רעוויד

זיע און דערביי אונדז געוואָרנט, אז מיר מוזן, אונטער דראָונג פון טויט־שטראָף, אָפּגעבן אַלץ וואָס מיר האָבן בא זיך פון ווערט־זאַכן. אפן צווייטן טאָג האָט מען אונדז געפירט אין א באָד. דאָ האָט מען אונדז דאָס רעשט בארויבט. מ'האָט בא אונדז צוגענומען די וועש, די קליידער און געגעבן אַנצוטאָן שמאַטעס. דאָס באָדן האָט זיך פאַרצויגן א גאַנצן טאָג, פון 8 אין דער פרי ביז 6 אין אָוונט. און נאָך צוויי טעג פאַסטן, האָבן מיר ערשט נאָכן באָדן באַקומען צום עסן: א האַלבן ליטער קאַווע און 150 גראַם ברויט. נאָכן פאַרברענגען צוויי נעכט אונטערן פרייען הימל, — א נאַכט אין באַראַק אף די פּרימשעס, 25 סענטימעטער די ברייט. באנאַכט איז געווען געפערלעך ארויסצוגיין פון באַראַק, דערליידיקן די פיזיאָלאָגישע באַדערפענישן. די וועכטער האָבן געשאָסן אף יעדן איינעם, וואָס האָט זיך נאָר באַוויזן אפן הויף. עס איז נישט געבליבן קיין אַנדער אויסוועג, ווי צו דערליידיקן די באַדערפענישן אפן אָרט. עס האָט דעריבער אין באַראַק געהערשט א גע־שטאַנק און א דומפּיקייט נישט צום איבערטראָגן.

אין א וואָך אַרום האָט מען אונדז איינגעטיילט אין באַזונדערע בריגאַ־דעס, צו 90 פּערזאָן אין א בריגאַדע. יעדער בריגאַדע איז צוגעטיילט געוואָרן צו א באַזונדערער אַרבעט: אף דעם פלי־פּלאַץ, בא דער באַן־סטאַציע אד"גל. איינע פון די בריגאַדעס האָט געאַרבעט אפן יידישן בית־עולם, ווו מען האָט אַראָפּגענומען די מצבות און צעקלאַפּט די שטיינער אף שטיקלעך צום ברו־קירן די וועגן. עס ווערט געשאַפן די ערשטע קבורה־בריגאַדע. דער מאָרד־לאַגער, דער טויטן־לאַגער דערלויבט נישט דער ערשטער קבורה־ביגאַדע אף קיין איין אָטעם־צוג, אף קיין איין רגע אָפּרו...

איך בין צוגעטיילט געוואָרן צו דער בריגאַדע בא דער באַן־סטאַנציע. מיר פלעגן אַלע אויפשטיין לויטן סיגנאַל — 3 אזייגער פּאַרטאָג. נאָך דעם דער אַפּעל און אַרבעט בא דער באַן אין משך פון 11 שעה. נאָך דעם ווייַ־טערדיקע 2—3 שעה אַרבעט, איבערשטונדן, און מינדעסטנס צוויי שעה אין דער ריי בא דער קיך, בא די שטראָף־אַפּעלן אאז"וו.

די ליכטסטע שטראָף איז געווען שמייסן. מ'האָט באַשטראָפט מיט שמייסן דרייצן חברים פאַר נישט גוט־האַלטן זיך בשעתן מאַרשירן. די דע־ליקווענטן האָט מען אוועקגעלייגט אין דער ריי מיטן פּנים צו דער ערד און נאָך דעם די ליגנדיקע אפן בויך (מ'האָט זיי מיט געוואַלט איינגעהאַלטן אין דער דאָזיקער פּאָזיציע), גענומען שמייסן מיט נאַהאַיקעס אף די אַנטבלויזטע הינטנס. מען האָט געשמיסן שטאַרק, מיט אַלע כוחות, און פון צייט צו צייט באַגאָסן די קרבנות מיט וואַסער. די צעשפּילטע תלינים האָבן זיך געוויצלט

קוקנדיק אף די קערפּערס, וואָס האָבן זיך געקאָרטשעט אין ווייטיקן. אף דאָס אַלץ האָבן מיר אַלע געמוזט קוקן שטייענדיק אין אַ פּאָזיציע פון „אַכטונג".

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז פאָרגעקומען די ערשטע עקזעקוציע פון די קראַנקע, באַם אַפּעל. אַפן רוף פון ראָקיטאַן, אַז ווער ס'פילט זיך קראַנק זאָל זיך מעלדן, זיינען ארויסגעטראָטן פון די רייען אַ פּאָר פּערזאָן. מ'האָט זיי די זעלביקע נאַכט דערליידיקט. פון דעמאָלט אָן האָט זיך שוין קיינער נישט געמאָלדן אַלס קראַנקער. די רוצחים האָבן דאַן אַליין אָנגעהויבן אויסצוקלייבן, בעת די אַפּעלן, די אָפּגעשוואַכטע, אויסגעמאַטערטע, אַרויסרופנדיק זיי פון דער ריי, מיט די ווערטער: „קאָם קאָם יודע..." אויסגעקוואַליפיצירט, אף דעם אופן, אַלס קראַנקע, האָט מען זיי איבערגעגעבן דעם עקזעקוציע־פּלוטאָן און מען האָט זיי באַלד אויסגעשטראָכן פונעם פּראָוויאַנט־צעטל. אַזאַ מין אויסשטרייכן האָט געמיינט טויט, פאַרשאַרפטן הונגער. מיר האָבן געזען קראַנקע, וועלכע האָבן געוואַרט אף דער עקזעקוציע און דערווייל פון הונגער געריסן בלעטער פון די ביימער און געגעסן.

אין אַזעלכע באַדינגונגען איז אַוועק אַ טאָג נאָך אַ טאָג. די שווערסטע אַרבעט, דאָס ערגסטע עסן, אומויפהערלעכע פּיין און כסדרדיקע עקזעקוציעס. פון צייט צו צייט טויט־פאַלן פון צעשלאָגן און פון דערשעפונג באַ דער אַרבעט. עס ווערט פאַר אונדז קלאָר, אַז מיר זיינען אַלע פאַרורטיילט צום טויט, הונגעריקע, אָפּגעריסענע, אָנגעטאָן אין שמאַטעס, האָבן מיר שוין קיין שום איליוזיעס ניט מער. דערצו הייבט זיך נאָך אָן פאַרשפּרייטן אף אַ שרעקלעכן אופן די טיפוס־עפּידעמיע. די ערשטע קראַנקע, איין מאָל 75 פּערזאָן און דאָס צווייטע מאָל 25, האָט מען אָפּגעשיקט אין שפּיטאָל. דערנאָך האָט מען אַלע פאַרדעכטיקטע אין טיפוס, לויט אַ באַפעל פון ווילהאַוזען, אָפּגעשיקט גלייך צום עקזעקוציע־פּלוטאָן. אַ שיסעריי. אַפן אָרט ווו עס זיינען מיט אַ רגע פריער געזעסן די קראַנקע — אַ באַרג מיט טויטע, פאַרבלוטיקטע קערפּערס... די טיפוס־עפּידעמיע פאַרשפּרייט זיך אָבער ווייטער. מען פאַראָרדנט אַ דעזינפעקציע אין באַראַק. מיר טראָגן איבער דעם גאַנצן גיהינום פון אַ קאַראַנטין, גלייך מען וואָלט געקענט אף דעם אופן אָפּשטעלן די עפּידעמיע. מען האָט אָנגעווענדעט אַ מיטל, וואָס איז געווען גלייכצייטיק אי איינפאַך, אי טייוולאָניש. אָט האָט מען אונדז פון אָנהייב אויסגעטאָן מוטער נאַקעט, די שמאַטעס פון וועש און קליידונג האָט מען צוגענומען צום אַנטלויזן. צום סוף האָט מען אונדז נאָך אָפּגעגאָלט און איבערגעלאָזט נאַקעטע אף גאַנצע צוויי מעת־לעת אונטערן פרייען הימל. צוערשט האָט מען נאָך אויסגעקליבן פון צווישן אונדז די, אף וועלכע מ'האָט אָנגעזען אַז זיי זיינען דערשעפּט.

דידאַזיקע „אויסגעקליבענע" האָט מען איבערגעגעבן צום עקזעקוציע־פּלוטאָן.

דער רעשט וואָס איז פון אונדז נאָך פאַרבליבן איז געווען פאַרמשפּט אַף אַ גאַנצן טאָג זונען־בעדער, אָן אַ שטיקל שאָטן. עס זיינען דעמאָלט געווען אויסערגעוויינטלעך ־ הייסע טעג. אָבער אין די נעכט, אָפּגעקילטע און באַדעקט מיט בלאָטערן, האָבן מיר זיך געטוליעט איינער צום צווייטן און געציטערט פאַר קעלט. דאָס איז נישט אדורך אָן קרבנות. אין דער ערשטער נאַכט זיינען געשטאָרבן אַ פּאָר צענדליק. אין דער צווייטער נאַכט זיינען נעפאַלן אַ הונדערט קרבנות פון די „זון־בעדער". ערשט אפן דריטן טאָג האָבן זיך געענדיקט אונדזערע ליידן. מ'האָט אונדז דערלויבט צוריקצוגיין אין די באַראַקן און מיר האָבן ענדלעך געקענט האָבן אַ דאַך איבערן קאָפּ און דעם באַנגערטן שאָטן. ־מיר זיינען געווען געראַטעוועט. אָבער אויך איצט נישט אַלע. דורשטיק נאָך אַן אָפּקילונג אין שאָטן, האָבן מיר זיך געלאָזט אין געיעג צו די באַראַקן. איז צוליב דעם אנטשטאַנען אַ געדראַנג באַם אריינגאַנג, אַ צעמישעניש און אַ טומל. דאָס האָט געוויילט ווילדהאַוזען. ער איז געשטאַנען און רואיק זיך צוגעקוקט צום געיעג, געלאַכט און פּלוצים — אַ הילך פון שאָסן. עס האָט געשאָסן ווילדהאַוזען, וועלכער האָט שוין געהאַט פון דער פאַרוויילונג גענוג... באַם אריינגאַנג אין די באַראַקן זיינען געפאַלן זעקס טויטע. זיי זיינען געבליבן אויסגעשפּרייט קעגן דער זון.

מיר האָבן אָפּגענומען די שמאַטעס, דאָס וועש. מען האָט אונדז ניט צוריקגעגעבן די שיך און די היטלען. פון דעמאָלט אָן האָבן מיר מאַרשירט איבער דער שטאָט צו דער אַרבעט באָרוועס און מיט אַנטבלויזטע קעפּ. אַ בילד פון נויט און פאַרצווייפלונג!

נאָך דעם קאַראַנטין זיינען וואָס אמאָל עפטער פאָרגעקומען טויט־פאַלן באַ דער אַרבעט, מחמת דערשעפּונג. שוין אין ערשטן טאָג זיינען געשטאָרבן טופצן חברים פון אונדזער בריגאַדע. צוריקגייענדיק פון דער אַרבעט האָבן מיר מיטגענומען די טויטע חברים און זיי געטראָגן אַף טראָג־בעטלעך. דאָס האָט געמוזט זיין אַן אייסטערליש און שרעקלעך בילד, ווייל מער ווי ווען עס איז, האָבן אונדז דאָס מאָל די דורכגייער ספּעציעל מילד באַשאָנקען מיט פּאַפּיראָסן און ברויט. מיר האָבן אָבער, צום באַדויערן, זיך נישט געטאָרט צורירן צו גאָרניטשט, ווייל אויב עמעצער האָט זיך אָנגעבויגן עפּעס אויפצוהייבן, האָט אים באַלד געטראָפן אַ קויל פון אַ סטראַזשניק.

ס'איז אינטערעסאַנט, אַז דער בעסטיאַלישער ראַקיטאַ האָט נאָך געוואָלט שמ'ען אַלס אונדזער בעל־טובה און באַשיצער. וועגן דער היפּאָקריזיע און נידערטרעכטיקייט פון דאָזיקן פאַרברעכער, קען עדות־זאָגן דער

פּרט, וואָס ער איז פּערזענלעך אַרויסגעפּאָרן קיין פּשעמישל און באַוויזן דעם פּשעמישלער „יודענראַט״ דורכצופירן אַ זאַמלונג פון וועש פאַר אונ־דזערטוועגן. פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן פון דער געזאַמלטער וועש קיין מאָל פאַר די אויגן גאָר ניט אָנגעזען. אָבער פון פּשעמישל האָבן מיר באַ־קומען אַ ידיעה, אַז מ׳האָט דאָרטן באמת, אויף דער אינטערווענץ פון ראַסי־טאַ׳ן געזאַמלט און געשיקט פאַר אונדז וועש.

דעם 12־טן יולי, 1942, איז אַנטלאָפן פון לאַגער איינער פון די חברים, וועלכער איז געווען צוגעטיילט צו אונדזער בריגאַדע. מען האָט דאָס פעסט־געשטעלט באַם אַפּעל און פינף פון אונדזערע חברים האָבן באַצאָלט דערפאַר מיטן לעבן. ווילהאַוזען האָט זיי דערשאָסן פאַר אונדז אין די אויגן און דערביי געמאָלדן, אַז פאַר יעדן אַנטלאָפענעם וועלן אומקומען פינף פון דער אַנטשפּרעכנדער בריגאַדע. נאָך ווייניק. אפן צווייטן טאָג איז אויף וויל־האַוזענס באַפעל געבראַכט געוואָרן אין לאַגער אַריין די גאַנצע משפחה פונעם אַנטלאָפענעם, וועלכע איז באַשטאַנען פון ניין פּערזאָן. זיי זיינען אפן צווייטן טאָג אומגעקומען פון ראַקיטאַס הענט. ער האָט צוערשט דער־שאָסן די קינדער פאַר די אויגן פון די פאַרצווייפלטע עלטערן. בעת דער עקזעקוציע האָט מען נאָך געהאַלטן אין איין חוזק׳ן און שפּעטן פון די קרבנות.

מיט יעדן טאָג האָבן מיר אַלץ מער אָנגעהויבן פילן דעם הונגער. ברויט איז באַ אונדז געוואָרן אַן אוצר ניט אָפּצושאַצן. מיר האָבן געגעסן אָפּפאַל, וווּ מען האָט נאָר געפונען, שאָלעכץ פון קאַרטאָפל, די קאַטשאַנעס פונעם קרויט אד״גל.

פון אָפּגעשוואַכטקייט זיינען מיר געפאַלן פון די פיס. אין ראַקיטאַס קעגנוואַרט האָט מען זיך אָבער געדאַרפט האַלטן שטאַרק. פאַר זיינע אויגן האָט מען געמוזט אויסזען פעיק צו דער אַרבעט. דער גורל פון אָפּגעשוואַכ־טע און דערשעפּטע איז דאָך שוין געווען אַ גע׳חתמ׳עטער. ראַקיטאַ האָט נאָכגעשנאָפּט אַזעלכע אומגליקלעכע, באַ וועלכע דאָס אויסזען אַליין האָט זיי פאַרמשפּט צום טויט. ס׳איז געווען נענוג אַז ראַקיטאַ זאָל צו עמעצן צוקומען נענטער, זיך צוקוקן צום קרבן און זיין סוף איז שוין געווען אונטערגעשריבן. רעטעניש איז שוין ניט געווען קיין רעטונג. עס פלעגט זיך מאַכן, אַז דער קרבן האָט זיך געוואָלט אָפּבעטן באַ ראַקיטאַן, פאַרזיכערט אַז ר׳איז געזונט, פילט זיך גוט. — שמייכלט ראַקיטאַ טייוולאָניש, און עס הייבט זיך אָן אַן עקזאַ־מען. דער אומגליקלעכער לויפט ביז ער פאַלט אַוועק און סוף־כל־סוף ווערט ער צוגעטיילט צו דער גרופּע פון „אויסגעסאָרטירטע״ און איבערגעגעבן צום

עקזעקוציע־פּלוטאָן. זעצן זיי זיך אוועק, די קרבנות, אפן גראָז, און וואַרטן אָן באַוועגונג. נאָך דער עקזעקוציע קומט די קבורה־בריגאַדע, שלעפּט אַראָפּ פון די טויטע די שמאַטעס, די אַזויגערופענע קליידער, און באַזייטיקט פאַר־נעם פּלאַץ די מתים.

דעם 18־טן יולי 1942 זיינען אין לאַגער אריין געקומען 1.500 יידן פון דראָהאָביטש. מיט א פּאָר טעג צוריק האָט מען זיי, צוזאַמען מיט די פאַמי־ליעס, אויפגעהויבן פון די הייטען, כדי — ווי מ׳האָט זיי פאַרזיכערט, ארויס־צושיקן קיין אוקראַינע אף אַרבעט. מ׳האָט זיי פאַרהאַלטן אין לעמבערג. דאָ האָט מען די יונגע אָפּגעטיילט און אוועקגעשיקט אין לאַגער. די איבע־ריקע קיין בעלזשעץ.

די אָנגעקומענע אין לאַגער זיינען געווען ווי באַטויבט. דער דאָזיקער טאָג האָט זיך ספּעציעל בלוטיק פאַרשריבן אין די לאַגער־געשעענישן דורך מאַסן־עקזעקוציעס. מ׳האָט אומגעבראַכט צוויי הונדערט חברים. דער דירעקטאָר פון דער „אָסט־באַן" איז נישט צופרידן געווען מיטן טעמפּאָ פון דער אַרבעט. האָט מען דעריבער, צום אַפּעל, מאָביליזירט צוויי עקזעקוציע־פּלוטאָנען. מיט די אויסגעשרייען „יודע, קאָם, קאָם", מיט אָפּלאַכעניש און שפּעטערייען האָט מען אַרויסגעכאַפּט פון אונדזערע רייען די, וואָס מען האָט באַשטימט אף טויט. מען האָט פון זיי געמאַכט א באַזונדערע גרופּע אפן פּלאַץ. מ׳האָט זיך איבער זיי איזדיעקעוועט, געשלאָגן מיט די קולאַקעס אין פּנים אריין. דאָס אַלץ האָט זיך אָפּגעשפּילט אין דער קעגנוואַרט פון די אָנ־געקומענע הויבע באַן־באַאַמטע.

עס נעמט א וואָרט ווילהאַוז און דערקלערט, אז דאָס באַקומען מיר א פאַרדינטע שטראָף פאַר אָפּשלעפּן די אַרבעט. איינער פון די געסט קרומט זיך נאָך איינעם א גוסס, מיאַוקעט ווי א קאַץ און ווילט דערמיט אַלע אי־בעריקע געסט.

פונעם לאַגער אַנטלויפן ווידער צוויי־דריי חברים א טאָג. נישטאָ אַזאַ כוח וואָס זאָל קאָנען אָפּהאַלטן דעם דראַנג צו אַנטלויפן. ס׳האָט נישט גע־האָלפן דאָס וואָס די בריגאַדעס זיינען צעטיילט געוואָרן אף פינפטלעך, וואָס זיינען אַלע סאָלידאַריש פאַראַנטוואָרטלעך געווען פאַר יעדן איינעם. עס האָט נישט געהאָלפן די תליה, וועלכע מען האָט אויפגעשטעלט אפן אַפּעל־פּלאַץ און אויך נישט דאָס בעסטיאַלישע אויפהענגען פאַר די פיס, מיטן קאָפּ אַראָפּ.

דער סוף פון חודש יולי פאַלט אויס אין דער צייט פון די „אַקציעס" אין די געטאָס פון פּשעמישל און סטאַניסלאַוואָוו. די געשעענישן אין פּשעמישל, וווּ מען האָט אַרויסגעפירט, — לויט ווי מיר האָבן געהערט, — 12.000 יידן,

האָט אונדז, די פּשעמישלער, געטראָפן דירעקט. ס'איז איבערגעריסן געוואָרן יעטוועדער הילף פון דער היים. איצט זיינען מיר שוין גאָר אליין, נאָר אַף זיך אָנגעוויזן. מיטן פארשטאַרקן און פארברייטערן זיך פון די „אַקציעס" אין לאַנד, קומען אָן אין לאַגער אריין נייע טראַנספּאָרטן מיט יונגע מענטשן, און דאָס פארערגערט נאָך מער די לאַגע אין לאַגער. עס פעלט אוים אָרט פאר די ניי־אָנגעקומענע.

גיט מען זיך אַן עצה: מען עלימינירט אַלע ומאָל די שוואַכערע און דערשעפּטע. די אָפּגעשוואַכטע באַמיען זיך אויסצומיידן די „אויסאָרטירונג". עס ווערט איינגעפירט אַ מין עקזאַמען פון ארבעטס־פעיקייט אַלס פּראָבע פון אויסהאַלטעוודיקייט דינט אַ געיעג מיט פארשיידענע שטערונגען. אַ חוץ דעם האָט מען געמאָלדן, אַז עס פאָרמירט זיך אַ באַזונדער גרופּע פון 180 מענטשן פאר לייכטערער אַרבעט. קיינער האָט זיך צו דער דאָזיקער בריגאַדע נישט געמאָלדן, אפילו נישט די, וועלכע האָבן געהאַט געשוואָלענע פיס און האָבן זיך קוים געשלעפּט. אַזאַ בריגאַדע האָט מען דאָך געשאַפן. מ'האָט אויסגעסאָרטירט 180 מענטשן. באַנאַכט האָט מען געהערט דאָס הילכעריי פון מאַשין־געווער.

דעם 2־טן אויגוסט, אין מיטן נאַכט, אַן אַליאַרעם: מיר דאַרפן גיין אין שטאָט אריין זיך באָדן. ס'פּאַלט אַ שלאַגס־רעגן און מיר שטייען זעקס שעה אונטערן רעגן, אין דער ריי, און וואַרטן אַף דער באָד. אין באָד אריין פירט מען אונדז גרופּעסוויז. מיר זיינען אָבער 5.000 מענטשן. מען וואַרט ביז אַלע וועלן זיך אויסבאָדן ביז 9 אָוונט, הונגעריקע, נאַסע, אין דער קעלט. מיר האָבן נישט קיין רעכט זיך אַוועקצוזעצן אַף אַ רגע פונעם אָרט, און כאָטש אין באָד־אַנשטאַלט זיינען געווען קלאָזעטן, האָבן מיר געמוזט די באַדערפענישן אונדזערע דערליידיקן אַפן אָרט, ווו מיר זיינען געשטאַנען און די עקסקרעמענטן צודעקן מיט פּאַפּיר. די סטראַזשניקעס האָבן אָפּגעהיטן די אָרדענונג און פאר פאַרומרייניקן דאָס אָרט האָבן זיי געשלאָגן.

פון דער באָד זיינען נישט אַלע צוריקגעקומען. באַם אריינגאַנג אין באָד האָט ראַקיטאַ דערשאָסן דרייצן מענטשן און איינעם האָט דערשאָסן אַן ס"ס־מאַן. דער הילך פון שאָסן איינעם צענטער פון שטאָט און דאָס בילד פון פינף טויזנט אומגליקלעכע וואָס שטייען שעהן־לאַנג בא דעם באָד־אַנשטאַלט, האָט צוגעצויגן אַן עולם מיט מענטשן און אויך דייטשישע זעלנער, וועלכע האָבן נישט געקאָנט פארשטיין פאר וואָס מען מאַטערט אונדז אַזוי.

אַף צוריקוועגס זיינען מיר אדורכגעגאַנגען אַ גרויסן מיסט־פּלאַץ. די פלינקערע פון אונדז האָבן באַוויזן, גייענדיק, ארויסצוכאַפּן אַ ביסל אָפּפאַל,

שטיקלעך עפּל, קאַטשאַנעס פון קוקורוזע, שטיקלעך פּאַרפוילטע בוריקעס און ענלעכע. אָבער נישט אַלעמען האָט עס אָפּגעגליקט: עס זיינען אויך געפאַלן טויטע אַפן מיסט־פּלאַץ. די וועכטערס האָבן ניט פאַרשטאַנען קיין חכמות. זיי האָבן געשאָסן.

דעם 5־טן אויגוסט איז איינגעפירט געוואָרן אַ נייעס אינעם לאַגער. מ'האָט פאַראָרדנט עפנטלעכע טאָרטורן אַפן עקזעקוציע־פּלאַץ. ס'איז ניט צום באַשרייבן אַף וואָס מיר האָבן געמוזט קוקן אין מאַכטלאָזער פאַרצווייפלונג. טאָג איין און טאָג אויס האָבן זיך אַפן פּלאַץ געגאָסן טייכן בלוט פון חברים, וועלכע זיינען מיט אַ שעה צוריק נאָך געווען צווישן אונדז.

אין אויגוסט איז אין לעמבערג פאָרגעקומען אַ שרעקלעכע „אַקציע", וועלכע האָט געדויערט פערצן טעג. יעדן טאָג, בעת מיר זיינען געגאַנגען צו דער אַרבעט, האָבן מיר געזען די איבערגעפילטע טראַמווייען מיט קינדער און פרויען; מיר האָבן מיט שרעק געקוקט אַף די טויזנטער יידן, וועלכע האָבן אין גרעסערע גרופּעס געוואַרט אַף זייער אַנטשיידונג: צי זיי וועלן גיין אין אַ לאַגער, אָדער זיי וועלן אַרויסגעשיקט ווערן צום טויט.

פון דער דאָזיקער „אַקציע" זיינען אָנגעקומען אין לאַגער אַריין נייע 5.000 מענטשן, מיט וועלכע מ'האָט אויסגעפילט אונדזערע שטאַרק־שיטערע געוואָרענע רייען. צו אונדזער בריגאַדע, וועלכע האָט פון 90 שוין איצט נאָך געציילט 30 נפשות, האָט מען צוגעגעבן נייע 60 לעמבערגער יידן. מיטן אָנקומען פון די טויזנטער לעמבערגער יידן, האָבן זיך פאַר אונדז פאַרגרעסערט די שאַנסן צו אַנטלויפן. אין לאַגער האָט זיך פאַרשטאַרקט די באַוועגונג. ס'איז אַנטשטאַנען אַ צעמישעניש. די רעגיסטערס (עווידענץ) אין די באַזונדערע בריגאַדעס הינקט אונטער, צוליב דער כסדרדיקער ענדערונג פון די ציפערן. איצט איז דאָ אַ געלעגנהייט צו מאַכן פּליטה. איך האָב שוין לחלוטין ניט וואָס צו פאַרלירן. דעם 30־סטן אויגוסט, בעת דער אַרבעט אַפן וואָקזאַל, איז מיר געלונגען, אומבאַמערקט, צו דערווייטערן זיך פון דער בריגאַדע. אין אַ מאָמענט האָב איך אַף זיך אַרויפגעוואָרפן אַ שטויב־מאַנטל, וועלכן כ'האָב געהאַט פון פריער צוגעגרייט בײַ זיך אין רוק־זאַק און מיט אַ מינוט שפּעטער בין איך שוין געווען אין צענטער שטאָט. כ'בין געווען פריי, אָבער נאָך נישט געראַטעוועט. כ'האָב פאַרענדיקט מיטן קאָשמאַר פונעם לאַגער. כ'האָב נאָך געדאַרפט נאָך אַדורכגיין אַ טויט־סכנה און אַ פייער־פּראָבע, כדי אין פערצן טעג אַרום זיך צו געפינען אין פּשעמישל, צווישן אייגענע.

דעם 15־טן סעפּטעמבער, 1942, בין איך צוריקגעקומען קיין פּשעמישל צו דער משפחה. און דער־אָ וויזיט „אין מיין היים", איז געווען אַ גיהנום

נישט צום איבערטראגן. נאך דער אויגוסט־„אקציע” האט מען ארויפגע־ לייגט אף די איבערגעבליבענע יידן א קאנטריבוציע פון א מיליאן זלאטעס צו דעקן די הוצאות פאר די ארויסגעשיקטע יידן און פארן ארומצוימען די געטא... אזוי האבן יידן געמוזט דעקן די קאסטן פארן אומברענגען טויזנטער פון זייערע נאנטע און אייגענע.

די פאלשקייט, ביטערקייט און היפאקריזיע פון די דייטשן איז דער־ גאנגען אזוי ווייט, אז נאך דער „אקציע” פון נאוועמבער 1942, האט בענע־ וויץ, דער שעף פון געסטאפא אין פשעמישל געמאכט דעם „יודענראט” פאר־ ווארפן, הלמאי די יידן סאבאטירן די „אקציע”, באהאלטן זיך אויס אין די קעלערן, רעספעקטירן נישט די פארארדענונגען. נאך דער דאזיקער „אקציע” האט די אויפזיכט איבערן געטא איבערגענומען דער „אבערשטורמפירער”, ס״ס יאזעף שוואמבערגער. דער דאזיקער האר איבער אונדזער לעבן און טויט האט געמארדעט און איזדיעקעוועט זיך איבער זיינע קרבנות.

— „נים דאס דרעק וועג” — דאס זיינען די ווערטער מיט וועלכע ער פלעגט געוויינטלעך פארענדיקן די עקזעקוציע, און האט אנגעוויזן די באגרע־ בערס אף די קערפער פון די דער׳הרג׳עטע. מיט א באזונדער פארגעניגן האט ער געשאסן פלוצים, אומדערווארט אין נאקן אריין.

לויט דער פארארדענונג פון שוואמבערגער, איז דעם 15־טן פעברואר פון 1943 צעטיילט געווארן דאס געטא אף „א” און „ב”. דער רעוויר „א” פאר ארבעטנדיקע, וועלכע מען האט באלד באזעצט אין קאזארמעס. רעוויר „ב” פאר די נישט־ארבעטנדיקע. זייער גורל איז שוין געווען גע׳חתמ׳עט. כ׳בין געווען געצוווּנגען זיך צו באזעצן מיט דער משפחה אין רעוויר „ב”. דאס רעכט זיך צו באזעצן אין רעוויר „א” איז געווען פארבונדן מיט דער מעגלעכקייט צו באקומען ארבעט, וואס איז ווידער געווען פארבונדן מיט גרויסע אויסגאבן. מען האט געדארפט אונטערקויפן די לייטערס פון די ווארשטאטן, און דאס האבן זיך געקענט דערלויבן נאר די פארמעגלעכסטע. דאס לעבן פון רעוויר „ב” איז געווען איין קייט פון פיין און ליידן. מ׳איז נישט געווען איבער מיטן מאג און מיט דער דעה, און דאס — נישט געקוקט אף די באהעלטענישן, וועלכע מ׳האט מאסנוויז געבויט און נישט געקוקט אף די שטענדיקע דיזשורן, וועלכע מ׳האט ארויסגעשטעלט אכטונג צו געבן, צי נייט נישט, צי קומט נישט די געפאר, עמעצער א פארדעכטיקער. ס׳איז געווען, אז אין רעוויר זאל זיך באווייזן א וואסער ניט איז מונדירטער שאטן, אז אלע זאלן אפארטירט ווערן דורך די דיזשורירנדיקע און זאלן נע־ מען לויפן זיך אויסבאהאלטן.

אזוי האָט מען געלעבט אין שטענדיקער שרעק. דערצו איז די מאַטע־ריעלע לאַגע געוואָרן ממש אומדערטרעגלעך. מ׳האָט גאָר ניט געקענט פאַר־דינען. דאָס יקרות איז געשטיגן. מיט סכנות פאַרן לעבן האָט מען קוים גע־קענט קריגן ברויט און קאַרטאָפל דורכן שטעכעדיקן דראָט, מיט וועלכן דער רעוויר איז געווען אַרומגעצוימט.

מיר זיינען געוועזן עדות פונעם מאַרטירער־טויט פון 25 ערוּבניקעס, וועלכע מ׳האָט דערשאָסן אַפן יידישן בית־עולם.

דעם 17־טן אַפּריל 1943, האָב איך מיט דער פאַמיליע, אין דער שטיל זיך אַרויסגע׳גנב׳עט פונעם רעוויר און מיר זיינען אַנטלאָפן אין שטאָט אַריין, וווּ מיר האָבן זיך אויסבאַהאַלטן ביז ס׳האָט אונדז באַפרייט די רויטע אַרמיי.

נומער 257.

אַברהם בעער

---

## ווילהעלם און היינען. אַקציעס די בריגאַדע 1005.

דער ערשטער איינדרוק באַם אָנקומען: פאַרגעלטע פּנימער, איינגעבוי־גענע מענטשן, אָפּגעריסן, אָנגעטאָן אין שמאַטעס, אָנגעשוואָלענע פיס. אַפן צווייטן טאָג האָבן מיר געזען דעם העַר פון אונדזער לעבן און טויט, דעם „אונטערשטורמפירער" ווילהעלם. יעדע פּאָר טעג, איינדערפרי, בעת׳ן אַפּעל האָבן מיר געהערט פון דערוּווייטנס אַ סעריע פון אויטאָמאַט־שאָסן. האָבן מיר שוין געוווּסט, אַז דאָס קומט ווילהעלם. ער האָט זיך אָוועקגעשטעלט באַם טויער פון וועלכן עס זיינען אַרויסגעגאַנגען די בריגאַדעס צו דער אַרבעט. ער האָט אויסגעקליבן די פיזיש שוואַכערע, אַלטע און קראַנקע און זיי אָוועק־געשטעלט אין אַ זייט — דאָס האָט געהייסן: ליקווידאַציע. אויב איינער איז אַנטלאָפן, האָט מען דערפאַר דערשאָסן ביז צען אַנדערע, לויט דער שטימונג פונעם קאָמענדאַנט פונעם לאַגער. דאָס ערגסטע איז געווען, אין דער דאָזיקער ווינטער־צייט, ווען אַף דער סטאַנציע פלעגט אָנקומען בוי־מאַטעריאַלן, אַף באַראַקן. דאָס זיינען געווען הויפּטזאַכלעך קורצע און גראָבע קלעצער און ציגל. דער וועג פונעם לאַגער ביז צו דער סטאַנציע איז געווען שטאַרק באַ־לויכטן. פון ביידע זייטן זיינען געשטאַנען ס״ס־לייט און האָבן געשלאָגן מיט די שפּיצרוטן און קאָלבעס פון די ביסקן, ווו עס האָט געטראָפן. דערנעבן, באַ די וואַגאָנעס האָט זיך געפונען אַ נישט גרויסע קאַלוזשע מיט וואַסער, איינער פון די רוצחים האָט דערלאַנגט אַן עלטערן און שוואַכן יידן מיט דער קאָלבע

איבערן קאָפּ. יענער איז אַריינגעפאַלן אין וואַסער און האָט זיך נישט געקאָנט אַליין אויפהויבן און נישט געקאָנט זיך אַרויסבאַקומען פונעם וואַסער. ער האָט זיך אָנגעהייבן טרינקען. דער רוצח האָט אים דערשאָסן. די וועלכע האָבן ניט געקאָנט טראָגן די לאַסט, האָט מען אַוועקגעשטעלט צווישן דער דאָפּלטער וואַנט פון דראָטן. די אומגליקלעכע האָבן דאָ געוואַרט אַ גאַנצע נאַכט און אינדערפרי האָט מען זיי האַלב־פאַרפרוירענע אָנגעלאָדן אין אויטאָס און אַרויסגעפירט אף „פּיאַסקי", ווו עס איז פאָרגעקומען די עקזעקוציע.

אין די חנאַ־טעג צווישן ווייַנאַכט און ניי־יאָר איז פאַרן טויער נעשטאַנען אַ פרעכטיק אויסגעפוצטער קריסטן־בוים עלעקטריש באַלויכטן, אַ ביסל וויטער האָט געשפּילט אַן אָרקעסטער בעתן אַרויסמאַרש אף דער אַרבעט, און דאָ באַלד באַ דער זייט, באַ די דראָטן זיינען געלעגן האַלב־פאַרפרוירענע „אויסגעסאָרטירטע" צום טויט און טויטע מענטשן. איינער פון די פאַרורטיילטע האָט זיך נאָך געפּרוווט עבלעכע מאָל אויפשטעלן. און ווען דאָס איז אים געלונגען, איז צו אים צוגעגאַנגען אַן ס"ס־מאַן און האָט אים מיטן פויסט דערלאַנגט אַזוי, אַז ער איז צוריק אַוועקגעפאַלן, און ווען מען האָט אים אַרויסגעטראָגן, האָט ער שוין גע'גוססט. דער ס"ס־מאַן האָט זיך מיט עקל אַוועקגעדרייט.

שיסן גלאַט אַזוי אַ מענטשן איז געווען אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. דער ס"ס־מאַן פּוקס, אַ גוטער שיסער, האָט אַדורכגעשאָסן עטלעכע מענטשן אויסגעשטעלט אין אַ רייע, גלאַט אַזוי, צוליב עקספּערימענט. קאָלאַנקאָ, שענבאַך, היינען — האָבן געקאָנט אויסשיסן אין משך פון טאָג, אָן יעדער סיבה, אַ 30 מענטשן. היינען האָט זיך אַמאָל צערעדט מיט מיר. ער האָט געהאַט אַ ליבע, אַנגענעמע שטימע, גערעדט שטיל און געלאַסן. נאָך אַזאַ געשפּרעך האָט ער זעלטן ווען געשענקט דאָס לעבן. מיר האָבן געזען, ווי ער האָט אַמאָל מיטגעבראַכט אַ שיינע יונגע פרוי, אַוועקגעשטעלט זי באַ דער קיך און האָט איר באַפוילן זיך אויסטאָן. ער האָט זי דערשאָסן, און ווען זי איז שוין געלעגן טויט האָט ער איר נאָכאַמאָל אויסגעשאָסן אין בויך אַריין. ווען ער האָט געשאָסן אין די מענטשן איז ער געווען אויסערגעוויינלעך אויפגעלעבט און אויפגעהייטערט. פון די רייען, וועלכע האָבן מאַרשירט אין פינפטלעך צו דער אַרבעט האָט שענבאַך אַרויסגעצויגן די עלטערע, שוואַכערע, קרענקלעכע און זיי אַוועקגעשטעלט אין אַ זייט. די איבערגעבליבענע פון די פינפטלעך האָבן געמוזט אַדורכלויפן אַ 30 מעטער, ווער עס איז ניט אַזוי שנעל געלאָפן, דעם האָט מען אַוועקגעשטעלט אין אַ זייט. אין טויער

איז געשטאַנען אַ יונגער ס"ס־מאַן אין אַ העלם. ער פלעגט אונטערשטופּן אַ פוס, אָדער די קאָלבע פון ביקס, ווער עס איז געפאַלן איבער דעם האָט מען אויך אַוועקגעשטעלט אין אַ זייט. דאָס אַלץ האָט זיך אָפּגעשפּילט מיט אַן אומנאַטירלעכער רויקייט. איך האָב פּונקט געהאַט טשעריקעס אויף די פיס, אָבער לויפן האָב איך געמוזט. פון אונדזער פינפטל האָט מען אַוועקגעשטעלט איינעם אין אַ זייט און דאָס געיענג האָט זיך אָנגעהויבן. איך בין געווען אינמיטן, אַזוי אַז אויף מיין וועג איז געשטאַנען דער ס"ס־מאַן. ווען איך בין אַדורכגעלאָפן לעבן אים, האָט ער אונטערגעשטעלט די ביקס. כ'בין אָפּגעשפּרונגען אין אַ זייט און אַנגעשטויסן מיין לינקן שכן, אָבער קיינער פון אונדז איז נישט געפאַלן. מיר זיינען צוגעלאָפן צו די, וועלכע זיינען שוין געשטאַנען נאָכן געיעג. איין בליק אויף רעכטס: דאָרט שטייען פרויען אַוועקגעשטעלט אין גרופּן אין אַ זייט, אָן אַ געיעג... אַ שווארצע מאַסע, פאַרווייטיקטע זיצט גלייכגילטיק אויף דער ערד, אומבאַרן רעגן.

עס גייט אַדורך איין „אַקציע" און מען רעדט שוין וועגן אַ צווייטער. קיין רגע זיך אָפּצורוען אָדער אָפּצואָטעמען. עס איז שווער דאָס אַלץ אויסצוהאַלטן, דאָס שטענדיקע אָפּוואַרטן דעם טויט און דערצו נאָך די מורא פאַרן גורל פון דער פאַמיליע אין געטאָ, ווער עס האָט נאָך געהאַט דאָרט אַ פאַמיליע. בעת דער ליקווידאַציע פונעם געטאָ האָט מען אונדז ניט אַרויסגעלאָזט צו דער אַרבעט און מען האָט אונדז געהאַלטן הינטער די דראָטן און מיר האָבן געזען מיט די אייגענע אויגן ווי מען האָט געקלאַפּט די קינדער מיט די קעפּלעך אין די לאַמטערנס. די אָנגעבראַכטע פונעם געטאָ אַלטע לייט, פרויען און קינדער האָבן זיך געמוזט אויסטאָן נאַקעט (די פרויען זיינען געבליבן אין בלויזן וועש), מען האָט די קליידער צונויפגענומען אויף די אויטאָס און זיך אויסגעשטעלט אין פינפטלעך. מען האָט גענומען מאַרשירן צום „וואַנוואַז" צום „שליכט" (אַ שמאָלער וועג צווישן צוויי בערגלעך), וואָס האָט זיך געפונען הינטערן לאַגער. דער ציניזם פון די עסקאָרטירנדיקע געשטאַפּאָ-לייט האָט געגרייכט אַזוי ווייט, אַז זיי האָבן געצוואונגען זייערע קרבנות צו גיין אויף טויט אין מיליטערישן שיק, אויסגעגליכן אין פינפטלעך: „אויסריכטן און אימטער צו פינף!"

אַ שטילקייט האָט געהערשט אַזעלכע, אַז מען האָט געהערט אַ פליג אַדורכפליען. כ'געדענק אַ געשטאַלט. עס איז געווען אַ פרעכטיקער, זוניקער הייסער זומערטאָג. די קאָלומנע איז אַראָפּגעגאַנגען צום שליכט. ניט ווייט פון די דראָטן איז אַדורכגעגאַנגען אַ וואונדערשיינע יונגע פרוי, אין בלויזן העמד, און מיט אַ מאַשינאַלער באַוועגונג האָט זי אָפּגעוואָרפן אירע לאַנגע האָר, וועלכע זיינען איר געפאַלן אין פּנים אַריין...

אפן וועג צום שליכט איז אלע מאל אנגעקומען א ניי פינפטל, געווארט אף די שאסן, וואס זיינען געקומען פון הינטן און אראפגעפאלן גלייך אין פייער, וואס האט געברענט אונטן. ווער עס איז געווען נאר פארוווּנדעט איז אריינגעפאלן לעבעדיק אין פייער און לעבעדיקערהייט פארברענט געווארן. באם „שליכט" איז געלעגן א שטויס מיט קליידער און פון אונטערן שליכט האבן זיך ארויסגעריסן הויכע צונגען פייער. די לופט איז געווען פול מיטן ריח פון ברענענדיקן פלייש און ביינער.

אין דער צייט האט מען שוין געשאפן די קבורה־בריגאדע 1005. זיי האבן אויסגעגראבן די ביינער, וואס זיינען פארבליבן נאך די פארשיידענע אקציעס. מיט זיי האט זיך קיינער ניט געקאנט טרעפן, מען האט פאר זיי אויסגעבויט א ספעציעלן באראק אף די „פיאסקעס" און אהין זיי צוגעפירט פראוויאנט. די דאזיקע בריגאדע האט זיך אין נאוועמבער געווארפן אף זייערע היטער־געשטאפא־לייט, צוגענומען בא זיי דאס געווער און אנטלאפן אין די וועלדער. נאך דעם אלעמען איז געווארן קלאר, אז עס זיינען נישט פאראן קיין שאנסן צו בלייבן לעבן אין לאגער. מען האט אנגעהויבן קלערן וועגן ראטעווען זיך און וועגן פריער שאפן עפעס געווער. אין אונדזער בריגאדע האט זיך געפונען איינער, וועלכער האט אנגעהויבן צוגרייטן די פליטה פון א גאנצער גרופע, מיט געווער אין די הענט. דאס איז געווען אונדזער בריגאדיר הערמאן, וועלכער האט אנגעבונדן באציונגען מיט די אנטשפרעכנדיקע מענטשן. דערווייל האט אבער געטראפן אט וואס: אין איין טאג, אין יוני, האט מען אונדזער בריגאדיר פארהאלטן אין לאגער. דער קאמענדאנט פון לאגער, ווארצאג, האט געהייסן רעווידירן די לאגער־וואר־שטאטן און מען האט געפונען צוויי רעוואלווערן און אויך קאלט געווער. מען האט פארדעכטיקט דעם בריגאדיר הערמאן, אז ער האט מיטגעהאלפן אריינברענגען דאס געווער, מען האט אים אריינגעזעצט אין בונקער און מער האבן מיר אים ניט געזען.

זומער 1943 זיינען ליקווידירט געווארן די פירמעס, וועלכע האבן גע־ארבעט פארן „ווערמאכט". די ליקווידאציע פון די ארבעטער איז אדורכ־געפירט געווארן הינטערליסטיק, אף א ריין־דייטשישן שטייגער. די בריגאדע האט נאך אין דעם זעלבן טאג זיך געבאדן און צוריקגעקערט מיט אן אויטא, ווי געוויינלעך, פון דער ארבעט דורך דעם „יאנאווער בארג", און פלוצים פארקערעוועט דאס אויטא רעכטס אף פיליכאווסקא גאס, דא איז אפן ראג געשטאנען צוגעגרייט מאשינען־געווער. עס איז אלץ געשען אזוי אומדער־ווארטעט, אז איידער עס האט זיך עמיצער אפגעגעבן א דין וחשבון, וואס דא

קומט פאַר, איז מען שוין געווען אַף די פּיאַסקעס (אָרט פון עקזעקוציע). און אין לאַגער האָט מען סיסטעמאַטיש ליקווידירט איין גרופּע נאָך דער צווייטער. שפּעטער אין לאַגער אין גראָס־ראָזען האָט צו מיר געזאָגט אַ געוויסער דייטש, פון זאַקסן, אַ לאַגער־קאַפּאָ: „מיר דייטשן זיינען אַ פאָלק אַ בלוטדורשטיקס, נאָר אין דעם איז פאַראַן עפּעס שיינס, עפּעס דערהויבנס".

נומער 134.

דר. שימאָן האופּט

# ראַקיטאַ

בעת דער ליקווידאַציע פון דעם לעמבערגער געטאָ בין איך אָנגעקומען, אַלס דאָקטאָר אין יאַנאָווער לאַגער. איך האָב געטראָפן אין לאַגער גרופּעס פאַרהאַלטענע, וועלכע האָבן געאַרבעט אין שטאָט און אויך שטראָף־גרופּעס, וועלכע זיינען פאַרבליבן אין לאַגער. איך בין אַריינגעפאַלן אין דער שטראָף־גרופּע, וועלכע איז געבליבן אַפן אָרט. די מענטשן פון דער דאָזיקער גרופּע זיינען געווען אויסגעשטעלט אַף געפאַר קודם כל צו כאַפּן אַ קויל פון דער פרוי פונעם שעף, ווילהאַוז, וועלכע האָט זיך, פונעם באַלקאָן, געלערנט אַף מענטשן, שיסן. די אַרבעט אין לאַגער איז געווען אַ שווערע. מען האָט ני־ווע־לירט דעם לאַגער, געבויט באַראַקן. ביז אָקטאָבער זיינען מיר געשלאָפן אַף בלויזע ברעטער אונטערן פרייען הימל. דריי מאָל אין וואָך, 18 שעה אַרבעט אַ טאָג. הימלער אַליין איז געווען קאָנטראָלירן, צי די אַרבעט גייט שנעל פאָרויס.

מען האָט געשלאָגן און דערהרגעט פאַר שמוץ. קיין זייף איז ניט געווען. נאָכדעם פלעגן מיר באַקומען אַ קליין שטיקל זייף פאַר 60 פּערזאָן איין מאָל אין דער וואָך. עסן איז געווען אַזוי ווייניק, אַז אויב מען האָט ניט באַקומען קיין הילף פון דרויסן, איז מען באַשטימט אין משך פון 6 וואָכן אומגעקומען. אַף די אַפּעלן אינדערפרי און אַפּדערנאַכט, יעדן טאָג — קרבנות. עס פלעגן אומקומען צו 20־25 מענטשן. ווילהאַוז, אָדער ראָקיטאַ פלעגן אויסקלייבן דעם קרבן מיט אַ ווונק פון אַ פינגער, געהייסן זיך אויסדרייען און געשאָסן אין נאַקן, און נאָכדעם אין שטערן. בא די אינדערפריעדיקע אַפּעלן האָט מען אַפּגעקליבן די נישט־פעיקע צו אַרבעט, אַנגעבן דעם נאָמען האָט געמוזט דער בריגאַדיר אָדער דער דאָקטאָר. עס האָט זיי אַליין געדראָט דער טויט, אויב זיי האָבן נישט אָנגעגעבן די נעמען. די נישט אַרבעטספעיקע האָט מען

צוזאַמענגעשטעלט הינטער די דראָטן און ווען אַלע זיינען צוזאַמענגעגאַנגען, האָט מען די אויסגעאַרבעטע דערשאָסן. מענטשן זיינען געגאַנגען אַף טויט רויק, מיט אַ שמייכל. ניט געשריען ווען מען האָט געשלאָגן. מען איז געווען אַזוי רעזיגנירט און אַזוי צוגעוווינט צו תליות, אַז מען האָט געקאָנט אונטער דער תליה עסן. אין יעדער בריגאַדע איז געווען אַ דאָקטאָר. יידן האָבן אָבער ניט געהאַט קיין רעכט צו ליגן אין שפּיטאָל און קראַנקע זיינען באַלד געגאַנגען הינטער די דראָטן. די קראַנקע אַף טיפוס זיינען געגאַנגען צו דער אַרבעט מיט 40 גראַד היץ.

די עקזעקוציעס אין לאַגער: מען האָט צוגעבונדן צו אַ סלופּ אַזוי, אַז די פיס האָבן נישט דערגרייכט די ערד, די הענט האָט מען אָנגעבונדן אַף הינטן און מען האָט געשלאָגן. מען איז געשטאָרבן אין דריי־פיר טעג אַרום. מען האָט אויפגעהאַנגען אַף אַ שטעקן מיטן קאָפּ אַראָפּ און געשלאָגן. מע איז געשטאָרבן אין משך פון 4 שעה. אַ באַד, יעדע צוויי וואָכן. בעת יעדן באָדן, צוואַנציק אונטערגעשאָסענע, פון זיי 8 דערהרגעטע. געשאָסן האָט ראַקיטאַ. נאָך די עקזעקוציעס פלעגט ער זיך ווענדן צו די יידישע מיליציאַנטן: „איר זעהט, איך בין זאָ גוט צו אייך אונד איר מאכט מיך זאָ נערוועז" — און האָט פאַרויכערט אַ פּאַפּיראָס.

נומער 254.

אַניגעניאַ מאַסס

# עפּיזאָדן

דער ס"ס־מאַן ראַקיטאַ איז אַדורכגעגאַנגען בעתן אַפּעל און אַדורכגעקוקט, צי די יידן האָבן ריינע אויערן, און אויב עמיצער האָט געהאַט שמוציקע — האָט ער אַריינגעשאָסן אין אויער, רויק און ניט דענערווירט. בעת דער ליקווידאַציע פון לעמבערגער געטאָ האָט ווילהאַוז אַדורכגעפירט אַ קאָנטראָל פון פרויען אַפן פּלאַץ. ער איז צוגעגאַנגען נענטער צו אייניקע און געזאָגט: „דו האסט שענע אוגען, דו זיעסט אוס, ווי איינע אַריערין, קאָם" און געשאָסן פּונקט אין אַזעלכע. די ניי־געבוירענע קינדער אין לאַגער האָט געבאָוער געהייסן געבן איינשפּריצונגען — אַף טויט. ווען דער לאַגער איז שוין געווען געשלאָסן האָט אַ פרוי, דורך די דראָטן ,נישט קוקנדיק אַפן פאַרבאָט, געוואָלט אַריינגעבן איר מאַן עפּעס עסן. עס האָט דאָס באַמערקט דער ס"ס־מאַן לאָוויטץ און האָט זי דערשאָסן.

נומער 210.

# שעבניע

אַדאָלף וואָלפגאנג

## פאַרוויילונגען פון אויסוואורפן

צען קילאָמעטער פון יאסלע געפינט זיך דער פייניקונג-לאגער שעבניע. דער ס"ס־אבערפירער, שערנער, און זיין פארטרעטער ס"ס־שטורמפירער, האאזע, האָבן אָרגאַניזירט דעם לאגער און באַפרידיקט זייערע סאדיסטישע נייגונגען אפן חשבון פון טויזנטער יונגע לעבנס. כ'בין געווען דער ערשטער פון די, וועלכע מען האָט ארויסגעשיקט קיין שעבניע און אפשר דער איינ־ציקער עדות פון זייערע פארברעכנס, וועלכער איז געבליבן לעבן. דער קאַ־מענדאנט פון לאגער ס"ס־אונטערשטורמפיער, שיידט, א מענטש א חיה, וואָס האָט אויף זיין געוויסן מער מענטשלעכע לעבנס, ווי האָר אפן קאָפּ, האָט אַרויסגעגעבן, צווישן אנדערע, א באַפעל, אז אלע דייטשן מוזן בא זיך שטענדיק טראָגן אַ שפּיצרוט. דעם זעלבן טאָג האָט דער רימער באקומען א באַשטעלונג אויף 50 שטיק. דאָס זיינען געווען לאנגע רימער, פארענדיקט מיט 5 מעטאַלענע רינגען.

כ'וועל באַשרייבן נאָר אַ פּאָר פראַגמענטן פונעם פארברעכערישן אופן אין לאגער אין שעבניע. ארום דעם לאגער זיינען אויסגעבויט געוואָרן אָב־סערוואציע-טורעמלעך פון וועלכע עס זיינען געווען געווענדט אין אלע זייטן די רערן פון מאשינען־געווער. דער לאגער איז געווען ארומגערינגלט מיט א שטאַרקער וואך. אין דער העלפט מאי איז אָנגעקומען א טראנספּאָרט. עפּעס אַ 100 וואַגאָן מיט קליידונג, שיך, וועש, מעבל, מאשינען און פארשיידענע געגוצטע זאכן. דאָס איז געווען יידיש האָב און גוטס, ארויסגעפירט נאָך דער ליקווידאציע פון פארשיידענע געטאָס. מען האָט אויפגעשטעלט ווארשטאטן, כדי צו פאַריכטן די צעריסענע קליידער און צעבראָכענע מעבל.

דער הויף פון דער פירשטין גאַרייסקי איז אויסרעמאָנטירט געוואָרן, ווי קעניגלעכע אַפּאַראַטמענטן און דאָרט האָט זיך באזעצט דער קאָמענדאנט פון לאגער, ס"ס־אונטערשטורמפירער, שיידט. אהין פלעגט קומען יעדע פאָר טעג דער דייטשער לאגער-שעף פון קראָקאָווער קרייז מיטן אָבערפירער שערנער און ס"ס-שטורמבאַנפירער האאזע בראש. אהין פלעגט קומען די געשטאַפּאָ פון קראָקע, כדי אויסצוארבעטן זייערע ווייטערע פארברעכערישע

פלענער. עס פלעגן זיך אפשפילן אָרגיעס און פארגוואלטונגען. אין הויף האט מען מאנאניזירט מויזנטער פלעשער בראנפן און שאמפאן. אנשיכורונגען זיינען פארגעקומען נאכט בא נאכט. ווען עס פלעגן זיך צוזאמענקומען שערנער און האזע, ווי אויך דער קאמענדאנט פון פלאשאווער לאגער, געט, און פיל אנדערע באנדיטן, האבן זיך אנגעהויבן די פארוויילונגען, אזוי גערופענע — „שיידטישע", וועלכע האבן געדויערט 8־10 טעג. הונדערטער פלעשער האט מען אויסגעליידיקט. קאנדיטארן און בעקערס האבן געבאקן באטאג און באנאכט, כדי צו באדינען עטלעכע מערדער. מען האט באשעפטיקט א פערסאנאל פון עטלעכע צענדליק מענטשן פאר דער קיך. יעדע פארוויילונג האט געקאסט דאס לעבן פון עטלעכע צענדליק מענטשן, די מערסטן טייל — פרויען. אין דער צייט פון די „הוליאנקעס" אין הויף פלעגט מען אלע מאל ארויספירן פרישע מתים אפן בית־עולם. יעדן טאג אינדערפרי און אפדערנאכט פלעגן פארקומען אפעלן. דער אינדערפרי-אפעל איז גארנישט אין פארגלייך מיטן פארנאכטיקן. אינדערפרי האבן מיר באקומען צוגעטיילט ארבעט, און נאכן אפעל 14 דעקא ברויט און א טעפעלע ביטערע קאווע. דער אפדערנאכטיקער אפעל איז געווען פארבונדן מיט שמייסן. פאר פארשיידענע „שולדן" האט מען אפגעציילט פון 20 ביז 50 שמיץ, אן אונטערשייד פון מין — פרויען צי מענער. טעגלעך האט מען אוועקגעטראגן פונעם אפעל-פלאץ עטלעכע צענדליק צעממיתטע מענטשן.

ראטענוואכמייסטער, בערנד און ס"ס־האופטשטורמפירער, אונטערהובערט זיינען געווען ספעציאליסטן אין פארפייניקן. ווער עס איז אריינגעפאלן צו זיי אין די הענט האט זיך לאנג געמאטערט ביז דער טויט האט אויסגעלייזט. זיי האבן געפייניקט מיט א באזונדערן פארגעניגן. ווען זייערע קרבנות האבן אנגעהייבן חלש'ן, האט מען זיי אפגעגאסן מיט וואסער, דערמונטערט און ווייטער געפייניקט. געהאלפן דערצו האט אויך אן אויסדרעסירטער הונט, א גרויסער ראסן-הונט, וועלכן מען פלעגט אנרייצן און ער האט זיך געווארפן אפן מענטש און אויסגעריסן שטיקער פלייש פון לעבעדיקן קערפער. צום סוף פונעם אפעל, וואס האט געדויערט א שעה, צוויי, האבן די קאמענדאנטן און שעפן און אלע אנטיילנעמער אין די „שיידטישע" פארוויילונגען, אויסגעקליבן יונגע און שיינע מיידלעך, אונטערן אויסרייד „אויפצורוימען" אין הויף. דארט האט נישט פארפליכטעט קיין „ראססענשאנדע". נאך אזעלכע נאכטיקע „אויפרוימען" פלעגן די מיידלעך, אויב זיי זיינען צוריקגעקומען, גיין מיט אראפגעלאזטע קעפ און פארוויינטע אויגן. ווער עס האט זיך געפרווט אקעגנשטעלן — האט דאס באצאלט מיטן לעבן.

נאָך אַן אַטראַקציע פון די „שיידטישע" פּאַרוויילונגען: אַ געוויסער פּ. מ. פון קראָקע, אַ פריזיר אין דייטשן שטאַב, האָט באַקומען אַ באַפעל, ער זאָל באַלד אויסקלייבן פונעם לאַגער אַ מיידל און זי מיטברענגען, כדי אין דער קעגנוואַרט פון דעם שטאַב, צוזאַמען מיט דעם מיידל, דינען אַלס אָביעקט פון פּאָרנאָגראַפישע פאָטאָגראַפיעס. אַזעלכע פאַרוויילונגען זיינען געווען אַ סך. אין דער ענד־פאַזע פון דער פאַרווייַלונג האָט מען אָנגעהויבן צעברעכן דאָס מעבל, שיסן פון פּיסטאָלעטן אין די לאָמפּן און אין די שפּיגלען. די פּרעכטיק איינגעאָרדנטע צימערן זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין חורבות. נאָך דער פאַרוויילונג האָט זיך אָנגעהויבן אַפּסניי אַ רעמאָנט. אויטאָס זיינען אַרויסגעפאָרן אין די געטאָס און צוזאַמענגעפירט פריש מעבל, און די לאַגער־מענטשן האָט שוין ניט געפעלט קיין אַרבעט.

יעדער, וואָס האָט נאָר איבערגעטראָטן דעם טויער פונעם לאַגער, האָט שוין, אין ערשטן טאָג, אָנגעהויבן זיין מאַרטירער־וועג. עס איז, צום ביישפּיל, געווען פּאָפּולער דאָס טראָגן אַ „שוועבעלע". דאָס האָט געהייסן: אויפהויבן אַ דראָנג פון אַ 100 קילאָ די וואָג און לויפן מיט אים אַרום דעם בלאָק. געוויינלעך פלעגט מען אין אַזאַ געלויף פאַלן אונטער דער לאַסט פונעם דראָנג, האָט מען דעם טרעגער גענומען שמייסן און נאָכדעם אַ פאַרחלשטן אָפּגעטראָגן אין באַראַק אריין. קיין קראַנקע זיינען בא אונדז נישט געווען. מען האָט זיי געשאָסן. פלעגן דעריבער מענטשן אויסבאַהאַלטן זייער קראַנקהייט און אַרבעטן מיט הויכער טעמפּעראַטור. עס זיינען געווען פיל טויט־פאַלן. שוואַנגערע פרויען פלעגט מען דערשיסן. ווען עס האָט אויסגעבראָכן אַן עפּידעמיע פון בויך־טיפוס, האָט מען באַפוילן אויסצובויען אַ שפּיטאָל־באַראַק. אין משך פון אַ פּאָר טעג זיינען געווען אַ פּאָר צענדליק קראַנקע. מען האָט אַלע דערשאָסן. עס זיינען אויך געווען פאַלן פון פּליטה פונעם לאַגער. פאַרן אַנטלויפן פון איין פּאָליאַק, האָט מען אומגעבראַכט דריי. פאַרן אַנטלויפן פון איין ייד, האָט מען אומגעבראַכט 10 יידן.

ווען עס פלעגן אָנקומען טראַנספּאָרטן פון יידן האָט מען אַדורכגעפירט נענויע רעוויזיעס. דאָס זיינען געווען שרעקלעכע מאָמענטן, וועלכע זיינען אויסגענוצט געוואָרן צו מיאוסע פּערווערזיעס, פייניקונגען און מאָרדן. צו דער דאָזיקער אַרבעט האָט מען ספּעציעל אויסגעקליבן 20 דייטשן, אונטער דער אָנפירונג פונעם באַרימטן בערגנדט און עפּעס אַן „אונטערפירער", וועלכער האָט געהאַט עטלעכע יאָר פּראַקטיק פון לאַגער אין דאַכאַו. רעוויזיעס האָט מען אַדורכגעפירט בא נאַקעטע. מער מי האָבן זיי זיך גענעבן בא פרויען, בפרט, אַז זיי זיינען געווען יונגע און שיינע. בא אַזעלכע האָט די רע־

וויזיע געדויערט לענדער. אַזעלכע פרויען האָבן געמוזט, נאַקעטע, טאַנצן און זיך אויסבוינן אַף פאַרשיידענע אופנים. אָפטמאָל פלעגט דער קאָמענדאַנט פון לאַגער, שיידט, אַליין אַ מענטש מיט די נידעריקסטע חיהשע אינסטינקטן קומען אָפדערנאַכט מיט זיין גאַנצער סוויטע אין די באַראַקן, וווּ עס זיינען געווען יידישע פרויען און אויסקלייבן פון זיי די שענסטע, כדי, ווי ער האָט געזאָגט, אַדורכצופירן באַ זיי אַ פּערזענלעכע רעוויזיע. ער פלעגט פאַר זיך איינאָרדענען אָריגינעלע פאַרוויילונגען, אַ שטייגער, שיסן אין ציל. דער ציל זיינען געווען יידן. ער פלעגט אויך איינאָרדענען צוואַנגס-בעדער פון פרויען און מענער צוזאַמען אין איין זאַל, וווּ עס האָבן זיך געפונען די דוש-בעדער, און געצוווּנגען די מענטשן צו נאַנטע באַציונגען און... בעת דער פאַרוויילונג זיינען געפאַלן שאָסן. צוויי מיידלעך, די שוועסטער וו. פון בילּיץ, די פעיקסטע ביוראָ-אַרבעטערינס זיינען געווען אָנגעשטעלט אין ביוראָ פון דער קאָמענדאַנטור. כ'האָב אַליין געהערט די ווערטער פונעם אָבערשאַרפירער, פּאָספּיך, וועלכער האָט זיי געזאָגט: „איר וועט זיין די ערשטע פון אַלע, וועלכע מען וועט דערשיסן". אַף דער פראַגע, פאַרוואָס? האָט ער געענטפערט: „ווייל צוליב אייער אַרבעט זייט איר איינפאַרטרויט אין אונדזערע ענינים, ס'אַנדערע, מיר מוזן אַלע יידן אויסשיסן". דעם צוזאָג האָט ער געהאַלטן. ער האָט דערשאָסן די מיידלעך וו. מען האָט געזאָגט, אַז דערפאַר, ווייל ער האָט זיך צו זיי געשדכנט אָן דערפאָלג.

אין יולי, אויגוסט און סעפּטעמבער 1943 האָט מען געבראַכט טויזנטער יידן אין לאַגער. באַ יעדן טראַנספּאָרט האָט מען אַדורכגעפירט רעוויזיעס און נאָכדעם סעלעקציאָנירט. יונגע האָט מען אַריינגעפירט אין לאַגער, די עלטערע און קינדער האָט מען אָפּגעפירט אין אויטאָס אַף אַ פּאָליאַנע, וואָס האָט זיך געפונען צוויי קילאָמעטער ווייט פונעם לאַגער, צווישן וואַלד און טייכל. דאָ האָט מען זיי דערשאָסן און פאַרברענט. די איבערגעבליבענע רעשטלעך פון די נישט דערברענטע ביינער האָט מען אַריינגעוואָרפן אין טייך. נאָכדעם האָט מען איבערגעאַקערט דאָס פעלד, וווּ מען האָט דערשאָסן, כדי עס זאָלן נישט בלייבן קיין סמנים פון בלוט. שרעקלעך זיינען געווען די סצענעס, ווען מען האָט אָפּגעריסן קינדער פון מאַמעס, פרויען פון מענער, אָדער פאַרקערט. די לאַסט-אויטאָס האָבן זיך יעדע פאָר מינוט צוריקגעקערט אויסגעליידיקט פון די מענטשן, וועלכע זיי האָבן אַוועקגעפירט און געבראַכט נאָר זייערע קליידער. די מאַמעס האָבן דערקענט די קליידלעך פון זייערע קינדער, מענער — די קליידער פון זייערע פרויען. געשלאָגן האָט מען אומרחמנותדיק. פון די שטויסן קליידער האָבן די דייטשן אויסגעקליבן די

בעסטע פאר זיך די ערגערע האט מען איבערגעגעבן אין די ווארשטאטן צו פאריכטן. נאך א פארענדיקטער אקציע האבן די געשטאפא־לייט גערופן די „פוצערס", זיי זאלן זיי אפפוצן די שטיוול, וועלכע זיינען געווען איינגעטונקען אין בלוט. נאכדעם האט זיך אנגעהויבן א הוליאנקע, וועלכע האט געדויערט ביז אינדערפרי. בעת דער פארוויילונג האבן באדינט יידישע מיידלעך, וועלכע האבן געמוזט זיין טענצערקעס. די געשטאפא-שעפן און פאליציי האבן זיי געצוואונגען צום טאנץ, אפט האט מען געקושט זייערע הענט און אינדערפרי, אין דער ערשטער רייע, האט מען זיי דערשאסן. אף צומארגנס, נאך דער הוליאנקע, האט מען אנגעלאדן פולע אויטאס מיט ברעטער און פעסער בענזין, וואס האט געדינט צום פארברענען די טויטע קערפערס. פלאמען פייער האט מען געזען אף א שטח פון עטלעכע קילאמעטערס ארום. אין לאגער האט זיך באוויזן א הויכער ברייטביינערדיקער מענטש מיט פלינקע אויגן — ס"ס-האופטשארפירער, יאזעף גזשימעק — ער אט איבערגענומען די פונקציע פון שעף פונעם לאגער. דעם פריערדיקן האט מען באזייטיקט, ווייל ער האט אומגעשיקט א היים געשיקט קיין דייטשלאנד א פעקל גאלד, וואס האט געשטאמט פון די רעוויזיעס בא די יידן. גזשימעק האט איבערגעשטיגן זיינע פארגייער מיט אכזריות. ער האט ארגאניזירט א דזשאזבאנד, וועלכער האט צונעשפילט בעת די „אקציעס", אז מען זאל ניט הערן די געוויינען און געשרייען. עס איז נישט אדורך קיין טאג, ער זאל ניט דערשיסן עטלעכע צענדליק מענטשן און איינמאל, בעת א שפאציר, אין גארטן, האט ער דערשאסן צוויי פרויען, וועלכע האבן דארט געארבעט. געווען דערביי איז א ייד פון באכניע, יחיאל צימערמאן. אין איין רגע האט זיך יחיאל געפונען לעבן דעם שעף און מיט א העפטיקן קלאפ מיטן פויסט אין פנים אריין, האט ער אים אומגעווארפן אף דער ערד. ס'האט זיך אנגעהויבן א קאמף אף לעבן און טויט. ביידע זיינען געווען גענוג קרעפטיק. צום באדויערן, זיינען אנגעקומען דריי דייטשן און האבן באפרייט זייער שעף. דעם ייד האט מען געבונדן מיט שטריק. מען האט אוועקגעשטעלט א תליה און אים אויפגעהאנגען בא די הענט, פארבונדן אף הינטן. עס איז געווען שרעקלעך זיין טויט. זיבן שעה איז ער געהאנגען ביז ער איז אויסגעגאנגען. ער האט געבעטן אף זיך דעם טויט... די לעצטע ווערטער זיינע זיינען געווען: „מיינע ליידן זאלן זיין די לעצטע פאר כלל ישראל!" אף אזא אופן זיינען אומגעקומען א סך יידישע יונגעלייט. עס זיינען געווען פאלן, ווען מען האט דעם אויפגעהאנגענעם געצויגן בא די פיס, עס זאל שנעלער קומען דער טויט.

דעם 2־טן נאָוועמבער 1943 איז פאָרגעקומען א גרעסערע „אקציע".
600 זעלנער פון דער „וועהרמאכט" זיינען געקומען אין לאגער, כדי אונ־טערצודריקן דעם עווענטועלן ווידערשטאנד. 3000 יידן זיינען אומגעבראכט געוואָרן. אף צו מאָרגנס זיינען די מאגאזינען ווידער אָנגעפולט געוואָרן מיט קליידונג און וועש. מיר האָבן דערקענט די קליידער פון אונדזערע קאָלעגן.
דעם 6-טן נאָוועמבער האָט מען די „אקציע" באנייט אף דער זעלבער פּאָ־ליאנע. די לעצטע דריי אויטאָס מיט אן ערך 200 מענטשן זיינען נישט דער־פאָרן צום אָרט פון דער עקזעקוציע. ניט קוקנדיק דערויף, וואָס אף יעדן אויטאָ זיינען געשטאנען 12 דייטשן מיט מאשינען־געווער, האָבן זיך די יידן געוואָרפן אף די עסקארטירענדע. ס'האָט זיך אָנגעהויבן א קאמף אף לעבן און טויט, א נישט גלייכער קאמף. איז טאַקע די גרעסטע טייל אפן אָרט געפאלן. אזוי האָט זיך פארענדיקט דער מארטירער־וועג פון די יידן אין שעבניע.

נומער 182.

טאַדעוש בלוט

---

# דערשיסונגען

עס איז אָפט געקומען צו מאסן־דערשיסונגען. אין איין טאָג האָט מען אמאָל דערשאָסן 800 מענטשן, אין א צווייטן — 600. אין די וועלדער פון דאָמבראָווקע און ביערוווקע זיינען ביז איצט פאראן מאסן־קברים פון דער־שאָסענע יידן. אויסגעשטעלט אין זעקסטלעך, נאקעט, מיט פארבונדענע הענט אף הינטן, זיינען זיי געגאנגען, א זעקסטל נאָך א זעקסטל, צום ראנד פון א גרוב, ווו מען האָט יעדן פון זיי, איינציקווייז, אריינגעשאָסן א קויל פון הינטן, אין קאָפּ אריין. מען האָט זיך ניט געפרווט ווערן, און ערשט, ווען מען האָט שוין מער ווי די העלפט אויסגעשאָסן, האָט צווישן די איבעריקע אויס־געבראָכן א געוואלדיקער יאָמער, געוויין און געשריי. קאָמענדאנט פונעם לאגער איז געווען גזשימעק, וועלכן מען האָט גערופן „טאַמעשי". ער האָט געמאכט אן אָנשטעל פון א באשיצער פון קינדער. ער האָט אויסגעבויט א ספּעציעלע אָפּטיילונג פאר זיי, און סוף זומער 1943, אלע דערשאָסן. גזשי־מעק איז געווען א פעדאנטיש ריינער. איינמאָל האָבן צוויי יידישע פרויען, וועלכע האָבן אויסגעקערט דעם לאגער, איבערגעלאָזט צוויי שטיקלעך שמרוי. ער האָט זיי ביידע אליין דערשאָסן. בא איין יידן האָט ער געפונען 50 זלאָ־טעס. ער האָט דעם יידן אפן אָרט דערשאָסן. פאר דער מינדעסטער שולד האָט

מען אָנגעווענדעט הונגער־שטראָף און א 24-שעהדיקן ארבעטסטאָג. די דערשיסונגען זיינען פאָרגעקומען אויסער שעבניע אין קאָלאטשיקי, בא זשימיגראָד. פון די ארויסגעשיקטע אין לאגער אריין פון יאסלע האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט נאָר א פּאָר מענטשן. צווישן די פּייניקונגען, וועלכע זיינען אָנגעווענדעט געווען אין שעבניע איז געווען צווישן אנדערע, אויפהענגען מיט אויסגעדרייטע אף הינטן הענט, אף א סלופּ. אין שעבניע זיינען א חוץ יידן געווען אויך פּוילישע און רוסישע פּאָליטישע ארעסטירטע. צווישן אלע אינטערנירטע אין לאגער האָבן געהערשט פריינטלעכע באציונגען.

נומער 220.

# סקאַזשיסקאָ־קאַמיענאַ

פעליציאַ באַנעט

## פּיקרינע

אפן צווייטן טאָג, נאָך אונדזער אָנקומען זיינען אין די באראקן אריינגעקומען די שעפן און אָנגעהויבן אויסקלייבן צו דער ארבעט. מיר האָבן באלד געזען, אז מיר זיינען אָנגעקומען אין א גיהנום. דער אלגעמיינער אַפּעל, דאָס איז געווען צו צעטיילן די מענטשן אין די באזונדערע פאבריקן. דאָ האָב איך דערזען רויט־גרינע פרויען, געלע מענער, א טאנץ פון סקעלעטן. רעשטלעך פון מענטשן אָנגעטאָן אין פּאַפּירענע פּעלערינקעס אונטערגעבונדן מיט שטריקלעך. הויזן־שמאַטעס געלאַטעט מיט פּאַפּיר. איין פוס אין עפּעס א צעבראָכענער כלי, דער צווייטער איינגעוויקלט אין פּאַפּיר. אף די פּנימער א טעמפּע רעזיגנאַציע. איניקע פון זיי שוואַרץ, מיט אן אויסגעלאָשענעם בליק. איך האָב זיך נאָכדעם דערוווּסט, אז דאָס זיינען מענטשן נאָך א טיפוס.

די שענסטע יונגע מיידלעך, בלאָנדע, מיט ספּעציעל שיינע הענט האָט מען אויסגעקליבן צו דער ערגסטער ארבעט, צו פּיקרינע. בא דער ארבעט זיינען זיי באלד געל געוואָרן, ווי קאַנאַריקלעך און די הענט זיינען באדעקט געוואָרן מיט בלאָטערס. קיינער האָט ניט געוואָלט נעמען די עלטערע פרויען צו דער ארבעט.

פּיקרינע, האָל נומער 13. דער לייטער פאָן העכט, פון לייפּציג, אן 80־יעריקער זקן, א הויכער, א ביסל געבויגן, ער האָט ארויסגערופן א פּאַנישן

שרעק. ווען ער איז אריינגעקומען אין זאל אריין, איז געוואָרן טויט־שטיל.
זיינע דורכדרינגענדיקע, אכזריותדיקע אויגן האָבן געווירקט אזוי, אַז עס
האָט פארגליווערט דאָס בלוט אין די אָדערן. עס האָבן פאר אים געציטערט
אפילו די דייטשן.

פיקרינע איז אַ געלער פולווער, וואָס ווערט באַנוצט בײַ פאבריקאַציע פון
די אונטערוואסער־שיפּלעך. בײַ דער אַרבעט הויבט זיך אין דער לופטן אַ
לייכטער געלער ביטערער שטויב, פון וועלכן אַלץ ארום ווערט געל און בי־
טער. די אַרבעטער געל־גרין, רויט, מיט אויסגעבּרענטע לעכער אף די קליי־
דער, איינגעוויקלט ווינטער אין פאפיר — אַן אָפּגרונט פון נויט. אין ערשטן
טאָג האָב איך נישט געקאָנט אַרבעטן: ס'האָט מיך געשטיקט. כ'האָב גע־
הוסט, ס'רערן זיינען גערונען פון די אויגן, אַ ביטערניש אין מויל. איך האָב
נישט געקאָנט איינשלינגען קיין שטיקל ברויט.

קראַנקע לונגען, אַ ציטערניש אין די קני, מיט אַ ברעכן. דאָס איז געווען
פון דעם פאַרגיפטן זיך מיט פיקרינע. איינער, אַ וואַרשעווער, אזאַ קרעפּ־
טיקער מאַן, אַז ער פלעגט אַליין ברענגען די קעסלען מיטן עסן פון דער
קיך און מען פלעגט אים נעמען צום איבערטראָגן די טויטע, איז קראַנק
געוואָרן אף די פיס און אזוי מאָגער געוואָרן, אַז אין משך פון אַ חודש, איז
ער געוואָרן אַ „מוסולמאַן". אין אַנדערהאַלבן חדשים איז ער געשטאָרבן. די
אַחבעט איז געווען ספּעציעל שווער בײַ דער פּרעס. דער קלענסטער פעלער
רופט אַרויס אַן אויפריים. איין יינגל האָט געברענט, ווי אַ ליכט, קוים אַן
אָפּגערטעוועטער, שרעקלעך אָפּגעבריטער, איז ער דאָך געווען גליקלעך, וואָס
אַ דאַנק דעם פּאַרפאַל, איז ער אַריבערגעפירט געוואָרן צו אַן אַנדערער אַר־
בעט. בײַ די מילן מאַשין, וועלכע זיינען געשמירט מיט בוימאייל ווירקט די
פאַרייניקונג פון פיקרינע מיט בוימאייל אזוי, אַז עס ווערט פאַרברענט די
הויט און עס ווערן ווונדן אף די הענט. דער מייסטער איז ניט אַריינגעקומען
אין זאַל. ער פלעגט בלייבן שטיין אף דער שוועל, געהאַלטן אַ טיכעלע באַם
מויל און זיינע פאַראָרדענונגען געגעבן פון דער שוועל. פון די פיקרין־אַר־
בעטער האָט מען זיך אָפּגערוקט, ווי פון קרעציקע. אין זייער נאָנטקייט איז
אַלץ ביטער געוואָרן. זיי האָבן זיך נישט געקאָנט וואַרעמען באַם אויוון, ווייל
אונטער דער ווירקונג פון וואַרעמקייט האָט דאָס ביטערקייט פון פיקרין אויס־
געדעמפט אין דער לופט און דאָס עסן איז ביטער געוואָרן. מען האָט געשפּאָט
פון זיי, זיי נאָכגעשריען: „עס גייען קאַנאַריקלעך". די נאָרמע האָט פון
אָנהייב אויסגעמאַכט 7 קאַסטנס. מען האָט צוגעזאָגט „פּייעראַנט" נאָכן
אויספילן די נאָרמע. האָט געהערשט אַן אומענטשלעכע איילעניש, אַ יאָ־

גניש, איינער האָט געיאָגט דעם צווייטן, מען זאָל וואָס שנעלער ענדיקן און גיין אין די באַראַקן, ווייל דאָס אָפּוואַשן זיך פון דער פּיקרינע און זיך אָפּ־רייניקן האָט אויך פאַרנומען זייער פיל צייט. די דייטשן האָבן אויסגענוצט די דערפאַרונג, זיך איבערצייגנס, אַז מען קען פאַרגרעסערן די נאָרמע, און גע־געבן 8, 9 און נאָכדעם 11 קאַסטנס, אַלס נאָרמע.

מען האָט באַקומען 25 דעקאַ ברויט און אַ זופּע פון עפּעס פאַר־שטונקענע קאַרטאָפל־שאָלעכץ, צוויי מאָל אין דער וואָך עפּעס אַ זיסע זופּע, אַ נודנע און פאַרשטונקענע. אַזוי, אַז ניט סוקנדיס אַפן שטאַרקן הונגער האָב איך זי אַוועקגעשטעלט מיט אַ ווידערגעפיל. איך האָב געהאַט 11 שעה אַרבעט אַ טאָג. פריער האָט די נאָרמע אויסגעמאַכט 3 קאַסטנס ד. ה. 270 שטיק, איצט 11 קאַסטנס, ד. ה. 1000 שטיק. די מענטשן האָבן באַקומען אַזוי פיל קלעפּ פון די מייסטערס, אַז יעדער שטיקל אָרט אין זאָל איז געווען דורכגענעצט מיט בלוט. מען האָט געשלאָגן מיט העמערלעך איבערן קאָפּ. פאַר דער ליקווידאַציע האָט מען אויסגעבעסערט דעם וויקט פאַר די פּיקרינער: אַ דריטל ליטער אָפּגעצויגענע, אָפּגעמאָגערטע מילך און 25 דעקאַ קאַשאַנקע (אַ מין ווורשט) איינמאָל אין וואָך אַלס צוגאָב צו דער מערדערישער אַרבעט. אַפן האָל נומער 13 האָבן די אַרבעטער נאָך דריי חדשים זיך „אויס־געענדיקט". אין בעסטן פאַל זיינען זיי אַרויס מיט קראַנקע לונגען. אַז עס זיינען אויסגעשטאָרבן די מענער, האָבן די פרויען זיי פאַרטראָטן בא דעם פרעס. בעת דער ליקווידאַציע פונעם לאַגער, האָט מען אַרויסגעענדיקט אַלע פּיקרינער, ווייל די דייטשן האָבן ניט געוואָלט אַרויסלאָזן אַף דער וועלט די געלע מענטשן. עס האָט זיך אַרויסגעראַטעוועט נאָר איינער, וועלכער האָט זיך אויסבאַהאַלטן בעת דער סעלעקציע.

אַזאַ מערדערלעכע אַרבעט, וואָס ציט אַזוי אַרויס דאָס געזונט, פאָדערט אַ ספּעציעל גוטע דערנערונג, און דערפאַר האָבן די פּיקרינער אַמשטאַרקסטן געליטן פונעם הונגער נאָך מער, ווייל אַלע פלעגן זיך פון זיי אָפּקערן מיט אַ ווידערווילן און קיינער איז זיי נישט געקומען צו הילף. די שטרעבונג פון יעדער פּיקרינער איז געווען צו באַקומען נאָך אַ לעפל געקעכץ און דערפאַר פלעגט מען זיך שלאָגן פאַר דער מעגלעכקייט אויסצולעקן די פעסלעך און די רעשטלעך פון דער אַרויסגעגאָסענער אַף דער ערד, זופּע. דאָס האָבן גע־קאָנט טאָן נאָך די שטאַרקערע. די דייטשן האָבן מיט אַ סאַדיסטישן פאַר־געניגן זיך צוגעקוקט צו די דאָזיקע געשלעגן פון די הונגעריקע און איינמאָל האָט דער לייטער פונעם „ווערק", אַ דייטש, דערזעענדיק אַ ייִנגל, וועלכער האָט געלעקט דאָס פעסל, אַריינגעשטופּט אים מיטן קאָפּ אינעווייניק און דאָס

יינגל איז געבליבן אַזוי שטעקן אין דער פּאָזיציע אַזוי לאַנג, ביז דעם דייטש איז נמאס געוואָרן דאָס בילד...

טיפוס. אַלץ איז געווען פאַרלייזיקט. האָט זיך פאַרשפּרייט די טיפוס־עפּידעמיע. ס'האָט זיך אָנגעהייבן פון איינצלנע פאַלן. דער קליינער באַראַק, וועלכער איז געווען, כלומרשט, דער שפּיטאָל, האָט ניט געקאָנט אַריינעמען די קראַנקע. דער פריערדיקער באַראַק נומ' 7, איצט: „קראַנקענהאויז" — אַ קליין צימערל, שמוץ אַ געדעמפּטקייט; אַ שרעקלעכער געריך שטויסט אָפּ פון דער טיר. די קראַנקע אויף די ברעטער, כמעט נאַקעטע, אמתע געשפּענסטער און צעפּליקטע שמאַטעס, אין קאָלדרעס, זיי ווערן באַגנבעט פון זייערע פאַרציעס עסן. מחנות לייז קריכן איבער די געשוואָלענע פון הונגער לייבער. דער קראַנקער איז אויסגעגאַנגען פון דורשט, ס'האָט אים קיינער קיין ביסל וואַסער נישט דערלאַנגט. באַ די וועלכע האָבן זיך געפונען אין אַ באַוווסטלאָזן צושטאַנד האָט מען צוגענומען זייערע בעסטע זאַכן. מען האָט אַרויסגעריסן די גאָלדענע ציין פון מויל באַ די גוססדיקע און באַ די געשטאָרבענע. אַזוי ווי די קראַנקע האָבן נישט געקאָנט אַלע אָנקומען אין שפּיטאָל, האָט מען זיי געלאָזט אין די באַראַקן אָן אַ דאָקטאָר, אָן הילף, פאַרשטיים זיך. עס זאָלן אָבער נישט פאַרשוועכט ווערן די פאָרמאַליטעטן, פלעגט איינמאָל אין וואָך אַריינקומען אַ דאָקטאָר, ער פלעגט פאַרשרייבן צעטעלעך אויף באַפרייען פון דער אַרבעט און פלעגט שאָקלען מיטן קאָפּ — קיין רפואות זיינען נישט געווען. די קראַנקע זיינען געלעגן צוזאַמען מיט די געזונטע אויף דער זעלבער פּרימשע. אין שטאַרקער היץ, אין באַוווסטלאָזן צושטאַנד פלעגן די קראַנקע „מאַכן" אונטער זיך. אָפט פלעגט די געזונטע שכנטע זיין איינגעשמירט מיט די אומריינקייטן פון דער קראַנקער. די קראַנקע האָבן פון דער היץ געשריען, געקרעכצט, גערופן „מאַמע", זיך געדרייט פון זייטיק. באַנאַכט האָט מען נישט געקאָנט שלאָפן איבער דער שווערער לופט, דעם געשטאַנק און געשרייען. איניקע האָבן געהאַט דעזינטעריע; אַנדערע האָבן געבראָכן און דאָס אַלץ האָט זיך געגאָסן אויף די חרבטעס, וועלכע זיינען געלעגן אויף די אונטערשטע שטאָקן פּרימשעס. די פרויען פון דער באַדינונג האָבן צוגענומען באַ די קראַנקע זייערע פאַרציעס עסן. וואָכנלאַנג האָבן די קראַנקע נישט באַקומען זייערע לעבנסמיטל צוטיילן. פון 1500 קראַנקע זיינען 900 געשטאָרבן. נאָך די געשטאָרבענע פלעגן קומען צוויי טרעגערס מיט טראָגבעטלעך, אַראָפּשלעפּן דעם בר-מינן באַ די פיס מיט פּאַסן, צודעקן מיט אַ שוואַרצער שמאַטע און אַוועקטראָגן צו דעם קאַסטן באַ דער לאַטרינע. ווען עס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אַ סך טויטע האָט מען זיי, ווי מיסט אין אַ פור אַרויסגעפירט, ניט באַקאַנט וווהין.

קאָמפּליקאַציעס נאָכן טיפוס: די גרעסטע טייל קראַנקע זיינען ניט נאָר־מאָל, ריידן פונעם וועג, אָפּגעשוואַכטע. אַפן וועג צו דער אַרבעט פלעגן זיי פאַלן און זיך צעקאַליעטשען די קניעס. איינע פלעגט אונטערשפּאַרן די צווייטע. נאָכן טיפוס פלעגן קומען קאָמפּליקאַציעס מיטן מאָגן: דעזינטעריע, פלעגמאָנע, פּאַראַליטש פון די מוסקולן. עס זיינען אָפּגעשוואַכט געוואָרן אַלע חושים. אָבער אַרבעטן האָט מען געמוזט גיין. דאָס שרעקלעכסטע איז געווען נאָכן טיפוס. געהעכערטע טעמפּעראַטור און דעזינטעריע, וואָס האָבן געקאָנט דויערן חדשים־לאַנג. די „נאָכטיפוס"־מענטשן האָט מען נישט גע־וואָלט שפּעטער נעמען צו לייכטערער אַרבעט. מען פלעגט זיי אָפּשיקן צו פאַרשיידענע שווערע אַרבעטן, כדי זיי „אַרויסצוזענדיקן". פאַר גרויס געלט האָבן זיי זיך געקענט אויסקויפן.

פעסטשטעלן די נאָרמע: מען האָט געדאַרפט אַריבערטראָגן צענדליקער (טויזנטער גראַנאַטן פון איין מאַגאַזין אין אַ צווייטן. מען האָט אונדז אויס־געשטעלט אין אַ לאַנגער דאָפּלטער קייט איינע פון דער צווייטער אַף אַ שטח פון אויסגעשטרעקטע אָרעמס. קאָנטראָלירט האָט פאָן־העכט. ער איז גע־שטאַנען מיט אַ זייגערל אין די הענט און קאָנטראָלירט דעם טעמפּאָ פון איבערטראָגן די גראַנאַטן (יעדער גראַנאַט — 50 קילאָ וואָג). אַזוי, ווי אין משך פון 10 מינוט האָט מען איבערגעטראָגן אַ געוויסע צאָל גראַנאַטן, האָט ער אויסגערעכנט וויפל מען קאָן איבערטראָגן אין אַ שעה, און נאָכדעם, אין 12 שעה, ניט גענומען אין אכט, אַז אין די ערשטע 10 מינוטן איז די אַרבעט פּראָדוקטיוו, מען איז נאָך פריש, נישט אַזוי מיד. נישט גענומען אין אכט קיין אָפּרו, און דאָס, וואָס אין זיין קעגנוואַרט האָט מען פאַר מורא געאַרבעט מיט אַ פיבערהאַפטער שנעלקייט, ווייל פאַר אַ מינדעסטן פעלער האָט מען געקענט אין בעסטן פאַל באַקומען מיטן שפּיצרוט איבערן פּנים. אַ זייער שווערע אַרבעט, וועלכע האָט איבערגעשטיגן די כוחות פון געזונטע פרויען, שוין נישט ריידנדיק וועגן די, נאָך אַ טיפוס־קראַנקע און שטענדיק הונ־געריקע. נאָך אַ פּאָר שעה איז דער טעמפּאָ פון אַרבעט אָפּגעשוואַכט געוואָרן. די פרויען האָבן געחלשט. מען האָט אונדז אָנגעהויבן יאָגן, מען האָט אונדז אַפילו נישט דערלויבט צו גיין אין קלאָזעט. די פרויען האָבן געוויינט, עס האָבן זיך אָפּגעשפּילט דאַנטע־סצענעס. מען האָט געבעטן אַ רגע אַף אָפּרוען זיך, אָבער אָן דערפאָלג. דאָס איז נישט געווען אין דער קאָמפּעטענץ פון די פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן אונדז געהיט. זיי האָבן געמוזט אויספירן דעם באַפעל פונעם שעף און ווען נאָך 16 שעה אַרבעט איז די נאָרמע דאָך נישט געווען אויסגעפילט, האָבן מיר דאָס געמוזט דעראַרבעטן זונטיק, באַטש

זונטיק איז געווען א פרייער טאָג. (יעדער דריטער זונטיק האָט געזאָלט זיין פריי פון אַרבעט).

אין דער זעלבער צייט, ווען מען האָט אין די וועלדער פון סקאַזשיסקאָ פאַרברענט מעגלעך צענדליקער בראַנספּאַרטן מיט קרבנות, וועלכע מען פלעגט אָנברענגען פון אַרום, איז אין סקאַזשיסקאָ-שטאָט געגאַנגען אַ פּראָפּאַגאַנדע-פילם אין וועלכן די דייטשן האָבן פּרובירט זיך ריינצווואַשן און אַרויפוואַרפן די גאַנצע שולד אויף די פּאָליאַקן, וועלכע מאָרדן, כלומרשט, יידן אין דער צייט, ווען זיי, די בעל-טובה'ניקעס, האָבן די יידן איינגעאָרדנט אין לאַגער, נעגעבן אַרבעט און גענומען אונטער זייער שוץ, געראַטעוועט זיי פון די פּאָליאַקן.

נומער 218.

מאַריאַ שעמטער

---

## די פּיקרינע ווירקט. „דער פּרעס".

ווען איך בין אַריינגעקומען אין דער פאַבריקס-האַלע, האָב איך מיך אין דער ערשטער רגע געוואָלט צוריקציען און אַנטלויפן. עס האָט מיר אַ שלאָג געטאָן אַ געדעמפּטקייט פון דער לופט און אַ ביטערניש האָט אָנ-געהויבן אַריינדרינגען אין דער נאָז און אין האַלדז. איך האָב אָנגעהויבן הוסטן, זיך שטיקן. טרערן האָבן געררונען פון די אויגן. ס'האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז איך וועל קיין מינוט נישט אויסהאַלטן. כ'האָב אָבער געמוזט זיך זעצן באַם טיש און אַרבעטן. אַ פאַרעיפּושטער ריח פון פאַראַפין האָט זיך אַריינגעגאָסן אין די לונגען און געשטיקט. די הייסע קלעצלעך, וואָס זיינען נאָר וואָס אַרויס פונעם קעסל האָבן געבריט די הענט. איך בין געווען שלע-פעריק און הונגעריק, אָבער אַרבעטן האָט מען געמוזט שנעל, ווייל עס האָט פאַרפליכטעט אַ נאָרמע. אַלע מאָל האָט מיך גערופן צו אָרדענונג די שטימע פון דער „פאַראַרבייטערין", וועלכע האָט געשריען אויף מיר און געיאָגט אין דער אַרבעט. איך בין געזעסן שטיל, טרויעריק און אָפּגעלאָזן.

איך האָב זיך צוגעקוקט צו מיינע חברטאָרינס. באַ דער עלעקטרישער באַלייכטונג האָט מען נישט געזען זייער פאַרגעלטקייט. זיי האָבן אויסגעזען ווי אַלע מענטשן. נאָכדעם האָבן זיי אָנגעהויבן זינגען טרויעריקע לאַגער-לידלעך. ענדלעך איז פאַרטיק געוואָרן די נאָרמע. מיט איין אָטעם האָבן מיר זיך געלאָזט צו די „וואַשראַומען". איך האָב שנעל אָראָפּגעוואָרפן פון זיך די

קליידער, וועלכע זיינען געווען אדורכגעדרונגען מיט דעם געלן שטויב און אנגעהויבן, מיט אלע כוחות צו וואשן, צו רייבן, ווי א פארלאנגע, מיין לייב. איך האב געוואלט פאר יעדן פרייז אראפרייבן פון זיך די סמנים פון געלקיים. איך בין געווען איבערצייגט, אז דאס האט זיך מיר איינגעגעבן. איך האב מיך אנגעקוקט אין שפיגל. דאס עלעקטרישע ליכט האט נישט פאראטן גארנישט. צופרידן מיט זיך בין איך ארויסגעלאפן באגעגענען מיין שוועסטער וועלכע איז אנגעקומען פון א צווייטער ארבעט. „נו, ווי איז דיר דארט געגאנגען"? — האב איך שוין פון דערווייטנס געשריען א נייגעריקע. „אויסער־געוויינלעך גוט" — האט זיך געפרייט די שוועסטער — „איך האב באקומען די לייכטסטע ארבעט, איך וועג, שטעלסט דיר פאר, איך וועג א ווייסן פולווער, נישט קיין געלן, איך וועל איבערהויפט נישט זיין געל!"... — האט זי גע־שריען א צופרידענע. „אזוי?... איך ווארשיינלעך אויך נישט, אמת, אז איך בין נישט געל?" די שוועסטער האט זיך צוגעקוקט אויפמערקזאמער: „ניין מ'זעט גארנישט. קום שנעלער, מיר גייען שוין". פארן אריינגיין אין באראק, נישט קוקנדיק אף דער שרעקלעכער מידקייט האב איך נאך אריינגעקוקט אין „וואשראום". עס איז געווען קאלט, פינצטער און פוסט. דורך די אויס-געהאקטע שויבן האט אריינגעווייעט דער דורכדרינגלעכער נאוועמבער-ווינט. עס האט מיך אבער גארנישט אפגעהאלטן. איך האב זיך אויסגעטאן נאקעט און ווידער אנגעהויבן וואשן. אין דעם ערשטן מאמענט האב איך געמיינט, אז די פיס וועלן מיר צוגעפרוירן ווערן צו דער פארלאנגע און די הויט וועט זיך באדעקן מיט אן אייז-איבערצי. איך האב פארביסן די ציין מיטן פעסטן בא-שלוס, פאר יעדן פרייז צו בלייבן ווייס. ענדלעך, אפגעוואשן, בין איך צי־טערנדיק פון קעלט אריין אין באראק און זיך צוגעטוליעט צו דער שוועסטער וועלכע איז שוין געשלאפן, איך האב געוואלט זיך לעבן איר אביסל אנ־ווארעמען.

גאנץ פרי האבן זיך די גרופעס אויפגעהובן צו דער ארבעט. די בא-וועגונג אין באראק האט מיך אויפגעוועקט. איך האב דערפילט א ביטערניש אין מויל און דורשט. איך בין צוגעגאנגען אין „וואשראום" נאך וואסער. אפן וועג האב איך באגעגנט באקאנטע, וועלכע זיינען געגאנגען צו דער ארבעט. איך האב זיך מיט זיי באגריסט, ווי שטענדיק מיט א הארציקן גרוס, אבער ס'האט מיר קיינער נישט געענטפערט. מען האט געקוקט אף מיר מאדנע, מיט עפעס א ווידערווילן און שרעק אין די אויגן. מען איז אדורכגעגאנגען שווייגנדיק. א סך האבן צוועקגעדרייט דעם קאפ. „וואס איז דאס"? האב איך מיר גע־טראכט. איך האב אנגעהויבן שנעלער גיין און אלע מאל באגעגנט פאר־

פּרעמדטע, אָפּשטויסנדיקע בליקן. איך האָב אָנגעהויבן לויפן. איך בין אריין אין באַראַק און בײַ דעם ערשטן מיידל, וועלכע איך האָב געטראָפן אין טיר, אַרויסגעריסן איר שפּיגעלע. איך האָב געגעבן אַ קוק און בין געבליבן פאַרשטאַרט — מײַן פּנים — אַ געלס, אַ פאַרעלטערטס אויף 10 יאָר!...

די העל־בלאָנדע האָר מײַנע זײַנען געוואָרן גרין־געל, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס בײַ דער אַרבעט איז דער קאָפּ געווען פעסט אַרומגעבונדן מיט אַ טיכל, — שאַרפע געלע פלעקן האָבן זיך געצויגן אַרום די אויגן, נאָז און מויל. איך האָב זיך אַליין באַקוקט פון אַלע זײַטן. די נעגל און הענט — רויט, דער קערפּער — געל, דער מאַגן אויף מיר — געל, די שיך אויך געל — איך בין געווען געל אינגאַנצן, ווי גרויס איך בין געווען, פון קאָפּ ביז פיס! און דאָס נאָר נאָך איין נאַכט אַרבעט. איך בין צוריקגעגאַנגען אָפּן געלעגער, אויף דער פּריטשע. עס האָט זיך אויפגעכאַפּט העלאַ, מײַן שוועסטער: „גייסט ערשט שלאָפן? ס'איז שוין שפּעט". איך האָב אַ צי געטאָן די דעק און האָב זיך איבערגעדעקט איבערן קאָפּ, די שוועסטער זאָל מיך נישט זען. „ניין, איך וועל נישט אויפשטיין אַ גאַנצן טאָג. איך האָב נישט צו וואָס. איך בין שוין געווען אין „וואַשרוים", קיינער קען מיך שוין נישט, איך האָב נישט קיין באַקאַנטע. די מענטשן האָבן אַפילו קיין מיטלייד אין זייערע בליקן נישט געהאַט. איך וועל אַרויסגיין נאָר באַנאַכט צו דער אַרבעט און אַ גאַנצן טאָג זיך קיינעם נישט באַווײַזן פאַר די אויגן. איך בין געל, פאַרשאָלטן, מען מיידט מיך אויס, ווי די פּעסט...

מיר גייען אין אָוונט, אַ גרופּע אין פאַבריק אַריין. אין דער וואָך הויבן מיר אָן אַ נאַכט־שיכט. ווער ווייסט, ווי דאָס וועט זײַן, צי וועלן קומען אַ געוויינטלעכע צאָל מענער צו דער אַרבעט, צי וועלן זיי ניט פאַלן פון הונגער און דערשעפּונג פאַרן באַראַק, צי וועלן זיי נישט אַנטשלאָפן ווערן אויף דער פאַרנעלטער פּריטשע און מער נישט אויפשטיין, און אפשר האָט עמיצער באַקומען אַ בלוט־פאַרגיפטונג פון דער פּיקרינע, און עס איז אים שטײף געוואָרן אַ פוס צי אַ האַנט און ער קען נישט רירן דערמיט? אַזעלכע פאַלן זײַנען דאָך אויף דער טאָג־אָרדענונג. אַ פאַקט איז, אַז די צאָל מענער, וואָס אַרבעטן אין דער האַלע נומער 13 האָט זיך שרעקלעך פאַרקלענערט און די פרויען האָבן זיי געמוזט פאַרטרעטן בײַ דער אַרבעט און דעריבער איז די ערגסטע אַרבעט אין די נאַכט־שיכטן. די מיידלעך גייען פאַמעלעך, שווײַגן, זיי זײַנען דערפרירט און יעדע פון זיי טראַכט דאָס זעלבע: וועמען וועט דער מייסטער הײַנט שיקן צום פּרעס?

די פאבריק־געביידע. מען שטעלט זיך אויס אין פירטלעך, ווי שטענדיק פארן טויער. פון אנטקעגן קומט ארויס דער דייטשער מייסטער. ער ציילט... וואס? ווידער פעלן מענער? — שרייט ער משוגע אויפגערעגט אף דעם על־טערן פאליציאנט, וועלכער שטייט און ציטערט. „איך וואָרן דאס לעצטע מאל, אויב עס וועלן זיך ניט שטעלן מארגן צו ארבעט אלע קראנקע, וועל איך אוועקשטעלן בא דער פיקרינע־פרעס פרויען! — ער קומט צו נענטער צו די רייען פון די מיידלעך און אין די רייען ווערט טויט־שטיל. דער דייטש שטייט פאר א צוזאמענגעדריקטער גרופע פארגעלטע אומגליקלעכע באשע־פעניש. ער איז א הויכער, אזא אומגעהויער הויכער אין פארגלייך מיט די איינגעשרומפטע פון שרעק און בלייך־געווארענע פרויען. זיין אונטערגע־הויבענער זעלנערישער קערפער מאכט אים נאך העכער. די זון שיינט מיט טויזנטער שטראלן אין זיין אפצייכן אפן היטל, שפיגלט זיך אפ אין זיינע גלאנציקע כאלעוועס פון די שטיוול. דער מייסטער זעט אויס אין די דאזיקע גלאנצן, ווי עפעס א מעכטיקער הערשער, דער הער, וואס האלט אין זיינע הענט אונדזערע לעבנס. מיט א גלייכגילטיקן קאלטן בליק נעמט ער ארום אונדזערע פנימער, וועלכע ווערן בלייך אונטער זיין בליק און ער קוקט גלייך, ווי ער וואלט זיך געוואלט אנזעטיקן מיט אונדזער פחד. א שטילקייט הערשט אזעלכע, אז מען הערט, דאכט זיך, דעם משוגענעם ריטם פון אונדזערע אומ־גליקלעכע הערצער, וואס ווארטן אפן פסק־דין. און פלוצים דערהער איך די שטים פונעם פאליציאנט: „דו גייסט היינט צום פרעס". איך גיי פאמעלעך ארויס פון דער ריי. אין לעצטן מאמענט האב איך נאך געהערט ווי די פאר־בליבענע חברטעס מיינע האבן מיט פארלייכטערונג אפגעאטעמט. די פיס, וועלכע זיינען נאך אנגעשוואלן נאכן איבערגעקומענעם טיפוס בייגן זיך עפעס מאדנע אונטער מיר. איך גיי פאמעלעך אדורך לעבן מייסטער און שטעל זיך צו דער גרופע ארבעטער באם פרעס. איך גיי אריין אין זאל און מיר פאר־נעמען די ערטער. איך אײנע און דריי פרעסערס. איך זעץ זיך אף א הויך בענקל אפן ארט פון אן אנשיטער. — „איך בעט אייך, שיט אן זעגעכץ אין דער עפענונג, פארמאכט די כלי מיט דעם פארשטעק און גיט זי א שטויס צו מיר. וואס? איר ארבעט דאס ערשטע מאל באם פרעס? אוי, דאס איז שרעקלעך. איר מוזט זיך צואיילן, ווייל מיר מוזן מאכן די נארמע. די נארמע מוז זיין, פארשטאנען? אפילו אלע אנדערן זאלן פלאצן, ס'הארץ זאל קלאפן מיט א משוגענעם פולס, די נארמע מוז זיין, מוז! יענע האבן שוין געמאכט א האלב קעסטל און מיר הויבן ערשט אן. שנעלער, שנעלער אום גאטעס ווילן!" איך ווער אינגאנצן אן אויטאמאט; איך האלט די נערוון געצווימט, עס

עקזיסטירט פֿאַר מיר גאָרנישט אין דער וועלט נאָר די עפּענונג בא דער כלי און די קופּעס מיט טראָטיל, וועלכן מען האָרף אריינשיטן, אריינשיטן און אויפֿהער. איך הער נישט מער ווי די אויסגעשרייען פֿון די חברים: שנעלער, שנעלער, שנעלער אָנשיטן! די האַנט, טראָטיל, די עפּענונג, דער אַפּאַראַט, אריינשיטן, פֿאַרמאַכן, אַוועקשטופּן, וואָס אַמאָל שנעלער, נאָך שנעלער! די אַפּאַראַטן פֿינקלען מיר פֿאַר די אויגן. ס׳באַטויבט מיך דאָס פּייפֿן פֿון שמאָל און קלאַפּן פֿונעם פּרעס. דער שטויב, וואָס הויבט זיך אויף פֿונעם אריינגעשאָטענעם טראָטיל עסט זיך מיר אַריין אין די אויגן, פֿאַרשטאָפּט די נאָז, שווימט אַראָפּ אין ווייסע שנירלעך צוזאַמען מיטן שווייס אין מויל אַריין. איך שלינג אין דער שנעל אַראָפּ די ביטערניש, ווייל איך האָב נישט קיין צייט אָפּצווישן דעם פּאַרעוויצמן שטערן. איך טאָר אַף קיין רגע נישט איבערייסן די אַרבעט, נישט אויפֿהויבן די אויגן, ווייל די אַפּאַראַטן, געשטופּט מיט די געזונטע הענט פֿון די מענער קומען, פֿליען אָן אויפֿהער צו מיר. שנעלער! — שרייט אַף מיר אַלע מאָל אַן אַנדערער פֿון די דענערווירטע אַרבעטער. יענע פּרעסן מאַכן שוין דאָס פֿערטע קעסטל און מיר האָבן נאָך קיין צוויי נישט פֿאַרטיק! איך ענטפֿער גאָרנישט, ווייל מיינע ווערטער וואָלטן געווען סאַמע ביטערניש, וועלכע איך שלינג דאָ אַראָפּ אָן אויפֿהער. איך האָב מורא אַ קוק צו געבן אַף זיי. בעסער נישט קוקן, נישט אויפֿהויבן די אויגן, ווייל הויבסטו אויף די אויגן, באַגעגענען דיך דריי פֿאָר אַריינגעשרויפּטע אין דיר, משוגענע פֿון כעס, אויגן. דו ווערסט אינגאַנצן פֿאַרציטערט, ווייל דאָס זיינען אויגן נישט פֿון הונגעריקע, אָדער קראַנקע, עס זיינען אויגן פֿון מענטשן, משוגענע פֿון פּחד, וועלכע עס יאָגט און שמייסט — די נאָרמע. מען קען פֿון זיי גאָרנישט אַרויסלייענען אַ חוץ דעם איינעם חיהשן פֿאַרלאַנג — אויספֿילן די נאָרמע, די אַליינהערשערין, די מעכטיקע האָט זיך אַוועקגעזעצט אין דער האַלע און קיניגט איבער די פּרעסן. זי לאַכט גאַליק פֿון די פּרעסער און מען הערט זי אין דעם דורכדרינגענדיקן פּייפֿן פֿון די שטאָלענע כלים, זי כיכיקעט פֿון זייער אימה און שטשירעט עלף שטשערבאַטע ציין. ציין האָט זי פֿון 11 טראָטיל קלעצלעך און זיי באַדייטן 11 קעסטלעך און יעדער קעסטל 150 קלעצלעך... און דאָס אַלץ דאַרף מען אויספֿילן אין איין נאַכט! — שיט שנעלער, ווייל מיר וועלן נישט אויספֿילן די נאָרמע! — שרייט דער פּרעסער. איך האָב מורא פֿאַר זיי, מורא! דאָס זיינען נישט קיין חברים פֿון אַרבעט, דאָס זיינען אויסוואָרפֿן, בעסטיעס. אויב איך וועל נישט מיטהאַלטן מיט זייער טעמפּאָ, וועלן זיי מיר אַראָפּוואַרפֿן אַ כלי פֿון 25 קילאָ אַף די פֿיס אַזוי, אַז איך וועל ווערן אַ קאַליקע אַף אייביק, אָדער זיי וועלן מיר צעקוועטשן די

פינגער מיטן אײַזערנעם פאַרשטעק, אַז איך װעל פון װײטיק װאָיען און בלוט װעט אַרױסשפּריצן פון אונטער די נעגל. איך פיל אין אַ געװיסן מאָמענט, אַז איך פאַרליר די כּוחות. אַלץ הױבט זיך מיר אָן צו דרײען פאַר די אױגן. איך קאָן ניט טרעפן מיטן טראָטיל אין דער עפענונג, איך צעשיט דעם פּולװער אַפן פרעס. איך פאַרגעס אָפּצורײניקן דעם פאַרשטעק, די הענט ציטערן מיר אַזױ, אַז איך בין נישט אומשטאַנד אָװעקצושטופּן די כּלי און קער זי איבער אַפן טיש. די חברים קוקן זיך צו מיר צו פון אונטערן אױג. אַ, מורמלט אײנער — זי איז שױן אַ פּאַרטיקע. לאַנג װעט זי נישט אױסהאַלטן. — װאָס טוט איר? — שרײט אױפגערעגט דער פרעסער פון אַנטקעגן — פאַרװאָס רײניקט איר נישט אָפּ דעם פאַרשטעק? עס קאָן דאָך קומען צו אַן אױפרײס און מען װעט אײך חושד זײן אין סאַבאָטאַזש. איר װײסט, װאָס דאָס באַדײט? אױב אין בעסטן פאַל װעלן די „װערקשוץ" אײך נישט דערשיסן אין װאַלד, װעט דער מײסטער אײך צעברעכן די ריפּן און דעם קאָפּ מיט די שװערע זעלנערישע שטיװל, פאַרורטײלן אַף הונגער, אַרײנזעצן אין בונקער און אַפילו דאָס ביצל קאַשאַנקע, װאָס מען גיט אונדז אײן מאָל אַ װאָך װעט ער אײך נישט געבן! — איז זײט אױפמערקזאַם — רופט זיך אָן אַ צװײטער אַרבעטער, קוקנדיק אַף מײן בלאַס געװאָרענעם פּנים און פאַרװײנטע אױגן. — עס איז נאָך דאָ נאָר אַ האַלבע שעה צו אַ פּױזע. װען איר װאָלט זיך אָנגעשטרענגט ביז צו דער פּױזע װאָלטן מיר געקענט אין איבעררײס, צװישן אײן קעסטל און דעם צװײטן צולױפן צו דער טיר און אַרײנכאַפּן אין די אױסגעבראָכענע לונגען אַ ביסל פרישע לופט!

איך שלינג אין דער גיך פון אַ פאַרקאָפּטשעטער מענאַזשקע אַ ביסל קאַלטן זױערן זופּ. מײן מױל, מײן האַלדז איז װי אַ רער אָנגעפילט מיט ביטערקײט. איך עס אױף די ביטערניש צוזאַמען מיטן אָװנטברױט און נאָכדעם גײ איך אַרױס פונעם זאַל. און פּלוצים באַפאַלט מיך אַ בײזער גאַליקער געלעכטער. עס פאַלט מיר אױף דער קאָנטראַסט: עס קומט צו מיר, פונעם װאַלד די זומערדיקע אױסגעשטערנטע נאַכט מיט טױזנטער שמעקעדיקע ריחות, נעמט אַרום מיט דער טונקלקײט און מיט דעליקאַטער באַרירונג שליסט זי, צום שלאָפן די מידע אױגן און הינטער דער נאַכט — שנײדיק, מיט עלעקטריע באַלױכטענע פאַבריק־האַלעס, אַ געקלאַפּערײ און אַ געקלינגערײ פון מעטאַלענע שטיקער. געדעמפּטע לופט, בײסיקער שטױב און װײסע פון טראָטיל־פּולװער, מענטשלעכע סקעלעטן, װאָס האַלטן זיך קױם אַף די פיס און װעלכע שטופּן אָן אױפהער די שװערע כּלים פונעם פרעס.

אָבער עס איז ניטאָ קיין צייט אַף נאָכצודענקען. עס קלינגט דאָס גלעקל און רופט צו דער אַרבעט. איך זעץ זיך צוריק צו מיין אַרבעט. מיינע חברים לעקן אויס ריין דאָס פּעסל פון דעם זופּ. אַכטונג! — עס קומט צו מיר צו דער פּראָפעסאָר. איצט אַרבעטן מיר אַף דריי אַפּאַראַטן, כּדי צו דעריאָגן יענע. — אויב איר וועט זיך צואיילן, וועלן מיר נאָך באַוויזן זיך אויסצובאָדן. — איך נעם צוזאַמען מיין גאַנצן ווילן. דער פּראָפעסאָר דירט. די אַפּאַראַטן, די כּלים שווינדלען מיר פאַר די אויגן. די הענט אַרבעטן, ווי אַ פּרעציזע מאַשין. די אַרבעט נעמט אָן אַ מערדערלעכן טעמפּאָ. אַ פולשטענדיקע שטילקייט הערשט אַרום, די נערוון זיינען קאָנצענטרירט אַף דעם גאַנג פון די אַפּאַראַטן דאָס קלאַפּן פון מעטאַל גיסט זיך צוזאַמען אין איין אומאיבעררייסנדיקן שאַרפן פּייפעריי, וואָס קלינגט אין די אויערן אין איין ריטם אַף פיר טענער. שנעלער שיטן, שנעלער שיטן, שנעלער... דאָס קעסטל איז פאַרטיק! — רופט אויס מיט אַ שמייכל דער פּראָפעסאָר. מיר האָבן דאָס אויסגעפּילט רעקאָרד, שנעל! — איצט מעג מען אַ ביסל פאַרקלענערן דעם טעמפּאָ! אַלע זיינען איצט אין בעסערער שטימונג, ווייל די נאָרמע וועט באַלד אויסגעפּילט ווערן. — איר דאַרפט אונדז פאַרשטיין — לאָזט זיך אַריין מיט מיר אין אַ געשפּרעך איינער פון די חברים — מיר האָבן געאַרבעט אין נאָך ערגערע באַדינגונגען. פאַראַיאָרן בין איך געווען אין אַ גרופּע בא באַן־טראַנספּאָרט, אינגאַנצן נאַקעט און באָרוועס, אָן אַ העמד, בלויז אין צעריסענע הויזן, מיר האָבן אויסגעלאָדן 50 קילאָדיקע גראַנאַטן. די הענט זיינען אונדז צוגעפרוירן געוואָרן צום אייזן. די הויט פלעגט שטיקערווייז אָפּפאַלן פון די הענט. די אָפענע וווּנדן האָבן געברענט אַפן פראָסט און מען האָט זיך געמוזט איילן, ווייל די וואַגאָנעם זיינען אָפּגעפאָרן און ניט איינמאָל האָט זיך דער דייטשער שטעקן אַריינגעגעסן אין מיין נאַקעטן, פאַרפרוירענעם לייב. איך האָב געמוזט שטאַרק בעטן, מען זאָל מיך נעמען צו דער אַרבעט באַם פּרעס. די אַרבעט דאָ זעט מיר אויס צו זיין זיס... — איך שווייג, ווייל וואָס קען איך זאָגן? עקזיסטירט נאָך אַ טיפערער אָפּגרונט פון שקלאַפערייַ, ווי דאָס וועלכעס מיר לעבן דאָ איבער? די אַרבעט גרייכט צום סוף, און אָט גייט שוין דאָס לעצטע קלעצל! — גייט זיך אויסבאָדן, מיר וועלן שוין אַליין אויסרייניקן די אַפּאַראַטן — הופּט זיך אָן צו מיר דער פּראָפעסאָר מיט אַ מילדן שמייכל. איך וויל אים אָפּענטפערן אויך מיט אַ שמייכל און טו דורך דער מאַסקע פון פּולווער אַ פאַרקרים דאָס פּנים אין אַ גרימאַסע. איצט קוק איך מיך איין אין דעם פּראָפעסאָר און דערזע אין מיין באַנאַכטיקן מיראַן אַ מענטשן: עס איז אַ 17-יעריק יינגל. אַ פּנים האָט ער אַ פאַרגעלטס, געשוואָלן פון הונגער. עס קוקן אַרויס צו מיר

מיט בלוי-אונטערגעקרייצטע גריבער צוויי גרויסע קינדערישע און גלייכ־צייטיק, זקנישע אויגן. דאָס גאַנצע געשטאַלט זיינס — שטאַרק אויסגעמאַטערט. אַ סקעלעט איבערגעצויגן מיט הויט און נאָר צו די אויבערשטע טיילן הענט זיינען ווי צוגעטשעפּעט גרויסע נישט שטאַלטנע קנופּן מיט מוסקולן. איך פאַרשטיי נישט, ווי עס נעמען זיך צו אָט דעם יינגל די איבער־מענטשלעכע כוחות צו דער אָט שווערער אַרבעט. ער איז דאָך חער הויפּט־פּאַראַנטוואָרטלעכער באַם פּרעס.

נומער 203.

הענריק זאַיאָנץ

---

## אַריינגעגאַרט

פון אָנהייב האָבן ייִדן נישט געאַרבעט אין די פאַבריקן, נאָר באַם בויען וועגן, אויסקאָרטשעוועט וועלדער, אויסלאָדן וואַגאָנעס. אַרבעט איבער די כוחות אונטער דער בייטש. יעדן טאָג עטלעכע טויט-פאַלן, און 10-15 זיינען צוריקגעקומען פון דער אַרבעט צעשלאָגן אַזוי, אַז זיי זיינען שוין נישט געווען פעיק צו אַרבעטן. מען האָט באַהאַנדלט די מענטשן אויף אַזאַ סאַדיסטישן אופן, אַז אַ טייל האָבן זיך געלאָזט איינשפּריצן נאַפט, וואָס עס האָט אַרויסגערופן געשווילעכץ, כדי באַפרייט צו ווערן פון דער אַרבעט. דריי אַ זייגער באַנאַכט איז מען אַרויסגעגאַנגען נאָך דער קאַווע, וועלכע מען האָט באַקומען 6 אינ־דערפרי. באַגלייט האָבן אוקראַינער. נאָך יעדער עקספּעדיציע זיינען מינדעסטנס דריי מענטשן געבליבן ליגן אָפן שניי. ווער ס'עם האָט געהאַט אויף זיך גומע שיך אָדער אַן אַנצוג — איז שוין געווען ניט זיכער מיטן לעבן. די אוקראַינער האָבן אַרויסגעפירט הינטער די דראָטן און דערשאָסן. נאָכדעם האָבן זיי געמאָלדן, אַז זיי האָבן דערשאָסן באַ אַ פּרוּוו צו אַנטלויפן. די זאַכן האָבן זיי צוגענומען. סאַוואָטשיק, איוואַנעינקאָ, דאָס זיינען געווען געפערלעכע באַנדיטן.

סוף סעפּטעמבער איז פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינער אַפּעל: אַ דייטש איז געגאַנגען איבער די רייען און געפרעגט, ווער עס וויל אַהיים פאָרן. אַן אומ־באַשרייבלעכע שמחה. אַלע מעלדן זיך אַהיים, ווילן אַנטלויפן פון דעם גיהנום. דער דייטשער שטעלט אַוועק די געזונטע, קלויבט אויס 500 מענטשן פונעם „ווערק-צע". נאָכדעם האָט מען נאָך אַריינגעגאַרט 1000 מענטשן (500 פון „ווערק-אַ" און „בע") און זיי פאַרשלאָסן אין פאַבריק. אַ טאָג פאַר

דעם האָט מען אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג צו פאַרקראַמעווען די פענצטער פון דער פאַבריק מיט שטעכל-דראָט. די, וועלכע מען האָט אוועקגעשטעלט אין אַ זייט ווילן פאַר יעדן פרייז זיך אַרויפבאַקומען אויף דער ליסטע אַהיים צו פאָרן... און אויף מאָרגן האָט מען אַרויסגעפירט אַלע פון דער פאַבריק, צו 100 פערזאָן און דערשאָסן.

די עקזעקוציע איז פאָרגעקומען אויף אַזאַ אופן: מען האָט אויסגעראָבן אַן אומגעהויער גרויסן גרוב לעבן דעם שיס-פּלאַץ. די קרבנות ליגן זיך אויס צו עטלעכע צענדליק אין גרוב, מיטן פנים צו דער ערד און מען שיסט אין זיי אַריין, איינעם נאָכן צווייטן און מען פאַרשיט זיי מיט אַ דינעם שיכט ערד. אויף די טויטע קערפּערס ליגט זיך אויס אַ נייע פאַרטיע קרבנות, וואָס ווערט דערשאָסן אויף דעם זעלבן אופן. און אַזוי ביז דער גרוב ווערט פול... ס'האָט זיך געטראָפן, אַז אַ יונג מיידל, וועלכע איז נאָר פאַרוואונדעט געוואָרן, האָט זיך נאָך דער עקזעקוציע אַרויסבאַקומען פונעם גרוב און האָט זיך געלאָזט גיין אין דער ריכטונג צום לאַגער. ס'האָט זי באַגעגנט אַן אוקראַאינער און זי איבערגעגעבן אין די הענט פון דער מאכט.

דער שעף אינפלינד וויזיטירט דעם באַראַק. אַ יונגע פרוי פאַרענטפערט זיך, וויינט. דאָס ערשטע מאָל האָט מען זי באַפרייט פון דער אַרבעט צוליב קאָפּ-ווייטיק. אינפלינד באַרויקט זי: „וויין נישט, מיין קינד, מאָרגן וועט דיר זיין בעסער” — און שיסט אין איר אַריין פון הינטן.

נומער 218.

אסתר גאָלד

## אין אָפּגרונט פון נויט

מיר זיינען געקומען צו פאָרן אין יוני 1942. מען האָט אונדז אָפּגעפירט אין באָד-אַנשטאַלט. מיר האָבן זיך געשעמט אויסצוטאָן, ווייל די באַדינונג איז געווען אַ מענערישע. נאָכן באָדן האָט מען אונדז געהייסן זיך אויסשטעלן באַם באָד-אַנשטאַלט. מיר זיינען אַזוי אָפּגעשטאַנען עטלעכע שעה אונטער אַ שלאַקס-רעגן. דער ערשטער איינדרוק פון דעם סקאַזשיסקאָ איז געווען אַ שווידערלעכער. מענטשן סקעלעטן אין שמאַטעס אָנגעטאָן, אָפּטער מיט פּאַפּיר אַרומגעוויקלט: „יידן האָט רחמנות, שענקט אַ שטיקל ברויט, איר קומט פון דער היים, איר ווייסט נאָך נישט פון נויט, און מיר שטאַרבן פון הונגער”...

יעדן טאָג, נאָך דער אַרבעט זיינען זיי אַזוי געשטאַנען בא דער באָד-גע-
בידע און אָפּגעוואַרט די פרישע טראַנספּאָרטן און געבעטן ברויט. די אַנ־
[illegible] האָט מען, [illegible], [illegible] אַז זיי בלייבן דאָ נאָר דריי חדשים
און קערן זיך צוריק אַ היים צו די פאַמיליעס. עס האָט זיך ווירקלעך זעלטן
געטראָפן, עס זאָל דאָ עמיצער בלייבן מער ווי דריי חדשים. דערשעפּט פון
שווערער אַרבעט און הונגער זיינען אַ גרויסער טייל אויסגעשטאָרבן און די
קראַנקע און שלעכט־אויסזעענדיקע האָט מען פאַרן אָנקומען פון אַ פרישן
טראַנספּאָרט — אויסגעשאָסן.

אַלע פּאָר טעג — אַ סעלעקציע. אָפטער צווישן די מענער. ווען עמיצער
איז אַנטלאָפן זיינען געפאַלן אַלס קרבנות צען אַנדערע, געוויינלעך פון צווישן
די, וועלכע האָבן ערגער אויסגעזען. אָפטע רעוויזיעס. איינער האָט פאַר בא-
האַלטן די פאָטאָגראַפיע פון זיין קינד. מען האָט אים געשלאָגן ביז טויט.

פון הונגער האָבן זיך פאַרשפּרייט עפּידעמיעס. די שרעקלעכסטע, די
טיפוס-עפּידעמיע. עס זיינען געשטאָרבן 80 פּראָצענט פון די מענטשן. די
קראַנקע זיינען נישט געגאַנגען צום דאָקטאָר אויס מורא פאַרן שפּיטאָל, ווו
עס פלעגן יעדע וואָך פאָרקומען סעלעקציעס, און מענטשן מיט טעמפּע-
ראַטור זיינען געגאַנגען צו דער אַרבעט. עס איז געווען שרעקלעך צו קוקן,
ווי מען וואַרפט אַרויף די קראַנקע אויף די וואָגנס מיטן און מען פירט
אַרויס צו דעם פּלאַץ אָפּן „ווערק-צע" צום שיסן. די שוואַכערע, וועלכע האָבן
שוין נישט געקענט גיין צו דער אַרבעט זיינען געגאַנגען אין שפּיטאָל,
פאַרורטיילט אויף טויט.

ווען דער שעף באַרטענשלאַגער האָט אַדורכגעפירט אַ סעלעקציע, האָט
ער כמעט אויסגעליידיקט דעם גאַנצן שפּיטאָל.. אַרויסגעצויגן פון די רייען
די שלעכט-אויסזעענדיקע און שלעכט־אָנגעטאָנענע, איז־ריעקעוועט זיך איבער
די מיידלעך. אַלע מאָל האָט ער אויסגעקליבן די שענסטע, פאַרגוואַלטיקט
און נאָכדעם אַליין דערהרגעט און געהייסן באַגראָבן אין וואַלד.

טיפוס, הונגער, סעלעקציעס, האָבן אַזוי שיטער געמאַכט אונדזערע
רייען, אַז איין אַרבעטער האָט געמוזט באַדינען 6 מאַשינען. נאָך דער טיפוס-
עפּידעמיע — דעזינטעריע. יונגע מענטשן זיינען קראַנק געוואָרן אויף די
לונגען, די קראַנקע האָבן געבעטן, מ'זאָל זיי דערשיסן. דער נייער שעף, דער
האַרבאַטע קיעלמאַן, האָט געטרייסט דעם קראַנקן: „קינד מיינס, ביסט נאָך
אַזוי יונג, די גאַנצע וועלט שטייט נאָך פאַר דיר אָפן" און באַנאַכט געהייסן
אַרויספירן אין וואַלד אַריין און מיט די אייגענע הענט דערשאָסן.

ווינטער האָבן מיר געטראָגן אויף די פיס הילצערנע „קלאַפּערס". דער

שניי האָט זיך צוגעקלעפּט צו די פּאָדעשוועס און האָט געבילדעט גאַנצע בערגלעך. מיר זיינען צוליב זיי געפאַלן. איין מיידל האָט אַזוי אַרום צעבראָכן אַ פוס. זי איז צוויי חדשים אָפּגעלעגן אין שפּיטאָל, שפּעטער איז זי נעגאַנגען אַף קוליעס אין פאַבריק צו דער פריערדיקער אַרבעט. די אַרבעט איז געווען זייער אַ שווערע. איינמאָל איז אין פאַבריק געקומען באַרטענשלאַגער און האָט דערזען דאָס מיידל. ער האָט זי צוגערופן און געפרעגט, צי וויל זי ניין אַר-בעטן אין מאַגאַזין, ווייל דאָ איז פאַר איר צו שווער. דאָס מיידל האָט זיך דערפרייט. אפן צווייטן טאָג איז ער געקומען נאָך איר מיט אַ פּאָליציאַנט, פאַרנומען אין וואַלד אַריין און דערשאָסן.

מיר זיינען געווען אָנגעטאָן אין שמאַטעס, אָפּטמאָל געוויקלט אין פּאַפּיר, פאַרבונדן מיט שטריקלעך. איינער פונעם לאַגער האָט זיך געווענדעט צו באַר-טענשלאַגערן מיט אַ בקשה, אים אַרויסצוגעבן אַ אַנצוג. באַרטענשלאַגער איז געשטאַנען מיט אַ הונט און ער האָט געזאָגט צום הונט: „מענטש, זאָג דעם הונדע, דאָס קיינע אַנציגע דאַ זינד" — און דער הונט האָט זיך געוואָרפן אַף דעם מענטשן.

ווען מען האָט אין מאַי 1943 פאַרגרעסערט די פּאַרציעס מיט איין פערטל ברויט פאַר די שווער אַרבעטנדיקע און מיט אַ פערטל קילאָ קאַשאַנקע א וואָך האָט דאָס ניט פיל געהאָלפן, ווייל מיר האָבן שוין געהאַט אַזוי איינ-געשרומפּט דעם מאָגן, אַז מען האָט שוין נישט געקענט פאַרדייען. כמעט אַלע מענער פון די טראַנספּאָרטן זיינען אומגעקומען. איך לעב, איך בין 20 יאָר אַלט. איך בין געבליבן איינע אַליין פון דער גאַנצער משפחה. איך בין שווער קראַנק אין שפּיטאָל (טובערקולאָז) און וועל אויך באַשטימט שטאַרבן. ס'איז מיר נאָר אַ אַ שאָד, וואָס איך האָב זיך אַזוי לאַנג אומזיסט געמאַטערט.
נומער 218.

יאַן וועבער

---

## אַ משפּחה אין סקאַזשיסקאָ

...ס'איז אַלעמאָל געקומען געשטאַפּאָ און געכאַפּט מענטשן צו דער אַרבעט קיין סקאַזשיסקאָ. דער טאַטע האָט זיך עטלעכע מאָל אויסבאַהאַלטן, אָבער עס זיינען אָנגעקומען ידיעות, אַז מען דעפּאָרטירט פון אַלע שטעט קיין טרעבלינקע און עס קומט די ריי אַף אונדז. דאָרט האָט מען גענומען מענער, פרויען און קינדער באַזונדער, און מיר האָבן געוואָלט בלייבן צו-זאַמען. מיר האָבן זיך פרייוויליק געמאָלדן אין לאַגער אין סקאַזשיסקאָ, ווייל

מיר האָבן געמיינט, אַז מיר וועלן צוזאַמען אַרבעטן, דער טאַטע, די מאַמע, דאָס ברודערל און איך.

אין סקאַזשיסקאָ איז געווען שרעקלעך. אַלע אָפּגעריסן און די באַראַקן שמאַרק שמוציק. אַפן צווייטן טאָג האָט מען אונדז צוגעטיילט אַרבעט. גע- געבן פּרויען באַזונדער און מענער באַזונדער. מיר זיינען, אַלזאָ, ניט פאַר- בליבן צוזאַמען. די מאַמע האָט זיך אַריינבאַקומען אין „ווערק-בע". דעם ברודער און מיך האָט מען נישט געוואָלט אַריינלאָזן אין לאַגער, אָבער מיר האָבן אָנגעגעבן, אַז מיר זיינען עלטער. דער שעף האָט געזאָגט, אַז מיר טויגן נישט צו דער אַרבעט. דער טאַטע האָט אים אָבער איינגעבעטן און מען האָט אונדז פאַרהאַלטן. מיר, ווי קינדער, האָבן גערן געאַרבעט אין די ערשטע טעג — מיר האָבן געגראָבן גריבער. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מען אונדז גע- הייסן טראָגן גרויסע ציגל פון איין אָרט אַפן צווייטן. עס איז געווען ווינטער, אַ שרעקלעכער פראָסט. מיר האָבן, מיטן ברודער, געוויינט. דער טאַטע האָט געבעטן באַם פּוילישן לייטער און ער האָט אונדז געגעבן אַרבעט אין גאַר- דעראָב-אָפּטיילונג. דאָרט איז געווען אַ לייכטערע אַרבעט. מיר האָבן גערוימט, געקערט און געהייצט אין אויוון. דער טאַטע האָט ווייטער געאַרבעט אין דרויסן. די מאַמע האָבן מיר נישט געזען. דער טאַטע האָט זיך באַמיט, מען זאָל די מאַמע אַריבערפירן אין „ווערק-אַ". די דייטשן האָבן אָבער געזאָגט, אַז זיי וועלן אים דערשיסן, אויב ער וועט ווייטער פּרובירן בעטן פאַר דער מאַמען. אין 1942 איז דער טאַטע קראַנק געוואָרן אַף טיפוס, און קראַנקע האָט מען דעמאָלט געשאָסן. מען פלעגט צוזאַמענעמען אַ גרופּע און ס"ס באַרטענשלאַגער האָט די גרופּע פאַרנומען אַפן „ווערק-צע" צום שיס-פּלאַץ. מיר זיינען מיטן ברודער געווען בא דער אַרבעט און דעם טאַטן האָט מען פאַרנומען. אין אָוונט זיינען מיר געגאַנגען אָפּנעמען די פּאַרציעס עסן, כדי אָפּצוטראָגן דעם טאַטן ברויט. אין מאַגאַזין האָט מען אונדז געזאָגט, אַז דער טאַטע נעמט ברויט אין רעוויר. מיר זיינען אַוועק אין שפּיטאָל, דער טאַטע איז דאָרט נישט געווען. מיר האָבן געוויינט, מען האָט אונדז אָבער געזאָגט, אַז מען האָט דעם טאַטן נאָר אַריבערגעפירט אין אַן אַנדערן שפּיטאָל, אַף אַן אַנדערן „ווערק" און אַז ער וועט צוריקקומען. די מאַמע האָט זיך דערוווּסט אין „ווערק-בע", אַז דער טאַטע לעבט נישט. זי האָט באַשלאָסן, זאָל זיך טאָן וואָס עס וויל זיך, עס גייט איר שוין גאָר אין לעבן נישט אָן, און אָן אַ דורכלאָז-שיין באַשלאָסן אַריבערצוקומען צו אונדז. און איינמאָל אין אַ זונטיק האָבן מיר דערזען די מאַמע אין באָד-אַנשטאַלט, ווייל איינמאָל אין עטלעכע וואָכן, אין אַ זונטיק-טאָג, האָט מען געקענט קומען אין אונדזער ווערק זיך אויסבאָדן. נומער 181.

# מאַסן־פאַרניכטונג

פאַר דער עוואַקואַציע פון דעם לאַגער אין סקאַזשיסקאַ־קאַמיענאַ איז פאָרגעקומען, ווי געווײנלעך, אַ סעלעקציע. זונטיק באַטאָג, דעם 29־טן יוני 1944, האָט מען גערופן אַף אַן אַלגעמײנעם אַפּעל. דער שעף פונעם לאַגער וואַכמײַסטער פון „ווערקשוץ", דער האַרבאַטש קיעלעמאַן, וועלכער האָט אַף זײַן געוויסן שוין געהאַט הונדערטער יידישע לעבנס, ספּעציעל פון קראַנקע, האָט אַליין דורכגעפירט די סעלעקציע. אַלע עלטערע, שוואַכע, אָדער שלעכט־אויסזעענדיקע האָט מען אָוועקגעשטעלט אין אַ זײַט אונטער אַ וואַך פון זשאַנדאַרמעריע. נאָכדעם איז ער אַוועק אין שפּיטאָל אַרײַן. אַלע קראַנקע און רעקאָנוואַלעסצענטן, וועלכע האָבן באַצײַטנס נישט פאַרלאָזט דעם שפּי־טאָל זײַנען באַשטימט געוואָרן אַף טויט. אַלע גרופּעס, וועלכע זײַנען צוריק־געקומען פון דער אַרבעט זײַנען אַדורכגעגאַנגען אַ סעלעקציע. אַלס קרבנות פון קיעלעמאַנס אויסוואַל זײַנען געפאַלן זייער פיל יונגע אַרבעטער, פּשוט, ווײַל זיי זײַנען געווען קליין אין וווקס, ניט ראַזירט, אָדער שמוציק פון דער אַרבעט. אַפן „ווערק־אַ" אַליין זײַנען אין דעם טאָג באַשטימט געוואָרן צום טויט 200 אַרבעטער. אַפן „ווערק־בע" עטלעכע צענדליק און אַפן „ווערק־צע" —300. עס זײַנען אומגעקומען מענטשן יונגע און געזונטע אַף וועלכע עס האָט געלייגט אַן אויג דער, אָדער יענער מײַסטער, אָדער שעף פון לאַגער.

אונטער אַן אַקאָמפּאַנימענט פון אַן אָרקעסטער, וואָס האָט געשפּילט דאָ באַלד, אַפן פּלאַץ, האָט געצירט אַ צוג פון פאַרורטײלטע, אַרומגערינגלט מיט זשאַנדאַרמעריע, וואָס איז געווען באַוואָפנט מיט מאַשינען־געווער, גע־גאַנגען ביזן שאָסיי. דאָרט האָבן געוואַרט לאַסט־אויטאָס. מען האָט מיט געוואַלד די אומגליקלעכע אַרײַנגעשלײַדערט אין די אויטאָס, דערבײַ געלאָזט אין גאַנג די קאָלבעס פון די ביקסן, שטעקנס א. ד. גל. און מען האָט זיי אַרויסגעפירט צום עקזעקוציע־פּלאַץ אין וועלד אַף „ווערק־צע". פון די אויטאָס האָבן זיך געהערט געשרייען, געוויין, קללות אַף די קעפּ פון די היטלער־מערדער.

נומער 173.

# פּראַשניץ

סאַלאַ לאָפּגלאַס

---

## דאָס שלעפּן שווערע משאות. ווייסער הונגער

אַרבעט האָבן מיר געהאַט אין טראַנספּאָרט, וווּ עס האָבן זיך געפונען וועבערייען. מען האָט געדאַרפט שלעפּן בעלעס. איין פּערזאָן האָט אַמאָל געמוזט אַליין שלעפּן אַ בעלע פון 80 קילאָ. אויב איינע פון אונדז האָט נישט געקאָנט אויפהויבן אַזאַ שווערע משא, האָט דער אויפזעער זי געשלאָגן. מיר האָבן געאַרבעט הויפּטזאַכלעך באַם רייניקן פלאַקס. געאַרבעט אין גרויסע שטיבער באַ ברייט צעעפנטע אין דרויסן אַרויס, טירן. אַזוי, אַז ווינטער האָבן מיר געהאַט איינגאַנצן אָפּגעפרוירענע הענט און פיס. פון די ווענט האָט געריננען דאָס וואַסער. די אַרבעט האָט געמוזט אויסגעפירט ווערן שנעל. איין פור האָט געוואַרט אויף דער צווייטער. ווען מיר פלעגן אַרויסגיין, צוליב פיזיאָלאָגישע באַדערפענישן, האָט דער אויפזעער געקוקט אויפן זייגערל. ווען מיר זיינען צוריקגעקומען אין לאַגער, נאָך דער אַרבעט, האָט דער אויפזעער אונדז נישט געגעבן קיין רגע זיך אָפּצורוען. מיר האָבן געמוזט באַלד זיך נעמען קערן דעם הויף און אויסהאַקן סטעזשקעס אין שניי. מיר האָבן איינמאָל געמוזט אויסהאַקן וועגן אין טיפסטן שניי אין משך פון אַ האַלבן טאָג. אין איין זאַל איז געווען אַ קאַלאָריפער. ווען איינע פון אונדז האָט געוואָלט נאָר דערנטערן די הענט צום קאַלאָריפער, אַ ביסל זיך דערוואַרעמען, האָט דער אויפזעער זי געשלאָגן און געקאָפּעט מיט די פיס. ווען צום אָנ-לאָדענען אויף די פורן האָבן געפעלט מענער, האָט מען גענומען מיידלעך און צו דריי, שפּעטער אפילו, צו צוויי, האָבן מיר געמוזט שלעפּן די אָנגעלאָדענע וואַגאָנעס איבער דעם גאַנץ גרויסן הויף און צו די ווינדעס. און איינמאָל האָב איך אַליין געמוזט שלעפּן אַזאַ וואָגן. מיר האָבן געמוזט טראָגן צו צוויי פּעקלעך, פון 25 קילאָ יעדער, און אויב עס איז אונדז אַ פּעקל אַרויסגעפאַלן פון די הענט, האָט מען עס צוגעבונדן צו די הענט און געהייסן טראָגן אויף די שטאָקן אַרויף. ווען איינע פון אונדז איז קראַנק געוואָרן און נישט געקאָנט אַרופשלעפּן די פּעקלעך האָט דער אויפזעער זי צעשלאָגן און געקאָפּעט מיט די פיס.

איינמאָל האָב איך געמוזט, מיט הויכער טעמפּעראַטור, שלעפּן די שווערע בעלעס אין משך פון אַ גאַנצן טאָג.

איך בין געווען בא דער אויסער-אַרבעט 9 חדשים. אין לאַגער בין איך אָפּגעווען צוויי מיט אַ האַלבן יאָר. באַם סוף זיינען מיר דאָרטן געווען 1.300 מיידלעך.

איינמאָל האָט מען גענומען אויסרייניקן פון די וואַנצן דעם לאַגער. מען האָט אונדז אַרויסגעוואָרפן אין אַ שאָפּע. 350 מיידלעך אין איין שאָפּע. מיר האָבן נישט געטאָרט מיטנעמען מיט זיך גאָרנישט, אַ חוץ איין האַנדטוך. עס האָט געגאָסן אויף אונדז דער רעגן פון דאַך. מיר האָבן שטאַרק געליטן פון הונגער. צום סוף האָבן מיר באַקומען איינמאָל אין טאָג אַ ביסל וואַסערדיקן זופּ און דריי קאַרטאָפל. איינמאָל זיינען געקומען דריי ס"ס-מענער מיט אַ דאָקטאָר. מען האָט אונדז געהייסן זיך אויסטאָן נאַקעט און זיך אַרומדרייען פאַר זיי. אויב איינע איז געווען שטאַרק מאָגער, האָט מען זי אַוועקגעשטעלט. די איבעריקע האָבן באַקומען נומערלעך. יענע מיידלעך זיינען געווען אײבערצייגט, אַז זיי וועלן גיין מיטן טראַנספּאָרט, וואָס איז באַשטימט אויף טויט, אָבער אין צוויי וואָכן אַרום האָבן זיי באַקומען אַ דאָפּלטע פּאָרציע עסן און נומערלעך.

איינמאָל האָט מען מיר געהייסן אויפהויבן אַ גאַנץ גרויסן קויש מיט אָפּפאַל אויף אַ לייטער, אַריינוואַרפן אין אַ גרויסן וואָגן און איינקלאַפּן מיט די פיס. דער קויש איז געווען אַזוי שווער, אַז כ'בין שיעור ניט אַראָפּגעפאַלן פון דער לייטער. ווען איינע פון אונדז האָט פון ערגעץ-ווו אַרויסבאַקומען אַ שטיקל ברויט, אָדער אַ שטיקל אוגערקע, האָט זי עס געמוזט אויסבאַהאַלטן, אַז די „לאַגערפירערקע" זאָל עס נישט דערזען. ווען זי האָט דערזען בא אונדז כאָטש איין שטיקל טרוקן ברויט ניט ענלעך צו דעם לאַגער-ברויט, האָט זי באַשטראָפט מיט קאַרצער, ווו מען האָט אָפּגעהאַלטן 24 שעה און מער, אָן עסן. אַ חודש פאַרן סוף פונעם קריג האָט מען איינגעאָרדנט אַ דעזינפעקציע. מען האָט בא אונדז צוגענומען דאָס אָנטועכץ און מיר זיינען אַ גאַנצן טאָג אַרומגעגאַנגען נאַקעט. איינע פון אונדז, וועלכע האָט צוגעגנבעט עפּעס אַ שטיקל גרינס צום עסן, האָט מען אָפּגעשוירן די האָר, אָפּגעגאָלט דעם קאָפּ.

אין פעברואַר 1945 האָט מען גענומען עוואַקואירן די מענער. זיי זיינען געשטאַנען טעג און מעת-לעת'ן אָפּן פּראָסט. איינע פון די מיידלעך איז צוגעגאַנגען צום פענצטער, ווייל מען האָט געהערט דאָס קרעכצן פון די שטייענדיקע אונטן, מענער. אַ קאָנוואָיער האָט אויסגעשאָסן איר אין קאָפּ אַריין, אַזוי, אַז עס זיינען בא איר באַלד צעשפּריצט געוואָרן די געהירן.

נומער 298.

# בערגען - בעלזען

פינחס פּאַסט

## מענטשנפרעסערײַ

דעם 10־טן מערץ 1945 בין איך אָנגעקומען קיין בערגען-בעלזען. ווען מיר זיינען אַריינגעגאַנגען אין בלאָק, האָב איך געפילט, אַז מיר טרעטן אַף קערפּערס. אַף אַ שטח פון 10 אַף 10 מעטער האָט מען צוזאַמענגעוואָרפן 700 פּערזאָן. אין אַזעלכע באַדינגונגען זיינען יעדע נאַכט געווען 50-60 דערשטיקטע. וועגן דעם, מען זאָל זיך קענען ערגעץ אַוועקלייגן, איז קיין רייד ניט געווען. די נאַטירלעכע באַדערפענישן, ווייל עס זיינען נישט געווען קיין אַנדערע מעגלעכקייטן, האָט מען דערליידיקט אין די מענאַזשקעס, וועלכע מען האָט נאָכדעם פון זיך אַוועקגעוואָרפן אַזוי, אַז מען האָט געקענט אומדערוואַרט באַקומען אין קאָפּ אַריין מיט אַזאַ פּעקל. בײַ אַן אַפּעל איז איינמאָל געווען 30 טויטע. עס זיינען געווען פאַלן פון קאַניבאַליזם, אַזאַ הונגער האָט געהערשט. איך האָב אַליין געזען טויטע קערפּערס מיט אויסגעשניטענע שטיקער פלייש. דריי וואָכן פאַרן אָנקומען פון די ענגלענדער האָבן מיר ניט באַקומען איבערהויפּט קיין ברויט, אַמאָל אַ ביסל זופּ. עס זיינען געווען אַזעלכע בערג מיט טויטע, אַז עס איז געווען אומעגלעך זיי אַרויסצופירן מיט טאַטשקעס, אָדער אויטאָס. פאַר אַלע בלאָקן זיינען געלעגן רייען מיט טויטע. מען האָט די לעבעדיקע צוגעבונדן פּאַסקעס צו די הענט און זיי האָבן געשלעפּט די טויטע צום קרעמאַטאָריום: גאַנצע קאָלומנעס מענטשן האָבן געשלעפּט די טויטע צום קרעמאַטאָריום. עס איז געווען אַ שוידערלעך בילד.

אין דער גאַנצער צייט האָב איך נישט געוועקסלט דאָס העמד. נאָך איינמאָל האָב איך פעסטגעשטעלט, אַז מען זעט שוין נישט אַרויס קיין פּיצל העמד פון אונטער דער געדיכטער שיכט לייז, האָב איך דאָס העמד אַראָפּגעוואָרפן. פונעם גאַנצן טראַנספּאָרט מיט וועלכן איך בין אָנגעקומען, בין איך איינער באַם לעבן געבליבן.

נומער 269.

# גונדעלסדאָרף

מאַריאַ פּורעץ

## פּרויען אַרבעטן איבער די כוחות

דעם 11־טן סעפּטעמבער 1944 זיינען מיר אָנגעקומען, נאָך דריי וואָכן רייזע, הונגעריקע און דערשעפּטע קיין גונדעלסדאָרף. דאָרט האָט מען אונדז אַלע באַלד, אָן אָפּרוען, איינגעשפּאַנט אין דער אַרבעט. מיר האָבן געדאַרפט אַריבערטראָגן באַנשינעס און טעלעגראַף־סלופּעס פון איין אָרט אויף אַן אַנדערן. פיר פרויען האָבן געטראָגן איין סלופּ. די אַרבעט האָט געדויערט 4 שעה, נאָכדעם האָט מען אונדז געגעבן אַ האַלבן ליטער זופּ, אָן ברויט, און מען האָט אונדז אַריינגעזעצט אין באַראַקן, אינגאַנצן ליידיקע, נאָר אַ ביסל שטרוי אויף דער פּאָדלאָגע. צווישן די בעלקעס זיינען געווען אַזעלכע ברייטע שפּאַרעס, אַז מען האָט געקענט דורך זיי אַרויסגיין אין דרויסן. די היגיענישע באַדינגונגען זיינען געווען שרעקלעכע. פון אָנהויב האָט מען אונדז דערלויבט צו ברענגען וואַסער פון אַ 300 מעטער ווייט.

די אַרבעט איז געווען נישט צום איבערטראָגן. מיר האָבן געשלעפּט שווערע משאות, איבער אונדזערע כוחות, דורך דער בלאָטע. בעת די פרעסט, פאַר גנבענען אַ פּאָר שטיקלעך האָלץ צום הייצן, האָט מען אומרחמנותדיק געשלאָגן. פאַר גנבענען אַ פּאָר קאַרטאָפל האָט מען נישט נאָר געשלאָגן, נאָר מען האָט אָפּגעגאָלט די האָר פונעם קאָפּ, אינמיטן. אַלע פרויען האָבן געהאַט אָפּגעפרוירענע הענט און פיס. די פרוי דאָקטאָרשע האָט אַמאָל געוואָלט באַפרייען די קראַנקע פרויען פון אַרבעט, אָבער וויפל מאָל זי האָט פאַרגעשטעלט אַ קראַנקע צום באַפרייען פון דער אַרבעט, האָט מען זי אַליין באַשטראָפט מיט שווערער אַרבעט.

דער אונטעראָפיציר, ווילי סאַן, אַ שטובן־מאַלער, אַן אויסוואָרף, האָט זיך אַלס לאַגער־פירער. אויף אַ שרעקלעכן אופן איזדיעקעוועט איבער די פרויען. נאָך שווערער אַרבעט פלעגט ער זיי הייסן זיך לייגן אויפן שניי, מאַכן אין שנעלן טעמפּאָ אויף־און־נידער, לויפן אַרום די באַראַקן 20 מאָל, אויף געוויסע ערטער האָט מען געמוזט שפּרינגען, זיך לייגן אויפן שניי און ווען מען פלעגט אַדורכלויפן לעבן אים, האָט ער אומדערבאַרעמדיק געשלאָגן.

אין נאָוועמבער האָט מען צוגעטיילט צו אונדזער אַרבעטס-פּלאַץ עטלעכע צענדליק מענער — יידן פֿונעם לאַגער פּלאַסענבורג. אין משך פֿון צוויי וואָכן זיינען 7 געשטאָרבן פֿון הונגער און דערשעפּונג, אייניקע האָט מען אַרויסגעענדיקט מיט שלאָגן. געשלאָגן האָבן אַמערסטן האופּטמאַן פּישער, אונטעראָפּיציר מאַליק און סאַן. זיי האָבן מיט שלאָגן און קאָפּען מיט די פיס אויסגעענדיקט די מענטשן און נאָכדעם געפאָדערט פֿון דער דאָקטאָרין, אַז זי זאָל באַשטעטיקן פֿאַר אַ קאָמיסיע, אַז די דאָזיקע מענטשן זיינען געשטאָרבן פֿון אַ האַרץ־שלאָג. ווען זי האָט אָפּגעזאָגט, האָט מען איר נעדראָט מיטן אויוון. אין אַזעלכע באַדינגונגען זיינען די גרעסטע טייל אין לאַגער אויסגעשטאָרבן. די פֿרויען זיינען געווען אויסהאַלטעוודיקער, אָבער זיי האָבן זיך אויך געוואַקלט ווי שאָטנס און זיך קוים געהאַלטן אַף די פֿיס פֿון שוואַכקייט. מען האָט אונדז איבערגעפֿירט קיין ראַווענסבריק. אין דער גאַנצער צייט פֿון דער רייזע זיינען מיר געווען אָן עסן און אָן וואַסער. איז טאַקע אין דער דאָזיקער רייזע פֿון דערשעפּונג אין גונדעלסדאָרף מער ווי די העלפט אויסגעשטאָרבן.

נומער 163.

# בעלזשעץ

רודאָלף רעדער

## גאַז־קאַמערן

דעם 16-טן אויגוסט 1942 בין איך, בעת דער אַקציע אין לעמבערג, פֿאַרנומען געוואָרן אין יאַנאָווער לאַגער. אַפּז צווייטן טאָג האָט מען מיך, אַף דער סטאַנציע קלעפּאַראָוו, פֿאַרלאָדן אין אַ וואַגאָן. כ׳האָב געוווּסט, אַז דאָס איז אַ טראַנספּאָרט צום טויט. דער טראַנספּאָרט איז באַשטאַנען פֿון 50 וואַגאָנען און אין יעדן וואַגאָן זיינען געווען 100 מענטשן. דער צוג האָט געפֿירט 5000 מענער, פֿרויען און קינדער. ער איז געווען עסקאָרטירט דורך דער געשטאַפּאָ. די משא-וואַגאָנען פֿאַרמאַכטע, פֿאַרבלאָמבירטע, די פֿענצטערלעך פֿאַרקראַטעוועטע. אַלע אין וואַגאָן האָבן מיר געוווּסט, אַז מען פֿאָרט קיין בעלזשעץ אַף טויט אין די גאַז־קאַמערן. די רייזע האָט געדויערט 7 שעה. עס איז געווען אַ קאָשמאַרפֿולע, פֿאַרצווייפֿלטע און האָפֿענונגסלאָזע נסיעה. דער

צוג איז אַריינגעפאָרן אַף דער סטאַנציע בעלזשעץ און נאָכדעם זיך פאַרנומען אין אַ זייטן-וועג אַף שמאָלע רעלסן, וואָס האָבן צוגעפירט ביזן לאַגער.

דער לאַגער איז געלעגן אין אַ יונגן סאָסנע־וואַלד, אויסגעהאַקט אַף אַ שטח פון דריי קילאָמעטער אין דער לענג און אין דער ברייט, אַף אַ זאַמדיקן באָדן. פון דער ווייטנס האָט מען דעם לאַגער נישט אַרויסגעזען, ווייל די אויסגעהאַקטע ביימער זיינען געווען צוגעבונדן צו די וואַקסנדיקע און האָבן געבילדעט אַ נישט־דורכזיכטיקע געדיכטעניש, אַזוי אַז מען האָט נישט אַרויסגעזען די באַראַקן און טויטן-קאַמערן. צו די קליינע ביימלעך האָט מען צוגעבונדן אין דער הויך אַנדערע אויסגעהאַקטע ביימער, עס זאָל זיך באַקומען נאָך אַ גרעסערע נישט-דורכזיכטיקייט. די וואַגאָנען זיינען אַריינגעפאָרן אַפן שטח פון לאַגער. די שמאָלע זייטן-ליניע האָט געהאַט אַ 300-200 מעטער. דער לאַגער איז אַרומגענומען געווען מיט שטעכל-דראָט און פון דער אינעווייניקסטער זייט זיינען די דראָט־נעצן געווען אָנגעוואָרפן שטויסנווייז אַזוי, אַז ס'איז געווען אוממעגלעך אַדורכצוגיין און זיך נישט אַריינפּלאָנטערן אין די נעצן. אינמיטן פּלאַץ — אַ הויכער טורעם מיט אַ וואַכמאַן, מאַשינען-געווער און רעפלעקטאָרן. קיין טורעמלעך אַרום איז נישט געווען. די וואַך האָבן געהאַלטן „אסקארעס" *). באַ דער זייט זיינען געשטאַנען צוויי גרויסע פּאַרטער-באַראַקן, הילצערנע, זיי האָבן געהאַט קליינע פענצטערלעך. יעדער באַראַק האָט אַריינגענומען 250 מענטשן, באַשטימט צו דער באַדינונג פונעם לאַגער. די מענטשן זיינען געשלאָפן אַף פּריטשעס, אַף בלויזע ברעטער.

נאָכדעם ווי מען האָט אונדז אויסגעלאָדן, האָט מען געהייסן אַלעמען, פרויען און מענער, זיך אויסטאָן נאַקעט. אַפן פּלאַץ האָט מען אונדז געזאָגט, אַז מיר גייען זיך באָדן און נאָכדעם, צו דער אַרבעט. אַף אַ מאָמענט האָבן זיך מענטשן דערפרייט, געמיינט אַף אַן אמת, אַז דאָס מיינט מען אַף אַרבעט. 10 יידן פון דער באַדינונג האָבן אַדורכגעקוקט די קליידער, אַרויסגעשניטן דאָס איינגענייטע גאָלד און געלט. די קליידער זיינען אָפּגעשיקט געוואָרן אין מאַגאַזין. די ווערט־זאַכן האָט מען סאָרטירט און אָפּגעטראָגן אין ביוראָ פונעם לאַגער.

---

*) אַזוי האָבן די דייטשן מיט שפּאָט אָנגערופן די נישט-דייטשן: פּאָליאַקן, אוקראַאינער, לאַטישן, רוסישע געפאַנגענע, וועלכע האָבן זיך געשטעלט זיי צו דינסט.

דער בנין, אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען די גאַז-קאַמערן, איז געווען אַ ווייס פאַרטער הייזל. אינמיטן האָט געפירט אַ קאָרידאָר, אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען אַף לינקס דריי קאַמערן און אַף רעכטס אויך דריי קאַמערן. עס איז געווען אַ בעטאָן-בנין אָן פענצטער, דער דאַך גערעקט מיט פאַפע און אין דער הויך פון אַ דריי מיט אַ האַלבן מעטער.

די פרויען האָט מען אַפן פּלאַץ אָפּגעשוירן די האָר. דאָס האָבן געטאָן יידישע פריזערס. די פרויען זיינען געזעסן אַף טאַבורעטלעך שוין נאַקעטע און מען האָט זיי אין דער רייע, אָפּגעשוירן. אינצווישן האָט מען געשלאָגן מיט נאַהייקעס איבערן קאָפּ און פנים. אין „באָד" אריין האָט מע געטריבן די מענטשן מאסנווייז, אָן אַ צאָל, אָן אָרדענונג, ווי בהמות צו דער שחיטה. אין קאָרידאָר האָבן די מענטשן פאַרשטאַנען, אַז זיי גייען אַף טויט. די קאַמערן זיינען געווען אָפן, די טירן צו זיי אויפגערוקט, פינצטער. ווער עס האָט ניט געוואָלט אריינגיין, דעם האָבן די „אַסקאַרעס" מיט די באגנעטן אַריינגעשטופט. מען האָט אַריינגעשטופט מענטשן אין די קאַמערן שטייענדיק, ענג אַזוי, אַז מען האָט קוים געקאָנט פאַרוקן די טיר, אין איין קאַמער ביז אַ 750 מענטשן. איצט ערשט האָבן זיך אָנגעהויבן געשרייען, געוואַלדן, אַ פארצווייפלט וואָיען פון מענטשן.

דאָס פאַרגאַזן האָט געדויערט 20 מינוט. דער גאַז איז אויסגעאַרבעט געוואָרן דורך אַ מאַשין, געטריבן מיט בענזין און באַדינט דורך צוויי מאַשיניסטן „אַסקאַרעס". די מאַשין האָט זיך געפונען אין אַ קעמערל באַם סוף פון קאָרידאָר. פון דעם דאָזיקן קעמערל איז דער גאַז דורך רערן געגאַנגען צו די קאַמערן. צי האָט די מאַשין אויסגעאַרבעט אַ גאַז, צי געדיכטע לופט, — דאָס ווייס איך נישט. דאָס גאַזירן האָט געדויערט 20 מינוט. די טויטע קערפערס האָט מען אַרויסגעוואָרפן, ווען מען האָט געעפנט די טירן. מען האָט זיי פאַרוואָרפן רימענדלעך אַף די הענט און אַרויסגעצויגן. הינטערן בנין איז געמאַכט געוואָרן אַ וואַל, אַ מין אָנשיט פון ערד, אין דער הויך פון אַ 2 מעטער פון דעם וואַל האָט מען מיט גארטלען, פאַסקעס, געשלעפט די טויטע קערפערס צו די קברים, וועלכע האָבן זיך געפונען אַף 200-300 שריט די ווייט. אַפן וועג צו די קברים האָבן דענטיסטן, אויסגעקליבענע פון צווישן די אַריינגעבראַכטע טראַנספּאָרטן, 10 זיינען זיי געווען, געעפנט באַ די טויטע דאָס מויל און אַרויסגעריסן די גאָלדענע ציין, נאָכדעם האָט מען דאָס גאָלד איבערגעשמאָלצן אין שטאַבעס און עס איבערגעגעבן אין דער קאָמענדאַנטור פונעם לאַגער. מענטשן פון דרויסן, וועלכע זיינען געגאַנגען צום בנין, אַף די טרעפּ, האָבן ניט געזען, וואָס עס טוט זיך אין די זייטן, ד. ה. זיי האָבן נישט

געזען די טויטע קערפּערס און די קברים, ווייל דאָס געדיכטע גרינס האָט אַלץ פאַרשטעלט.

די טראַנספּאָרטן האָבן געציילט צו 50 וואַגאָנען, עס פלעגן קומען צו דריי, פיר טראַנספּאָרטן אַ טאָג, ד. ה. 15-20 טויזנט מענטשן. פון יעדן טראַנספּאָרט האָט מען באַלד אויסגעקליבן די פאַכלייט, ד. ה. טישלער, שלאָסער, שוסטער, שניידער. כ׳האָב מיך געמאָלדן אַלס מאַשיניסט-מאָנטיאָר. מען האָט מיך צוגעשטעלט צו אַ מאַשין, וועלכע האָט אַרויפגעצויגן זאַמד פון די גריבער, וועלכע זיינען געווען באַשטימט פאַר קברים. די דאָזיקע מאַשין האָבן באַדינט צוויי מענטשן. די אַרבעט האָט געדויערט פון 6 אינדערפרי ביז פאַרנאַכט. יעדער קבר האָט געהאַט 100 מעטער די לענג, 25 די ברייט און 15 מעטער טיף. אין יעדן קבר האָט מען געקאָנט אַריינלייגן 10.000 קערפּערס. אין נאָוועמבער 1942 זיינען אויסגעגראָבן געוואָרן 30 אַזעלכע קברים ד. ה. פאַר 300.000 טויטע. די טויטע קערפּערס האָט מען אַריינגעוואָרפן אָן אַן אָרדענונג, ווי אַזוי עס איז אויסגעפאַלן. אַפן צווייטן טאָג פלעגט צו די ברעגן פון די קברים אָנשווימען שוואַרץ בלוט. די טויטע קערפּערס זיינען געלעגן אַף 1 מעטער איבער דער פלאַכע פון דער ערד. די קברים האָט מען פאַרגאָסן מיט געלאָשענעם קאַלך און נאָכדעם פאַרשיט מיט זאַמד.

צו דער באַדינונג פונעם לאַגער זיינען געווען 500 מענטשן. טעגלעך זיינען פון זיי אומגעקומען 30-40. די דייטשן פלעגן די שוואַכערע אַרבעטער באַרויבן, אַרויסרופן באַטאָג, פאַריאָגן צו די קברים און דערשיסן. פון די נייע טראַספּאָרטן האָט מען די ציפער ביז 500 צוריק דערגאַנצט.

בראש פונעם לאַגער איז געשטאַנען דער „שטאַבסשאַרפירער", פריץ אירמאַן, פון די סודעטן; „האויפטשאַרפירער" שוואַרץ, פונעם רייך; און „אבערשאַרפירער" פייקס, פונם רייך; דער „פאָלקסדויטש" האַנס שמידט און „פאָלקסדויטש" שניידער, ביידע פון רוסלאַנד — צוזאַמען 5 ס"ס־באַנדיטן.

איינמאָל, אין נאָוועמבער, זיינען געווען זייער פיל טראַנספּאָרטן און 500 מענטשן פון דער באַדינונג האָבן נישט געקענט נאָכקומען דער אַרבעט. די ס"ס האָבן אויסגעקליבן שוין אויסגעמאַטערטע נאַקעטע באַשטימט צום גאַז, 100 מענטשן. דעם גאַנצן טאָג האָבן די דאָזיקע מענטשן געאַרבעט, ווינטער, נאַקעטע און אָן עסן. אין אָוונט האָט זיי שמידט פאַריאָגט אַפן קבר און דערשאָסן. עס האָבן אים אויסגעפעלט קוילן פאַר 20 מענטשן, האָט ער געבאַפט אַ קילאָף און מיט אַ קלאַפּ אין קאָפּ דערהרגעט. ווען איין קלאַפּ האָט נישט אַפן אָרט דערהרגעט, האָט ער נאָך אַ קלאַפּ געגעבן...

פאַרטאָג האָבן די אַרבעטער פאַרלאָזט דעם באַראַק. אונטערן פענצטער פון מיך האָבן זיי באַקומען טיי און 20 דעקאַ ברויט. די מענטשן האָבן זיך דאָן אויסגעשטעלט אַפּן פּלאַץ. מען האָט זיי אויסגעלערנט זינגען דייטשע לידער, אָן אונטערשייד פון אינהאַלט. ס"ם פּייקס האָט קאָנטראָלירט צי אַלע זינגען. ספּעציעל האָט ער ליב געהאט די מעלאָדיע פון דעם ליד, וואָס מען זינגט אין פּויליש: — גוראַלו, טשי טי ניע זשאַל... דער אָרקעסטער האָט אַ גאַנצן טאָג אַפּן פּלאַץ צוגעשפּילט.

קיין קאָנטאַקט מיט דער אויסערלעכער וועלט איז נישט געווען. די פּוי־ערים, וועלכע האָבן געפירט קאַרטאָפל אין לאַגער אַריין זיינען געבליבן שטיין פאַרן טויער, און לאַגער איז קיינער נישט אַריינגעגאַנגען.

דעם לאַגער און די קאַמערן האָט מען אָנגעהויבן בויען אָנהויב 1942. זייער טעטיקייט האָט זיך אָנגעהויבן אין אַפּריל און מאַי 1942. אין 1944 האָבן די דייטשן אויפגעגראָבן די קברים, באַגאָסן מיט בענזין און געברענט די ביינער. די נישט דערברענטע רעשטלעך האָט מען געמאָלן אויף פּולווער, צו באַמיסטיקן די פעלדער.

נומער 162.

# גראָס־ראָזען

מאַרעק ג.

## איין טאָג

מען האָט אונדז אַריינגעזעצט אין וואַגאָנען פאַר בהמות. די פענצ־טערלעך פון די וואַגאָנען זיינען געווען אַזוי געדיכט באַשלאָגן מיט שטעכל־דראָט, אַז מען האָט אַפילו ניט געקאָנט אַרויסשטעקן אַ האַנט. מיר זיינען אָנגעקומען אויף אַ קליינער סטאַנציע אין גראָס־ראָזען. עס זיינען געקומען ס"ס־לייט פונעם לאַגער און מען האָט אָנגעהויבן אויסצולאָדן די וואַגאָנען. עס איז נישט אַדורך אָן שלאָגן. מען האָט געמוזט, נישט קוקנדיק אויף גאָר־נישט, שפּרינגען פון די וואַגאָנען, און עלטערע מענטשן, וועלכע האָבן נישט געקאָנט אַזוי שנעל אַרויסשפּרינגען האָט מען געשלאָגן. די פּאָליאַקן, וועלכע האָבן געאַרבעט באַם אַרויסלאָדן שטיינער פון די וואַגאָנען האָבן געשריען צו אונדז, מיר זאָלן זיי אָוועקגעבן דאָס ברויט, ווייל מען וועט בא אונדז סיי ווי

אַלץ צונעמען. האָבן מיר אָנגעהויבן וואַרפן אין זייער ריכטונג ברויט. די ס"ס-לייט האָבן דאָס געזען, שפּאָטיש געלאַכט און געשריען: „היינט האָט איר אַ סך ברויט און מאָרגן וועט איר פּגר'ן פון הונגער אָן דעם ברויט".

דער וועג ווייטער איז געווען אַ שווערער. די ס"ס-לייט האָבן אונדז געיאָגט און גאַנצע וואָלקנס שטויב האָבן פאַרכאַפּט דעם אָטעם. פון פאַרנט זיינען געגאַנגען 700 מענטשן באַשטימט צו אַ טראַנספּאָרט קיין ברוענליץ. מענטשן האָבן זיך באַמיט אַריינצובאַקומען אין דער פאָדערשטער גרופּע, מען האָט זיך געשטופּט, געטרעטן איינער אויפן אַנדערן, יעדער האָט געוואָלט קיין ברוענליץ. אַזוי אַרום זיינען די, וועלכע זיינען געווען אויף דער ליסטע קיין ברוענליץ געבליבן פון הינטן און שוין ניט געקאָנט צוקומען צו זייער גרופּע. די ס"ס-לייט האָבן אומרחמנותדיק געשלאָגן איבער די קעפּ.

מיר זיינען געקומען אין לאַגער אַריין, אַרויפגעגאַנגען אויפן „אַפּעל-פּלאַץ". דער „לאַגערעלטסטער" האָט אונדז געהייסן זיך אויסשטעלן. יעדער האָט געמוזט, איינציקווייז, נאַקעט צוגיין צו אים. דער „לאַגערעלטסטער" האָט דורכגעפירט אַ קערפּערלעכע רעוויזיע: געקוקט אין מויל (געהייסן אונטערהויבן די צונג), אַריינגעקוקט אין די אויערן, צווישן די פינגער פון די הענט און פיס און אין דער שטולגאַנג-קישקע. נאָך דער דאָזיקער רע-וויזיע, ציטערנדיק פון קעלט האָבן די מענטשן זיך געמוזט אויסשטעלן אין פינפטלעך און ווידער גרופּנווייז, צו 50, האָט מען זיי אָפּגעפירט אין באָד אַריין. דאָרט האָבן מיר באַמערקט, אַז דער „לאַגערעלטסטער" האָט איבער-געלאָזט אויף די מענטשן נאָר ברילן און גלאַטע ניט-פאַרדעכטיקטע מערידן-בענדלעך. ביז 11 אַ זייגער בײַנאַכט זיינען מיר געשטאַנען אין באָד און עס האָט אונדז געקלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן פון קעלט. אונדזערע מערדער האָבן בכיוון געעפנט די טירן פונעם קאָרידאָר און די קאַלטע לופט האָט אונדז אַרומגענומען. איינער פון די באַנדיטן האָט געהאַלטן אין די הענט אַ גומענע שלאַנג און אַלע מאָל אויפגעדרייט דעם קראַן און געלאָזט אויף אונדז אַ שטראָם אייזיק-קאַלט וואַסער.

מען האָט געהייסן צוזאַמענרופן פון אַלע בלאָקן די פריזערס. עס זיינען געקומען אַ פּאָר צענדליק און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שערן און ראַזירן און דערביי האָבן די דייטשן, די „קאַפּאָמענער" פונעם באָד, אונדז געשלאָגן. מען האָט ראַזירט דעם גאַנצן קערפּער מיט שטומפּיקע ראַזיר-מעסערס אַזוי, אַז נאָכדעם האָבן זיך געמאַכט בלאָטערס. אויפן לייב האָט ניט געטאָרט בלייבן קיין איין האָר. דאָס ראַזירן האָט שרעקלעך וויי געטאָן. מיר האָבן געמוזט פּעסט האַלטן דאָס מויל, כדי ניש[ט] אַ קרעכץ צו טאָן. פאַר יעדן קרעכץ האָבן

מיר באקומען א פעסטן קלאפ. די פוילישע פריזוערס האבן זיך געאיילט, מען האט זיי געזאגט, אז זיי דארפן אין משך פון דער נאכט אפראזירן 1.200 מענטשן.

נאכן אפגאלן — א שטרענגער קאנטראל. מען האט אונדז ארומגעקוקט פון אלע זייטן, צי עס איז ניט געבליבן א האר'עלע. מען האט געבאדן מיט א דוש. נאסע האט מען אונדז מיט קלעפ ארויסגעיאגט אין דרויסן. מען האט אונדז אויסגעשטעלט אין פינפעלעך און מיר האבן געמוזט „אים לאופ-שריט" לויפן איבער די פינצטערע גאסן פון לאגער. דער לויף האט געדויערט 15 מינוט. נאכדעם האט מען אונדז אריינגעלאזט אין באראק, וואס האט געדינט אלס מאגאזין פון קליידונג. איינער נאכן צווייטן זיינען מיר צו-געגאנגען צום מאגאזיניער, וועלכער האט פארטיילט די „קליידונג". נישט געדאכט זאל דאס ווערן, ווער עס האט זיך ארויסגעבאפט מיט א ווארט קענן. מיין קליידונג איז באשטאנען פון א היטל, אזוי געררופענע — קאמיניארקע — א נאכט-העמד אן קנעפלעך, א קליין דאמען-סוועטערל, א פאר הויזן, אפגעמאלט מיט רויטער פארב און אלטע שיך. איין שוך איז געווען אינגאנצן צעריסן און דער צווייטער, א קליין דאמען-שיכעלע, וואס האט נישט געוואלט ארויף אפן פוס. (כ'טראג נומער 42 שיך). איך האב געפרעגט דעם מא-גאזיניער, צי קאן איך נישט אויסבייטן דאס שיכעלע. אלס ענטפער האב איך באקומען א העפטיקן זעץ מיט א גומי-שטעקן. איך האב זיך שוין קוים דער-שלעפט צו אונדזער ווין-באראק.

נישט קיין בעטן, נישט קיין פריטשעס. די ערשטע גרופע איז שוין געלעגן אויסגעלייגט אף דער ערד. די מענטשן זיינען געווען צוזאמענ-געדריקט, ווי הערינג אין א פעסל. אף דער ברייט פון 5 מעטער זיינען געלעגן 35 מענטשן. מיר זיינען געשלאפן זייער ווייניק. פון דעם נישט אויסשלאפן האבן געברענט און זיך געקלעפט די אויגן. עס איז געפאלן די קאמאנדע פונעם בלאקמאן „אללעס ראוס!" זיינע מיטהעלפער האבן גענומען שלאגן. די מענטשן, וועלנדיק זיך ראטעווען פון די קלעפ, האבן זיך גענומען שטופן צו דעם שמאלן ארויסגאנג בא דער זייט. איינער פון די דייטשן האט זיך אוועקגעשטעלט באם ארויסגאנג מיט א גומי-שטעקן אין די הענט און יעדן צווייטן, וועלכער איז ארויסגעשפרונגען פון דעם ארויסגאנג, דערלאנגט מיט דער גאנצער קראפט א קלאפ איבערן קאפ און געלאכט פון דער חכמה.

דער ערשטער טאג איז גראס-ראזען. מיר האבן זיך אויסגעשטעלט אין פינפטלעך פארן בלאק. באם אויסשטעלן זיך, האט מען אונדז געשלאגן. פון די קלעפ מיטן שטעקן האבן מיך ווי געברענט די פלייצעס. גוט, וואס איך האב

נישט באקומען אין קאָפּ אריין. בא מיינע קאָלעגן האָב איך באַמערקט גרויסע ביילן אַף די קעפּ און אונטערגעשלאָגענע אויגן. יעדער פון אונדז האָט אויס־געזען אין היטל־„קאמיניארקע" און אין דאמען־סוועטער און אין די דאמ־סקע שיכלעך, ווי אַ פּאיאַץ.

מען האָט אָנגעהייבן טיילן דעם פרישטיק. דאָס האָט געדארפט אדורכ־געפירט ווערן אין אַן אויסערגעוויינלעך שנעלן טעמפּאָ. ווער עס האָט עפּעס נישט ווי עס באַדאַרף צו זיין אונטערגעשטעלט זיין שיסל האָט באקומען פונעם „לאַגערעלטסטן" אַ פעסטן פּאטש אין דער באַק. ווער עס האָט שוין באַקומען זיין פּאָרציע האָט געמוזט אין לויף זיך אָוועקשטעלן אין זיין פינפטל, און אָן אַ לעפל אויסזופּן זיין פּאָרציע. ווער עס האָט געוואָלט דער־לײדיקן די נאַטירלעכע באַדערפענישן האָט געמוזט, מיליטעריש, בעטן דערלויבעניש צו גיין אין קלאָזעט. האָט דער דייטש דערלויבט, איז פון אינעווייניק אין קלאָזעט געשטאַנען אַ צווייטער אויסוואורף און געהיטן, מען זאָל אויסוואַשן די פּאָדלאָגע און נאָכדעם מיט אַ גומי־שטעקן ארויסגעיאָגט פונעם אָפּטרעט.

דריי דרייסטע יינגלעך האָבן געפרווט צוגיין אין דעם שוסטער־וואַרשטאַט בעטן מען זאָל זיי אויסטוישן די שיך, וועלכע זיינען נישט ארויף אַף זייערע פיס. זיי האָבן אָנגעטראָפן אַף אַ דייטש, וועלכער האָט געהייסן יעדן פון זיי באַזונדער זיך אָנבויגן און יעדן פון זיי האָט ער אָפּגעציילט מיט דער גומי — 25 שמיץ.

פאַרוויינטע זיינען די יינגלעך צוריקגעקומען אין זייערע רייען און געשלעפּט מיט זיך די שיך, וועלכע האָבן בשום אופן נישט געוואָלט ארויף אַף די פיס.

מען האָט אונדז געיאָגט אַף דריי שעה אין מערדערלעכע איבונגען, און פּלוצים האָט זיך דערהערט דער קלאַנג פון דעם לאַגער־גלאָק. פונעם בלאָק איז אַרויסגעלאָפן דער „לאַגערעלטסטער" און זיין מיטהעלפער און מיט קלעפּ אונדז גענומען אריינטרייבן אין בלאָק אריין. מען האָט אונדז אריינגעיאָגט 700 מענטשן אין איין צימער און געהייסן זיך אויסזעצן אַף דער ערד אין רייען. מיר האָבן געפרווט זיך אויסזעצן אַף דער ערד אַזוי, אַז די פיס פון איינעם זאָלן אויסקומען איבער די שולטערן פונעם צווייטן, פאַר אים זיצנדיקן. דער „לאַגערעלטסטער" האָט פונעם גרויסן שטויס שיך, בא דער טיר, אויסגעקליבן די שווערסטע און געוואָרפן אין די קעפּ פון די צוזאַ־מענגעפרעסטע מענטשן. ער האָט דערביי אַ סך מענטשן געשפּאָלטן דעם קאָפּ.

אַ שרעקלעכע נאַכט. אַפן הימל האָבן זיך געזאמלט שווערע וואָלקנס,

וואָס האָבן אָנגעזאָגט אַ לאַנג דערוואַרטעטן רעגן. היים איז געווען נישט צום איבערטראָגן. עס איז שוין געווען פינצטער. אין צימער אין וועלכן מען האָט אַריינגעיאָגט 700 פּערזאָן, וועלכע זיינען געווען באַשטימט קיין ברוענליץ, זיינען די פענצטער געווען פאַרמאַכט און די טונקעלע פאָרהאַנגען צום מאַסקירן די פענצטער זיינען געווען אַראָפּגעלאָזט. אין בלאָק זיינען אַריינגעקומען דער „לאַגערעלטסטער" מיט איין שרייבער און מען האָט אָנגעהויבן פּאַמעלעך קאָנטראָלירן לויטן א"ב די ליסטע קיין ברוענליץ. די אַרויסגערופענע פּערזאָנען האָבן געדאַרפט צוגיין צום לאַגער־עלטסטן און הויך אָנגעבן זיין נאָמען מיטן נומער. דער דורכקאָנטראָלירטער איז אַריבערגעגאַנגען אויף דער צווייטער זייט פון צימער. אייניקע האָבן גע־פרווט אַרויסגיין אין אָביקאַציע, מען האָט זיי צעשלאָגן און אַרויסגעוואָרפן.

די ליידן, וועלכע מיר האָבן איבערגעטראָגן זיינען ניט צום באַשרייבן. עס איז שרעקלעך היים און דער „לאַגערעלטסטער" גייט צו צום אויוון און מאַכט אין אים פייער און זאָגט דערביי אָן, אַז ווער עס וועט פּרובירן אָפּ־לעשן דאָס פייער, אָדער אונטערהויבן די שטאָרע (פאָרהאַנג) וועט באַקומען טויט־שטראָף. אין אויוון האָט זיך גוט צעברענט און עס האָט פון אים גע־שלאָגן אַ שרעקלעכע היץ. די מענטשן פון לעבן דעם אויוון, האָבן געוואָלט זיך אָפּרוקן ווייטער פון אים און האָבן געשטויסן און געדריקט אויף די הינטערשטע. דער „לאַגערעלטסטער" האָט געוואָרנט, אַז אויב מען וועט ניט שטיין רויק, וועט ער הייסן שלאָגן ביז האַלב-טויט. מיר האָבן שרעקלעך געליטן. שווייס האָט גערונען פון אונדז שטראָמענווייז. די העמדער זיינען געווען נאַס, ווי פונעם וואַסער אַרויס. מיר האָבן זיי אַראָפּגענומען און צוריק אָנגעטאָן ניט געוווסט, ווי ס'איז בעסער. פון דרויסן האָט זיך געהערט אַ גערויש פון אַ רעגן. אַ האַלב לעבן וואָלט יעדער פון אונדז אָוועקגעגעבן, מע זאָל אַרויסלאָזן אין דרויסן. עס האָבן זיך געפונען דרייסטע, וועל־כע האָבן אויסגענוצט דעם מאָמענט, ווען דער „לאַגערעלטסטער" איז אויף אַ רגע אַרויסגעגאַנגען, און זיי האָבן זיך אַרויסגעכאַפּט אין דער אָביקאַציע און האָבן פון דאָרטן געמאַכט אַ קליינע עפענונג. איך האָב זיך אויך דאָרטן געפונען. עטלעכע צענדליק מענטשן האָבן אַריינגעאָטעמט אַ ביסל פרישע לופט. עס איז שווער געווען זיך אָפּצורייסן פונעם פענצטער און צולאָזן אַ צווייטן אויף זיין אָרט, אויך אָפּאָטעמען.

די נאַכט האָט זיך געצויגן אומדערטרעגלעך. עס האָט זיך געדרייט דער קאָפּ. די דאָזיקע נאַכט איז מיר פאַרבליבן גוט אין זכרון. ענדלעך האָט עס אָנגעהייבן טאָגן. עס איז געקומען דער בלאָקמאַן און אַדורכגעפירט אַן

אַלגעמיינעם איבערזיכט, אַכטונג געגעבן, צי איז דער נומער גוט צוגענייט און צי דער פּאַס אינמיטן קאָפּ אָפּגעגאָלט, האָט פונקט די ברייט פון דריי פינגער (די אַזוי־גערופענע „לאַוזפּראָמענאַדע", אָדער „ראָלבאַהן"), צי איז דאָס פּנים גוט ראַזירט, צי איז די בלוזע נים אַריינגעלאָזט אין די הויזן, וואָס עס איז געווען פאַרבאָטן, אונטער אַ שטראָף פון 25 שמיץ.

אַפן באַפעל פונעם בלאָקמאַן האָבן מיר אָפּמאַרשירט צום אַפּעל־פּלאַץ. דער לייטער פונעם לאַגער האָט געהאַלטן אַ רעדע, אַז ווער פון אונדז עס האָט נאָך עפּעס אין אַ טייל פון קערפּער, עפּעס אַ ווערט-זאַך, זאָל פריי־וויליק אָפּגעבן, ווייל עס וועט נאָך זיין אַ רעוויזיע און וועט מען בא עמיצן עפּעס געפינען, איז טויט־שטראָף. ווער עס האָט געהאַט אַ גאָלדענע קאָ־ראָנקע אין מויל האָט זי געמוזט פאַרעגיסטרירן.

אַפן וועג האָט מען אונדז געגעבן קליינע פּעקלעך, עס זיינען דאָרטן געווען דריי שטיקלעך ברויט. דער לייטער פונעם לאַגער איז אַרויפגעגאַנגען אַף די טרעפּלעך און געזאָגט: „איך מעכטע אויעך ביי מיר עטוואַ צוויי וואָכען האַבען, איר העטטעט מעהר שלעגע, אַלס פּרעסען בעקאָממען, דאַן אַבער העטטעט איר פּאַרייערט..." נאָכדעם איז ער אַוועק מיט אַ ס"ס-מאַן. אַפן פּלאַץ איז געקומען דער בלאָקמאַן און געהאַלטן אין די הענט אַ פּאָר סוועטערס און געפרעגט: „ווער האָט קיינען פּולאָווער"? עטלעכע האָבן אויסגעשטרעקט די הענט, זיי האָבן געהאַט גאַנץ צעריסענע סוועטערס. דער בלאָקמאַן האָט יעדן פון זיי אויסגעטיילט אַ פּאַטש אין באַק. ענדלעך האָבן מיר אָפּמאַרשירט צום אַרויסגאַנג פון דעם טויער. אַפן וועג זיינען געשטאַנען ס"ס-לייט, וועלכע האָבן דערלאַנגט שטורכן מיט די פיס פּאַר נישט גיין גראַד אין דער ליניע. מען האָט אונדז אָפּגעציילט, נישט באַוווסט דאָס וויפלסטע מאָל, און אַרויסגעפירט פונעם טויער. מיר האָבן געזען, ווי אַלע אָפיצירן־ס"ס-לייט האָבן זיך געהאַלטן בא די זייטן פון לאַכן, קוקנדיק אַף אונדז, אָנגעטאָנענע אין די דאַמען־סוועטערלעך און אין די היטלען־קאָמיניאַרקעס. מען האָט באַפוילן גיין. מיר האָבן לייכטער אָפּגעאָטעמט און פאַרלאָזט דעם דאָזיקן לאַגער, אָפּמאַרשירנדיק אין דער ריכטונג צום וואָקזאַל.

נומער 216.

# סאָביבור

סאַלאָמעאַ האַנעל

## פאַרגאַזונג. בונט

אין יוני 1942 איז אין אוסטריקי-דאַלני פאַרגעקומען א שוידערלעכע אַקציע. מען האָט צוזאַמענגענומען אַלע מענטשן, א העלפט פון די יידן האָט מען אויסגעשאָסן, די צווייטע העלפט האָט באַוויזן זיך אויסצובאַהאַלטן אין וואַלד. מיט א פּאָר חדשים שפּעטער איז פאָרגעקומען די צווייטע און לעצטע אַקציע. מען האָט אויסגעקליבן עטלעכע הונדערט מענטשן, זיי אַרויסגעפירט צו א גרויסן טיפן גרוב און א געשטאַפּאָניק האָט געהאַלטן פאַר זיי א רעדע: „איר זעט? די זון שיינט, די וועלט איז וווּנדערשיין און איר אַלע וועט באַלד אומקומען!" איין קינד האָט אָפּגעזאָגט פאַר אַלעמען ווידוי.

נאָך דער עקזעקוציע האָט מען זיך גענומען ליקווידירן די רעשטלעך פאַרבליבענע. מען האָט זיי אַריינגעזעצט אין וואַגאָנען און אַוועקגעשיקט דעם צוג קיין סאָביבור, לעבן וולאָדאַווע, אין טויטן-לאַגער אַריין.

די שוידערלעכע רייזע האָט געדויערט דריי טעג און דריי נעכט. אין די וואַגאָנען זיינען מענטשן אַראָפּ פונעם זינען. עס איז געווען פינצטער, דעמפּיק, מענטשן האָבן געבעטן דעם טויט אַף זיך; מוטערס האָבן געבעטן טויט פאַר זייערע קינדער. ווען מען האָט אַף עפּעס א סטאַנציע דערשאָסן א קינד, האָבן די אַנדערע מוטערס מקנא געווען די גליקלעכע מאַמע, וואָס איר קינד האָט געפונען אַזאַ לייכטן טויט, דעמאָלט, ווען אַף אַנדערע קינדער האָט געוואַרט דער טויט אין גאַז-קאַמער. פאַר א ביסל שניי פון דער ערד האָט מען געצאָלט 200 זלאָטעס.

ענדלעך האָט מען אויפגעעפנט דעם וואַגאָן. עס האָבן דעם טראַנספּאָרט אויפגענומען מענטשן פונעם לאַגער. צו די דאָזיקע מענטשן האָט מען זיך נישט געטאָרט אָנרופן מיט קיין וואָרט. אַף שטום האָבן זיי אָנגעוויזן דעם וועג ווייטער. מען האָט אָפּגענומען בא די אָנגעקומענע די ווערטזאַכן און אַלץ, וואָס זיי האָבן בא זיך געהאַט. פון 3000 מענטשן האָט מען אויסגעקליבן 7 פרויען און 18 יינגלעך צו אַרבעט. די איבעריקע זיינען געגאַנגען אַף טויט.

עס זיינען געווען באַראַקן, אַף איינעם די אויפשריפט: „קאַסאַ". די פרויען האָט מען אַריינגעיאָגט אין דער „קאַסא", מען האָט זיי אָפּראַזירט די קעפּ, געהייסן אויסטאָן נאַקעט און געגעבן אַ בילעט אין באָד-אַריין. די געשטאַפּאָ-לייט האָבן געזאָגט, אַז מען וועט זיי אַלע באָדן, ווייל זיי זיינען פאַרלייזיקט. די שיך און קליידער האָט מען צוזאַמענגעלייגט און מען האָט דערויף באַקומען אַ באַשטעטיקונג, אַז מען האָט דאָס אָפּגעגעבן. ס'איז געווען אַמאָל אַ פאַל, אַז עפּעס איז קאַליע געוואָרן אין דער קאַמער. די מענטשן זיינען אַרויסגעלאָפן נאַקעט און געשריען אין הימל אַריין!...

די דייטשן האָבן געשטיקט די מענטשן מיט כלאָרעק. אַפדערנאַכט האָט מען געברענט די טויטע קערפּערס. די, וועלכע האָבן אין לאַגער געאַרבעט האָבן געמוזט באַגעגענען די אָנגעקומענע טראַנספּאָרטן מיט אַ דעפּילאַדע און מיט געזאַנג. די מענטשן, וועלכע זיינען געגאַנגען נאַקעט אַף טויט האָבן די אוקראַאינער פאַשיסטן געיאָגט און געשלאָגן מיט נאַהייקעס. אין משך פון אַ יאָר האָט מען די טויטע קערפּערס באַגראָבן און נאָכדעם האָט מען אויסגעגראָבן די ביינער און פאַרברענט. פונעם 17־טן יאַנואַר ביזן 17-טן אָקטאָבער 1943 האָבן דעם לאַגער באַדינט 600 מענטשן, צווישן זיי 120 פרויען.

דער טאָג האָט זיך אָנגעהויבן 5 אינדערפרי מיט אַן אַפּעל. מען האָט איבערגעציילט די מענטשן. צוויי זיינען אַנטלאָפן, 20 האָט מען דערפאַר דערשאָסן. 5 האָבן זיך געמאָלדן פרייוויליק אַף טויט און די איבעריקע האָט אויסגעקליבן געשטאַפּאָ. נאָכן אַפּעל איז יעדער געגאַנגען צו דער אַרבעט, אין דער וועשעריי און דער שניידעריי. עס זיינען געווען דאָרטן טישלער, שוסטער א. ד. גל. וועלכע האָבן געאַרבעט פאַר די געשטאַפּאָ-לייט און אוקראַאינער. מען האָט דערשאָסן אַ מענטשן פאַר אויפעסן אַ שטיקל פּוטער. ווען איינער אַ „שאַרפירער" האָט עפּעס געגעבן אַן אַרבעטער פאַר אַ צוגאָב־אַרבעט צום עסן, האָט דער צווייטער דערפאַר געשאָסן. אַף מיטיק איז געווען אַ זופּ, נישט צום עסן. עס זיינען געווען אויך שטראָף-אַרבעטן. פאַר נישט פלייסיק אַרבעטן האָט מען באַשטימט אין שטראָף־בלאָק. מען האָט געמוזט דאַן אַרבעטן באַם לאָדן אין די וואַגאָנען, אַף דער באַן־סטאַנציע, שווערע שטיינער און אַריינגעוואָרפן זיי, אין לויף, אין די וואַגאָנען.

דריי וואָכן פאַרן אויפשטאַנד אין סאָביבור האָבן מיר באַמערקט, אַז דער לאַגער איז אַרומגערינגלט מיט מיליטער, גלייכצייטיק האָבן מיר געהערט געדיכטע שיסן. אַ שטיקל צייט שפּעטער האָט אונדז דער „שאַרפירער" אַפן אַפּעל-פּלאַץ מיטגעטיילט, אַז מען האָט דערשאָסן 160 יונגעלייט פאַר אַ

פרווו צו אַנטלויפן. מיר האָבן געוווּסט, אַז דאָס איז געווען אַ ליקווידאַציע פון דער באַדינונג, וואָס איז געווען באַשעפטיקט אין קרעמאַטאָריום און האָט דאָרט שוין לאַנג געאַרבעט.

איינמאָל זיינען אָנגעקומען קיין סאָביבור דריי פאַרפּלאָמבירטע וואַגאָנען. די יינגלעך, וועלכע האָבן די וואַגאָנען איבערגענומען האָבן פעסטגעשטעלט, אַז עס איז נישט געווען דאָרט קיין איין לעבעדיקער מענטש. מען האָט אַרויסגענומען די טויטע קערפּערס און צווישן זיי זיינען אויך געווען געווינערינס מיט ניט אָפּגעשניטענע נאָפּלען פון קינדער, וועלכע האָבן זיך נאָך געריכט.

דער געשטאַפּאָמאַן געסטריינגער, וועלכער איז געווען באַשעפטיקט באַם שטיקן די מענטשן אין די גאַז־קאַמערן, האָט שטענדיק געמאָלדן ווען איין שיכט מענטשן זיינען שוין פאַרגאַזירט געוואָרן, אַז מען מעג צושטעלן אַ נייעם שיכט צום פאַרגאַזירן.

צו דער צייט פלעגן שוין אָנקומען, וואָס אַמאָל קלענערע טראַנספּאָרטן. די גרעסטע טייל האָט מען באַלד אויסגעלאָדן, איינציקע פלעגט מען אָבער לאָזן אַף אַ צוויי טעג. מען פלעגט די מענטשן הייסן שרייבן אַ היים, אָדער קיין אויסלאַנד בריוו, אַז זיי לעבן, זיינען געזונט — און אַף מאָרגן האָט מען זיי פאַרגאַזירט.

די יידן, אויסלענדער, פלעגן קומען אין פּאַסאַזשיר־צוגן נאָרמאַל אָנגעטאָן, מיט באַגאַזש, און האָבן זיך אַפילו נישט פאָרגעשטעלט צו וואָס מען האָט זיי אַהער געבראַכט און ערשט דאָ, אַפּן אָרט, האָבן זיי פאַרשטאַנען און געקומען אין פאַרצווייפלונג — הלמאַי זיי האָבן נישט אויסגענוצט די געלעגנהייט צו אַנטלויפן. פון צייט צו צייט זיינען געווען פּרווון פון אויפשטאַנד, פון בונט. צום ביישפּיל, אין יוני האָט מען פאַרברענט אַ גרופּע אַרבעטער וועלכע האָבן געשטאַמט פון די האָלענדער יידן, און וועלכע האָבן צוגעגרייט אַן אויפשטאַנד. מען האָט זיי פאַראַטן און זיי זיינען אומגעקומען.

ערשט ווען עס איז אָנגעקומען אַ טראַנספּאָרט מיט רוסישע יידן און צווישן זיי, דער ייד סאַבודאַ, האָט מען צוגעגרייט אַן ערנסטן אויפשטאַנד. ער האָט אויסגעקליבן פינף אינטעליגענטע מענטשן און צעטיילט צווישן זיי די פאָרבאַרייטונגס־אַרבעט. קודם כל, האָט מען געדאַרפט שאַפן געווער. עס איז געלונגען די מיידלעך אַרויסצוגנבענען אַ ביסל געווער פון „וואַפען־קאַמער", דאַן האָט סאַבודאַ אויסגעקליבן די לייטערס פון די אַרבעט־וואַרשטאַטן און יעדן פון זיי געגעבן דעם אויפטראַג צו דערהרגענען איינעם פון די געשטאַפּאָ־שעפן. דעם 14-טן מערץ, 3 באַטאָג, האָט זיך אָנגעהויבן

דער אויפשטאנד. יעדער ארבעטס־ווארשטאט האָט אַף דער צייט, אונטער פאַרשיידענע אויסריידן, איינגעלאָדן איינעם פון די געשטאַפּאָ. יעדער ווארשטאט האָט אויסגעפילט זיין אויפגאבע און אין יעדן איז דערהרגעט געוואָרן איין געשטאַפּאָניק. צופעליק איז פון אויסער דעם לאַגער אָנגעקומען עפּעס אַ באוואָפנטער דייטש, ער איז אריין אין קאַנצעלאַריע און דאָרט דערזען צוויי דערהרגעטע געשטאַפּאָוצעס. ער איז אַרוים מיט אַ געשריי, און דאן האָט זיך אָנגעהויבן אַ שיסעריי. גלייכצייטיק האָט מען איבערגעשניטן די דראָטן. 150 מענטשן זיינען אנטלאָפן אין וואלד אריין, די איבעריקע זיינען אומגעקומען.

איך בין אויך אנטלאָפן דורך די איבערגעשניטענע דראָטן, בעת דעם קאמף און מיט מיר נאָך אַ פּאָר מיידלעך. קיינעם פון די מענטשן פון סאביבור האָב איך מער נישט באגעגנט. כ׳האָב נאָר געהערט אין משך פון דער נאכט אַ שרעקלעכע שיסעריי. אינדערפרי בין איך אוועק אין דאָרף און נאָכדעם, אַ דאנק מיין „גוטן אויסזען״ האָב איך מיך געשלעפּט ווייטער ביז איך בין סוף כל סוף געקומען קיין קראָקע.

נומער 30.

# מאַוטהאַוזען

יוזעף זאַקס

## הונגער און קאַניבאַליזם

מיר זיינען געפאָרן פון פלאשאָוו דריי טעג און דריי נעכט אין אַ היץ, אָן וואסער — אַ טאָג נאָך אַ טאָג. ווען מיר זיינען אָנגעקומען, האָט מען פון די וואגאָנען ארויסגעטראָגן פיל טויטע. דעמאָלט האָב איך פארשטאנען, וואָס דאָס הייסט דורשט. דורשט קאָן צווינגען אַ מענטשן צו טרינקען אורין. מיר זיינען אָנגעקומען אינגאנצן אויסגעטריקנטע, און נאָך דריי טעג האָט מען אונדז געהאלטן אַף דער זון.

נאָכדעם האָבן מיר געטראָגן שטיינער דריי טעג. מען האָט געשלאָגן און געשמיסן. אין דער שטיינהאקעריי, אין דעם באקאנטן אין גאנץ הימלער־אייראָפּע, צוליב זיינע 186 טרעפּ, שטיינגרובן, האָט מען געמוזט דורכגיין די

186 טרעפּ מינדעסטנס 7 מאָל אַ טאָג און נאָכדעם, נאָך ווייט גיין צום אָרט פון דער אַרבעט. די שטיינער זיינען געווען שווערע, די זון האָט אומדערבאַרעמדיק געברענט אונדזערע אָפּגעגאָלטע קעפּ און די שטיינדלעך האָבן צעקאַליעטשעט אונדזערע באָרוועסע פיס. דאָרט האָב איך געכאַפּט מיין מאָגן-קאַטאַר, ווייל מיר האָבן זיך צוגעכאַפּט צום קאַלטן, גרינעם, פון לאַנג שטיין, קאַלוזשע-וואַסער, און געטרונקען, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס מען האָט אונדז געשלאָגן איבער די קעפּ נישט געלאָזט טרינקען, אָדער אַראָפּגעשטויסן אונטן אין גרוב אריין.

דאָרטן האָב איך געזען, אין וואָס פאַרא שרעקלעכע יסורים מען שטאַרבט פון אַ צוזאַמענדרייען פון די קישקעס. די אומגליקלעכע האָבן גע־בעטן אַף זיך דעם טויט און דער ס״ס-מאַן האָט געלאַכט און געזאָגט: — אַ שאָד 18 פעניג אַף אַ קויל פאַר אייך — און אין אַ מינוט אַרום געשאָסן אין געזונטע מענטשן. נאָך דריי טעג פון אַזאַ אַרבעט האָט מען אונדז אַרויס־געפירט אין קאָנצענטראַציע לאַגער, גוזען. מיר האָבן געאַרבעט שווער, 12 שעה אַטאָג. אויפגעשטאַנען 3.30 פאַרטאָג און נישט איינמאָל געווען ביז 10 אין אָוונט אַף די פיס. דעם גאַנצן טאָג געווען געשלאָגן, פאַרנעצט, פאַר-פרוירן, אייביק הונגעריקע איון צעביסענע פון די לייז.

נאָך אַ קאַפּע מיטן פוס, האָב איך באַקומען אַ פלעגמאָנע אַף אַ פוס און אַזוי צומאָרגנס געמוזט גיין צו דער אַרבעט. צוריקוועגס האָט מען מיך שוין געשלעפּט ביזן לאַגער און דאָ האָט מען מיך ערשט צעשלאָגן און אויס-געבראָכן עטלעכע פינגער.

עס איז, דאַכט זיך, געווען דער שווערסטער טאָג אין מיין לעבן.

דעב 1-טן דעצעמבער 1944, אין דעם דינעם לייוונטענעם לאַגער־אַנצוגל אָן וועש, אָן שיך און אָן אַ היטל בין איך געגאַנגען אין שניי, געטריבן פון ווינט. דער פוס איז אָנגעשוואָלן, ווי אַ באַרג. איך האָב באַקומען היץ. עס זיינען מיר געפרוירן געוואָרן די פינגער אַף די פיס. מען האָט מיך אַריינ־געפירט אין אַ בלאָק, וווּ איך בין אָפּגעלעגן, אָן הילף, עטלעכע טעג. אין עפּעס אַ צייט אַרום האָב איך זיך אַריינבאַקומען אין קראַנקן־רעוויר. אין דער העלפט יאַנואַר 1945 האָט זיך אָנגעהויבן דער ערשטער הונגער-פעריאָד. אין משך פון 22 טעג האָבן מיר נישט באַקומען קיין שטיקל ברויט, נאָר אַ ליטער וואַסערדיקן זופּ. דער קראַנקן־רעוויר איז פול געוואָרן. מיר זיינען שוין געלעגן צו 4 אין אַ בעט. עס זיינען צו אונדז געקומען טראַנספּאָרטן פון יידן פון אָשוויענטשים, גראָס-ראָזען, זאַקסענהאַוזען און אַנדערע לאַגערן. דאַן האָט מען געשאַפן טויטן-בלאָקן פאַר יידן. אין די בלאָקן האָט מען אַריינ־

געשטופּט אַזוי פיל מענטשן, וויפל עס זיינען אָנגעקומען, און אין אייך רעקאָרד־טאָג זיינען געווען 1470 טויטע און 75 פאַרפרוירענע,

אין די דאָזיקע באַדינגונגען האָט דער אַרישער פּערסאָנאַל ניט געוואָלט אַרבעטן. האָט מען געשאַפן אַ יידישן פּערסאָנאַל און איך בין געוואָרן סאַניטאַר. פאַרשטייט זיך, אַז נישט צו העלפן די קראַנקע, נאָר צו האַלטן אָרדענונג, פאַרנאַנדערטראָגן דאָס עסן, אַרויסטראָגן די טויטע... יידן זיינען געלעגן צו 6 אין בעט. דער שטאַרקערער האָט געדריקט דעם שוואַכערן. מען איז געקומען צו אונדז נישט געהיילט צו ווערן, נאָר צום שטאַרבן און נאָר אַ דאַנק דעם, וואָס איך בין אין אַנטשפּרעכנדיקן מאָמענט געוואָרן סאַניטאַר, האָב איך דאָס אַלץ איבערגעלעבט. ווען ניט וואָלט איך שוין לאַנג געווען פאַרברענט אין קרעמאַטאָריום. אָנהויב אַפּריל איז געקומען דער צווייטער בעריאַד פון הונגער, ווען מען האָט געגעסן דאָס דרעק און עס זיינען געווען צוויי פאַלן פון קאַניבאַליזם (מענטשן־פרעסעריי). 2000 אונדזערע חברים זיינען פאַרגאַזט געוואָרן און מען האָט זיי פאַרברענט, אַ וואָך פאַר דער באַפרייונג.

נומער 114.

# מײדאַנעק

אַלאַ דימטוואַלד

---

## עקזעקוציע

נאָכדעם, ווי מיר זיינען אָנגעקומען, האָט מען אין באָד בא אונדז צוגענומען אַלצדינג. מען האָט אונדז אָנגעטאָן אין צעריסענעם וועש, דאָס קליידל איז געווען אָפּגעצייכנט מיט אַ נומער און מיט די איניציאַלן ק. ל. (קאָנצענטראַציע לאַגער) אַף די פּלייצעס. פאַרן אַרויסגיין פונעם באָד איז פאָרגעקומען אַ סעלעקציע. מענטשן מאָגערע, שוואַכע, קרענקלעכע, עלטערע און קינדער האָט מען אָוועקגעשטעלט אין אַ זייט. די היגיענישע באַדינגונגען זיינען געווען שלעכטע. וואַשן האָט מען זיך נישט געקענט, ווייל מען פלעגט פאַרשליסן דאָס וואַסער. מיר, יידישע פרויען, האָבן באַקומען די שווערסטע אַרבעט. איין טייל האָט אין משך פון 12 שעה אַ טאָג געטראָגן שווערע „טראַגעס" מיט באַמיסטונג, געטריבן אָן אויפהער דורך די אויפזעערס,

דייטשע אַרעסטירטע, אַזוי גערופענע „קאַפּאָמאַנען“. דערביי געווען געשלאָגן און באַליידיקט. עס איז אונדז נישט דערלויבט געווען זיך אָפּצושטעלן אַף קיין טאג זיך אָפּרוען באר שטאַרקסטן [illegible], צי קעלט [illegible] האָט געאַרבעט.
און געשלאָגן האָט מען אונדז אַף יעדן טריט.

באַ אונדזער אָנקומען איז פאָרגעקומען אַ פאַל פון עפנטלעכער עקזעקוציע. מען האָט אויפגעהאַנגען אַ יונג, 26-יעריק מיידל. צוזאַמען מיט איר שוועסטער זיינען זיי אַנטלאָפן פון לובלין, פונעם פּלי-פּלאַץ, ווו זיי האָבן געאַרבעט. די שוועסטער איז אַנטלאָפן און זי האָט מען געכאַפּט.

דאָס איז געווען אין אַ ווונדערשיינעם מאַי־פרימאָרגן. אין דעם טאָג איז קיינער נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט. אַפן אַפּעל־פּלאַץ, אינמיטן האָט מען אוועקגעשטעלט די תליה. דער קרבן און דער תליון זיינען שוין געשטאַנען דאָרט. אונדז האָט מען אויסגעשטעלט אין אַ קרייז אַרום. דער תליון האָט געפרעגט די אומגליקלעכע, צי וועט זי זאָגן, ווער עס האָט איר געהאָלפן אַנטלויפן, וועט מען זי באַפרייען. זי האָט געענטפערט, אַז אַ יידיש קינד גיט נישט אויס די, וועלכע האָבן זי געוואָלט ראַטעווען.

„זע“ — האָט געזאָגט דער דייטש — „אַלע לאַכן פון דיר, דו ביסט אַזוי יונג, קאָנסט זיך ראַטעווען מיט איין וואָרט, די וועלט איז אַזוי שיין“... זי האָט געענטפערט: „היינט לאַכסטו, מאָרגן וועט עמיצער פון דיר לאַכן“...

דאָס זיינען געווען אירע לעצטע ווערטער. זי איז אומגעקומען אָן איין קרעכץ.

מיט אַ פּאָר טעג נאָכדעם, ווי כ'בין אַהער אָנגעקומען, האָב איך אין דער לעצטער גרופּע, וועלכע מען האָט פאַרנומען פון די וואַרשעווער בונקערס, געטראָפן מיין מאַמעשי, די שוועסטער און ברודער. דער ברודער האָט געוואָלט אַנטלויפן און מען האָט אים דערשאָסן. ווען די מאַמע האָט דערזען דעם טויטן קערפּער פון ברודער, האָט זי באַקומען אַ האַרץ־שלאָג און איז געשטאָרבן. די שוועסטער איז געבליבן אין קינדער-באַראַק. צום סוף מאַי זיינען פאָרגעקומען דריי סעלעקציעס. מען האָט אויסגעקליבן די נישט־שטאַרקע, שלעכט אויסזעענדיקע און עלטערע און מען האָט זיי אַריינגעשטופּט אין די קינדער־בלאָקן. אין אַ פּאָר טעג אַרום זיינען אָנגעקומען לאַסט-אויטאָס, וועלכע האָבן פאַרנומען אַלע קינדער און אַלע די, וועלכע זיינען געווען אין די קינדער־בלאָקן און אָפּגעפירט אין קרעמאַטאָריום. און אַזוי בין איך געבליבן אַליין. איך האָב געוואָלט נאָכגיין נאָך דער שוועסטער, נאָר מען האָט מיך שרעקלעך צעשלאָגן און פאַריאָגט צו שווערער אַרבעט.

דעם 3-טן נאָוועמבער 1943 האָט מען 20.000 יידן, וועלכע האָבן זיך

געפונען אַפּן לובלינער שטח און אַרום, אין טראַווניק, פּאָניאַטאָוו, לובלין, מיידאַנעק — אַף אַ בעסטיאַלישן אופן אויסגעהרגעט. אין דעם טאָג האָט מען אויך אויסגעהרגעט די פרויען, וועלכע האָבן געאַרבעט אַפּן פלי-פּלאַץ אין לובלין און אויך די יידן — געפאַנגענע. די לעצטע האָבן געהאַט צוגעגרייט אַ טונעל, דורך וועלכן זיי האָבן זיך געזאָלט ראַטעווען, אַנטלויפן, און פּלוצים איז געקומען דער אומגליק. זיי האָבן נישט באַוויזן, נישט געווען קיין צייט. פון די 20.000 יידן זיינען געבליבן 312 פרויען און 150 מענער. דאָס זיינען געווען אַזוי גערופענע „אַקטיאָן-יודען" (אויפרוימערס נאָך דער אַקציע) און זיי האָבן אויך געזאָלט, נאָכן פאַרענדיקן זייער אַרבעט — דערליידיקט ווערן. עס זיינען געווען צווישן זיי יונגע שיינע פרויען פון גאַנץ פּוילן. איצט זיינען אויך זייערע מינוטן געווען געציילטע.

נומער 115.

אסתר גאַרפינקעל

---

# קינדער אין אַיון אַריין, מוטערס צו דער אַרבעט

אין לובלין האָט מען אונדז אַרויסגעזעצט פון צוג און גענומען טיילן אין גרופּעס. פאַבלייט זיינען געגאַנגען אַף אַרבעט קיין פּאָניאַטאָוו און טראַווניק, אָבער איך האָב נישט געהאַט קיין פּאַך און נאָך געהאַט צוויי קינדער. מען האָט מיך אין ערגעץ נישט געוואָלט אָנעמען און איך בין געבליבן אין דער גרעסטער גרופּע, דאָרט ווו עס זיינען געווען פרויען און קינדער. איך האָב געמיינט, אַז אַזוי וועט זיין בעסער. מען האָט אונדז צוריק אַריינגעזעצט אין צוג. פאַרנאַכט האָט מען אונדז אַרויסגעיאָגט באַזונדער מענער און באַזונדער פרויען און גענומען יאָגן צופוס. עס איז געוואָרן פינצטער. מיר האָבן נישט געזען ווו מיר זיינען און וווהין מיר גייען. באַ די זייטן זיינען געגאַנגען דייטשן און געלויכטן מיט עלעקטרישע לעמפּלעך. איין קינד פיר איך באַם הענטל, דאָס צווייטע איז מיר אַזוי שווער צו טראָגן, אַז עס ווייזט זיך מיר אויס יעדער רגע, אַז איך וועל נישט אויסהאַלטן, איך וועל זיך דאָ אָוועקזעצן מיטן קינד און זאָל זיין, וואָס עס וויל זיך. אָבער איך דערמאָן זיך באַלד, אַז כ'טאָר נישט. כ'האָב צוויי אַזעלכע טייערע, קלוגע קינדערלעך, כ'מוז זיי ראַטעווען.

אין לאגער האָבן מיר ווידער געטראָפן די מענער. מען האָט זיך צוזאַ־מענגעמישט, די פרויען האָבן געזוכט זייערע מענער, געוויינט און געפרייט זיך, וואָס מען איז ווידער צוזאַמען, איצט באַשטימט אַף לעבן, עס איז דאָך אַן אַרבעט־לאַגער. אָבער דאָס איז געווען מיידאַנעק. ווען עס איז געקומען דער אינדערפרי האָב איך דערזען, ווי מיינע קינדער זיינען אַ תל געוואָרן, ווי זיי זיינען שמוציק. איך האָב געוויינט איבער זיי. נאָר איך בין שוין געווען אַזוי שרעקלעך מיד, אויסגעמאַטערט, איך האָב נישט געהאַט קיין כוח צו קעמפן פאַר אַ ביסל וואַסער. איך האָב נישט געוווסט, וואָס עס טוט זיך מיט מיר. מען האָט ווידער אָנגעהויבן טיילן באַזונדער יונגעלייט, באַזונדער אַלטע און באַזונדער קינדער. איך האָב קיין צייט נישט געהאַט זיך צו באַ־דענקען, צו פאַרשטיין, וואָס דאָ קומט פאָר, און כ'בין שוין געווען פון דער צווייטער זייט און מען האָט אונדז שוין געטריבן אין באָד.

איך האָב דעמאָלט נישט געגלויבט, אַז זיי הרגענען קינדער. מיר אַלע פרויען האָבן זיך געפרייט, אַז מיר וועלן געווים אַרבעטן און די קינדער וועט מען אויסהאַלטן באַזונדער. איך האָב געציטערט אינגאַנצן. איך האָב גע־וואָלט זען, ווו זיי זיינען. ווען מיר זיינען אַרוים פונעם באָד איז געשטאַנען אַ גראָבער דייטש אין ציוויל אָנגעטאָן און די מוטערס האָבן אָנגעהויבן פרעגן: ווו זיינען אונדזערע קינדער?

דער דייטש האָט ליב געשמייכלט און געזאָגט:

— האָט קיין מורא נישט, אייערע קינדער זיינען אונטער אַ גוטער אויפזיכט, עס הראָט זיי גאָרנישט, זיי וועלן באַקומען מילך און אַלץ, וואָס זיי ברויכן.

מיר, נאַרישע, האָבן געגלויבט, אָבער אין דעם זעלבן טאָג, ווען מיר זיינען געגאַנגען צו דער אַרבעט, אין גאָרטן, האָבן אונדז געזאָגט די פּאָ־ליאַקן, וועלכע האָבן דאָרט געאַרבעט:

— „וואָס, איר נאַרישע פרויען, איר זיינט געקומען קיין מיידאַנעק און ווייסט נישט, אַז דאָ זיינען פאַראַן אויוונס? אַלע קינדער און אַלטע לייט האָבן זיך שוין אָפּגעבראָטן".

איך קאָן נישט זאָגן, וואָס כ'האָב דעמאָלט דערפילט. איך האָב נישט אַזעלכע ווערטער. כ'בין אַן איינפאַכע פרוי. דאָס האָב איך מיינע קינדער אַזוי געהיטן, אַזוי זיך מיט זיי אָנגעמוטשעט, געגלויבט, אַז איך וועל זיי אָפּ־ראַטעווען. איך האָב געוויינט און געוואָיעט און גערופן צו גאָט, און נאָכדעם אַליין, ווי פאַרשטיינערט געוואָרן. אַן אויסגעמאַטערטע, האָב איך שוין נים געקאָנט טראַכטן. איך האָב אפילו נישט געהאַט קיין כוח אַליין זיך דאָס לעבן

צו נעמען און אזוי בין איך געבליבן לעבן אין דער סטאדע, ווי א בהמה, אזוי ווייטער און ווייטער...

איך האָב געאַרבעט אין „שייסקאָמאַנדאָ גערטנעריי". מיר האָבן אַרויס־געטראָגן אין קאַסטנס באַמיסטונג פון די קלאָזעטן אין די גערטנער אַריין. וואָס דאָס איז געווען פאַר אַן אַרבעט! 12 שעה בײַ דעם געשטאַנק. דער מענטש איז געווען אינגאַנצן פאַרשמוצקעט אַזוי, אַז מען האָט זיך אַליין ניט געקאָנט לײַדן.

איך בין געווען אין מײַדאַנעק 10 וואָכן. יעדן טאָג אָפּן אָפּעל האָט מען גענומען צום גאַז אינגאַנצן יונגע געזונטע פרויען. אויב איינע האָט געהאַט עפּעס א באַנדאַזש אַף א פוס, געווען אָפּגעבערנט פון דער זון און פון דעם זײַנען געוואָרן בלאָטערס, אָדער א וווּנד, אָדער איינע איז געווען אַזוי מיד, אַז זי האָט נישט געקאָנט אויסשטיין אָפּן אָפּעל עטלעכע שעה און האָט זיך צוגעזעצט אָפּרוען אַף א ווײַלע. יעדע צוויי וואָכן איז פאָרגעקומען א סע־לעקציע. דעמאָלט איז געשטאַנען א דאָקטער פון ס"ס, מיט א שטעקעלע, די פרויען האָבן אַדורכמאַרשירט פאַר זײַנע אויגן און ער האָט אויסגעווײַלט אַף טויט. נישט פונקט די וועלכע זײַנען געווען קראַנקע, ווײַל ער האָט נישט אויסגעהערט קיינעם. מיר זײַנען אַלע געווען אָנגעטאָן, נאָר אַזוי, אָפּן אויג, וועלכע ס'איז אים נישט געפעלן. ער האָט אָנגעוויזן מיטן שטעקעלע: אַף רעכטס, אַף לינקס, און נאָר געזאָגט: „היער, היער".

נאָך 10 וואָכן זײַנען אַרויסגעגאַנגען פון מײַדאַנעק פיר טראַנספּאָרטן פרויען צו 750 יעדער טראַנספּאָרט, קיין אָשוויענטשים.

נומער 139.

טאַמאַראַ שאַפּיראָ

---

## זעלבסטמאָרד. סעלעקציעס

דער וואַרשעווער טראַנספּאָרט, אַרויסגעשיקט פונעם פלי־פּלאַץ אין לובלין, דעם 3־טן מאַי 1943, האָט געציילט אַריבער 10.000 מענער, פרויען און קינדער. מען האָט אונדז געיאָגט צופוס דריי קילאָמעטער. די אונדזן עסקאַרטירענדיקע פאַשיסטן, אוקראַינער, האָבן געשלאָגן און באַרויבט. עס זײַנען געווען א סך פאַרוואונדעטע פונעם אופשטאַנד אין געטאָ און די זײַנען

געפאַלן אין וועג. די אוקריינער האָבן זיי דערענדיקט. מיר זיינען געווען אי־בערצייגט, אז מיר גייען אין קרעמאַטאָריום, ווייל מיר האָבן געוווסט, אז אזוי איז אין מיידאַנעק און די יידישע קריגס-געפאַנגענע אַפן פלי־פּלאַץ האָבן זיך מיט אונדז געזעגנט און געוויינט. דער וועג האָט געדויערט אַ פּאָר שעה. 7 אין אָוונט זיינען מיר געווען אַפן אָרט. אַפן קוילן־פּלאַץ האָט דער גאַנצער טראַנספּאָרט פאַרברענגט די נאַכט. באַנאַכט זיינען פּאָרגעקומען אַ סך זעלבסטמאָרדן, הויפּטזאַכלעך, מיט וועראָנאַל. צווישן אַנדערע איז באַ־גאַנגען זעלבסטמאָרד דער יונגער דר. שוויעצא, וועמענס פאָטער מען האָט דערשאָסן אין וועג.

אינדערפרי האָבן מיר זיך דערוווסט פון מענטשן אין לאַגער, אַז מיר וועלן גיין אין באָד און מען וועט אונדז אַלץ צונעמען. מענטשן האָבן צעריסן דאָס געלט און אַרויסגעוואָרפן דאָס צירונג, כדי דאָס נישט אָפּצוגעבן די ס"ס-לייט. מען האָט אַרויסגענומען פונעם טראַנספּאָרט צו 100 מענטשן, אָפּגעטיילט פרויען פון מענער און געפירט באָדן. פאַרן אַריינגיין אין באָד זיינען מיר געשטאַנען אויסגעטאָנענע און אַ גרופּע ס"ס האָבן אַדורכגעפירט אַ סעלעקציע. די פרויען האָבן דעפּילירט נאַקעטע. לויטן איינזען פון ס"ס זיינען געגאַנגען איינע רעכטס אין באָד, און אַלטע, קרענקלעכע, שוואַך־אַנטוויקלטע און פרויען מיט קינדער, כאָטש יונגע — אַף לינקס. מיר האָבן געוווסט, אַז אַף לינקס געפינען זיך די גאַז־קאַמערן.

אַלע פּאָר טעג — אַ סעלעקציע. אַפן אַפּעל-פּלאַץ, באַ דער סעלעקציע האָט מען זיך געריכטעט, לויט אַ קאַפּריז. עס זיינען געגאַנגען אין גאַז עלטערע און שוואַכע, אויך געפאַרבטע אַף בלאָנדע, פון אַרישן טיפּ, פרויען, און קודם כל די שענסטע. געבליבן זיינען די מיטלמעסיקע, וועלכע האָבן זיך נישט געוואָרפן אין די אויגן. די פרויען זיינען געגאַנגען גלייכגילטיק צום טויט, אַ סך זיינען געווען צופרידן, וואָס עס קומט אַ סוף צום מאַטערן זיך.

נומער 203.

# בודזין

יוסף אבצ'י

## סאַדיזם. מאַרטירן. די „שוואַרצע"

אין לאַגער קיין בודזין, וואָס ליגט אין „קאָפּיע" בין איך אָנגעקומען פון וואַרשעווער געטאָ צוזאַמען מיט נאָך 800 מענטשן. צוזאַמען מיט די, וועלכע זיינען דאָ געווען פון פריער, זיינען געווען 2.500 מענטשן. צווישן זיי 500 פרויען.

די מענטשן פון לאַגער האָבן געאַרבעט אין הענקעלס „ווערק" (פאַבריק פון עראָפּלאַנען). אַלס קאָמענדאַנט פון לאַגער איז געווען אַ דייטש פון די סודעטן — פייקס — אַ מענטש פון אויסגעשפּראָכענע פאַרברעכערישע אינסטינקטן ,וועלכער האָט אַף אַן אומדערהערטן אופן זיך איזדיעקעוועט איבער מענטשן.

אַלס ביישפּיל קען מען ברענגען פאָלגענדיקן פאַקט. ווינטער 1942, זיינען עפּעס אַ 10 יידן אַנטלאָפן פונעם לאַגער. מען האָט זיי באַלד נישט געקאָנט געפינען. נאָכדעם האָט מען געכאַפּט דריי פון זיי. אַלע דריי זיינען דורך פייקסן פאַרורטיילט געוואָרן צום טויט. דער אורטייל איז אויסגעפירט געוואָרן באַ אומשטענדן, וועלכע האָבן געלאָזט גליווערן דאָס בלוט אין די אָדערן. פייקס האָט באַפוילן אויסצוטאָן די געכאַפּטע נאַקעט (באַ אַ טעמ־פּעראַטור פון מינוס 20) מען האָט זיי אָפּגעהאַלטן אין בונקער אַ גאַנצע נאַכט, ווו מען האָט זיי געשלאָגן ביז בלוט. אינדערפרי האָט מען זיי אַרויס־געפירט פונעם בונקער אַפן עקזעקוציע-פּלאַץ. אַפן וועג פונעם בונקער ביזן לאַגער האָט מען זיי געצוואונגען יעדע פאָר טריט צו פאַלן אַף דער ערד (נאַקעט) און מען האָט זיי דערביי געשלאָגן און געקאָפּעט מיט די פיס.

באַם לאַגער איז צוגעגרייט געוואָרן אַ תליה. די עקזעקוציע איז פאָר־געקומען אַזוי, אַז מען האָט די פאַרמשפּטע אויפגעהאנגען באַ די פיס און פייקס האָט אָנגעזאָגט די וועכטער, אַז זיי זאָלן אַבטונג געבן, אַז די אויפ־געהאנגענע זאָלן אַזוי הענגען ביז זיי וועלן אויסגיין. אָבער ווי לאַנג זיי האָבן געלעבט האָט פייקס אַליין מיט אייגענע הענט זיך איזדיעקעוועט איבער זיי, כדי צו באַפרידיקן זיינע סאַדיסטישע נייגונגען. מיט שטעכל-דראָט האָט ער אָראָפּגעריסן פון זיי לעבעדיקע די הויט, דערביי האָט ער ספּעציעל געצילט

אין די נעניטאַליעס. דער פּיין פון די פּאַרורטיילטע איז נעווען שווידערלעך. זיי האָבן געבעטן בא די אוקראַינישע וועכטער, אַז זיי זאָלן זיי דערשיסן, די וועכטער האָבן אָבער געהאַט אַ באַפעל נישט צו שיסן, אַז זייער פּיין זאָל דויערן לענגער. איינער פון זיי האָט זיך אַראָפּגעריסן פונעם שטריק אין 4 שעה אַרום און ערשט דעמאָלט האָט מען אים דערשאָסן. דער צווייטער איז אַראָפּגעפאַלן אין די ווייטערע צוויי שעה, דער דריטער נאָכמיטיק,ביידע האָט מען דערשלאָגן.

דער צווייטער פאַל פון פּייניקן: אין לאַגער איז געווען פאַרבאָטן צו האָבן געלט. איינמאָל האָט מען בא איינעם געפונען עפּעס געלט. דער שולדיקער איז פאַרורטיילט געוואָרן צו טויט. צוערשט האָט אים צעשלאָגן ביז בלוט אַן אוקראַינישער וועכטער, נאָכדעם איז ער אָפּגעזעסן אַ מעת-לעת אין בונקער. אפן צווייטן טאָג בעת דעם אָונט-אַפּעל האָט מען אים אַ נאַקעטן געבראַכט אפן אַפּעל־פּלאַץ. עס האָט אים געבראַכט צופירן, ווי אַ בער אַף אַ שטריק, דער באַקאַנטער מיט זיינע אַכזריות, אוקראַינער, מיטן נאָמען אָמטאָ. אפן פּלאַץ האָט מען אוועקגעשטעלט אין אַ שפּאַלער 2000 מענטשן פון לאַגער און פּייקס האָט אַרויסגעגעבן אַ שטרענגן באַפעל, אַז יעדער פון די מענטשן זאָל שלאָגן, געבן אַ קלאַפּ דעם פאַרמשפּטן. אין אַ קורצער צייט איז דער אומגליקלעכער, אונטער די קלעפּ, געפאַלן חלשות. פּייקס האָט מיט די אייגענע הענט, מיט דער הילף פון אַן אייזן אים געעפנט דאָס מויל, און מען האָט אים באַגאָסן מיט וואַסער, כדי אים צו דערמינטערן. אַ חוץ דעם האָט פּייקס, לויט זיין מנהג, אים אָנגעהויבן שלאָגן צווישן די פיס. די וויי־געשרייען פון דעם געפּייניקטן זיינען געווען שרעקלעך. אַזוי ווי דאָס איז געווען אַ פיזיש-שטאַרקער מענטש, האָט ער נאָך געלעבט, נישט קוקנדיק אַף אַלעם, און פּייקס האָט אים געהייסן נאָך אַמאָל דורכפירן דורך דעם שפּאַלער און שלאָגן. נאָך צוויי שעה פון די דאָזיקע טאָרטורן, וועלכע עס וועט שוין קיינמאָל אין לעבן נישט פאַרגעסן קיינער, וואָס איז דערביי געווען, האָט דער מענטש אויסגעהויכט די נשמה. דאָס פּייניקן, לויטן באַפעל פון פּייקסן, האָט זיך פאַרענדיקט ערשט דעמאָלט, ווען דער דאָקטאָר האָט פעסטגעשטעלט דעם טויט. אַף אַ טאַטשקע האָט מען אַרויסגעפירט דעם טויטן קערפּער אין מאַסן־קבר, אין וואַלד באַם לאַגער.

מיט טויט האָט מען באַשטראָפט פאַר האָבן אַ לאַנג העמד, פאַר געפינען אַף דעם לאַגער-מענטש כאָטש איין לויז... פאַר גנבענען קאַרטאָפל, צו וועלכן עס האָט געצוווּנגען דער שרעקלעכער הונגער אין לאַגער, בפרט נאָך פאַר דעם נייעם גערעטעניש, האָט געדראָט מויטרשטראָף, אָדער, אין בעסטן פאַל, האָט

פייקס דעם „שולדיקן", וועלכן מען האט עכאפט דערביי, געהייסן אויפעסן די קארטאפל אין איין רגע, אפן ארט, מיט דער שאלעכץ, רווי.

ווינטער 1942 האט געהערשט אין לאגער אן עפידעמיע פון טיפוס. די קראנקע זיינען געלעגן אין קראנקן רעוויר. יעדע פאר טעג איז פייקס גע-גאנגען אין רעוויר, ארויסגעשלעפט די קראנקע פון בעט און געפרווט זייער אויסהאלטעוודיקייט. ווער פון די קראנקע ס'האט בא א טעמפעראטור פון 40 נישט געקאנט לויפן, אדער טאנצן, האט זיך געמוזט אוועקשטעלן אונטער דער וואנט און פייקס האט געשאסן.

אף דעם דאזיקן אופן האבן אין משך פון ווינטער פארלארן דאס לעבן 150 פערזאן. יעדער פון די אומגליקלעכע האט פארן באקומען די קויל, געמוזט אנגעבן זיין לאגער־נומער, וועלכן עס האט באלד אפנאטירט דער שרייבער, וועלכער האט זיך געפונען דערביי. נאכדעם איז פייקס געגאנגען אין דער קאנצעלאריע און צופרידן געריבן די הענט. ער פלעגט שטענדיק פרעגן: וויפל יידן האט מען היינט דערליידיקט? פארשטייט זיך, אז די צאל האט געמוזט שטימען.

ספעציעל פארצייכנט צו ווערן פארדינט דאס אופירן זיך פון די אוק-ראינישע פאשיסטן בנוגע די יידן. מיט די אוקראינער האבן זיך די דייטשן באדינט בא דער „אויסזידלונג" פון די יידן פון די פוילישע שטעט און ספעציעל בעת דער ליקווידאציע פון ווארשעווער געטא. אוקראינער — דאס איז געווען אן אימה פאר יידן. מען האט זיי גערופן „שווארצע", צוליב די שווארצע מונדירן, וועלכע זיי האבן געטראגן. זיי זיינען געווען די הערן פון לעבן און טויט, פאר די געפאנגענע. זיי זיינען געגאנגען איבערן לאגער שטענדיק מיט א נאהייקע אין די הענט און ווי עס האט זיך זיי פארגלוסט, אין מערסטן טייל, שיכורע, געשלאגן וועמען זיי האבן געטראפן. עס איז געווען גענוג א קרומער קוק, א נישט גענוג שנעלער באגריסן, האלטן די האנט אין טאש א. ד. גל.

די ספעציאליטעט פון די „שווארצע" באזונדערס אין דער צייט, ווען אין לאגער זיינען געקומען די פון ווארשעווער געטא, וועלכע זיי האבן גע-רופן „ווארשאוער באנדיטן" איז געווען — זוכן געלט בא די ווארשעווער. די אוקראינער זיינען געקומען אין די באראקן, ארויסגעשלעפט באזונדערע מענטשן, אף וועלכע זיי האבן געהאט א חשד, אז זיי האבן געלט און האבן זיי גרונדלעך רעווידירט. ווען זיי האבן געפונען עפעס געלט, האבן זיי נישט נאר צוגענומען דאס געלט, נאר צעשלאגן ביז בלוט און געדראט, אז זיי וועלן מעלדן וועגן דעם פייקסן, אלע האבן געוווסט, אז דאס שמעקט מיט

טויט, האָט מען, אלזא, געבעטן, ווי א חסד, זיי זאָלן ניט דערציילן. זיי איז אויך געווען מער אף דער האנט נישט צו מעלדן, ווייל אין קעגנפאל וואָלטן זיי געמוזט אָפּגעבן דאָס געלט פּייקסן.

נומער 237.

# דאָראַ

זיגמונד רובינשטיין

---

## אין די אונטערערדישע טונעלן

...די געזונטע האָט מען אָפּגעשיקט אין דער ארטשאַפט דאָרא (האַרץ), עס איז געווען א שטראָף־לאַגער, אן אַרויספּאַרטיקער. מיר האָבן געאַרבעט באַם אויסאַרבעטן געווער (זייגער־אַוויאָנען). עס האָט זיך קיינער נישט געטאָרט דערנענטערן צום לאַגער א חוץ די, וועלכע זיינען געווען דאָרט באַשעפטיקט. ס״ס־לייט, וועלכע זיינען געקומען אַפּן שטח פונם לאַגער, האָבן זיך געמוזט לעגיטימירן.

זעכצן שעה אַרבעט, נאָכדעם אן אַפּעל פון 3 ביז 5 שעה. עס איז כמעט נישט אויסגעקומען צו שלאָפן. בעת א לופט-אָנגריף, אַז דער צווייטער שיכט האָט נישט געקענט קומען, האָבן מיר געאַרבעט (אין אַן אונטערערדישן טונעל) 36 שעה. די אונטערערדישע טונעלן האָבן זיך געפונען אונטער די שטיינהאַקערייען. בעת דער אַרבעט האָבן זיך אָפּגעריסן סקאַלעס און באַגראָבן אונטער זיך צענדליקער פון די אַרבעטער. די קרעמאַטאָריעס האָבן געהרויכערט טאָג און נאַכט, קוים געקאָנט באַוויזן צו פאַרברענען אַזוי פיל טויטע.

די מתים האָט מען געברענט אַף אַזאַ אופן: מען האָט געלייגט איין שיכט מתים און איין שיכט האָלץ. איך בין געווען קראַנק און מען האָט מיר געמאַכט אן אָפּעראַציע פונעם אַפּענדיציט, אָן נאַרקאָז. עס האָט מיך אָפּערירט א ייד פון פראַנקרייך. אים, ווי אויך דעם קאַפּאָמאַן, א דייטש, וועלכער האָט מיך אָפּגעטראָגן אין קראַנקן רעוויר און פאַרהיטן פון א מערדערלעכער איינשפּריצונג פון בענזין, וועלכן מען האָט געגעבן די קראַנקע, האָב איך צו פאַרדאַנקען דאָס לעבן.

אין די לעצטע זעקס וואָכן האָבן מיר אינגאַנצן נישט באַקומען קיין ברויט, נאָר צוויי קאַרטאָפל מיט דער שאָלעכץ, טעגלעך.

נומער 457.

# דאַכאַו - בירקענאַו

שיע גערטנער

## די טעכניק פון גאַזירן און פאַרברענען. פליטה

הארבסט, 1940, ווען מען האָט אָנגעהויבן אָפּצוימען דאָס לאָדזשער געטאָ, האָט מען געכאַפּט יידן אַף די גאַסן און דעמאָלט האָט מען געכאַפּט מיך אויך. איניינעם אַ 800 יידן האָט מען געבראַכט אין דער תפיסה אַף טשאַרניעצקיע. כ'בין געזעסן נאָר צוויי טעג און מען האָט מיך אַרויסגעפירט קיין פּויזן, דאָרט איז געווען אַרבעטס-לאַגער און מען האָט גע-אַרבעט צוזאַמען מיט פּאָליאַקן. עס איז נישט געווען צום ערגסטן, נאָר איך בין אַלט געווען נאָר 14 יאָר. ווי האָב איך געקענט אויסהאַלטן אָן די עלטערן צווישן פרעמדע מענטשן? איך האָב געטראַכט און געטראַכט, ווי נאָר צו אַנטלויפן אַ היים. מיר זיינען געגאַנגען צו דער אַרבעט גאַנץ פרי. עס איז געווען שפּעט האַרבסט. עס איז נאָך געווען אין דרויסן גאַנץ פינצטער, ווען איך בין געגאַנגען מיט מיין „אַרבעטס-קאָמאַנדאָ". ס'האָט זיך מיר איינ-געגעבן זיך אַראָפּצוגליטשן אין אַ ראָוו, איך בין אָפּגעלעגן אַזוי ביז אַלע זיינען אַריבערגעגאַנגען און נאָכדעם — געגעבן פּיס! איך בין געגאַנגען צו פוס אין דער ריכטונג קיין לאָדזש און אָנגעקומען.

איך האָב דערזען, אַז דאָס געטאָ איז שוין געשלאָסן. איך האָב זיך צו-געקוקט, ווי דאָס אַלץ זעט אויס. בײַ דעם סאַמע געטאָ, דורך דער זגיערזשער גאַס איז געגאַנגען אַ טראַמוויי. מען האָט נאָר געדאַרפט אַרויסשפּרינגען פונעם טראַמוויי, ווען ער איז אַדורכגעגאַנגען לעבן דער פּאָדזשעטשנע, ווו עס האָט זיך געפונען דער טויער פונעם געטאָ. מען האָט נאָר געדאַרפט טרעפן אַף אַזאַ מאָמענט, ווען אין טויער פאָרן אַריין פורן, און אַריינשפּרינגען אין טויער אַריין.

איך בין געפאָרן אין טראַמוויי אַזוי לאַנג, ביז איך האָב געפּאַקט דעם גוטן מאָמענט. אָבער איינער פון די זשאַנדאַרמען האָט מיך געכאַפּט בײַם קאָלנער און אָפּגעפירט אין געשטאַפּאָ. דאָרטן האָט מען מיך פאַרהערט. איך האָב גאָרניט געלייקנט, איך האָב נאָך דעמאָלט געגלויבט, אַז מען וועט האָבן רחמנות אַף אַ קינד. איך האָב געזאָגט, אַז איך קאָן נישט לעבן אָן דער מאַמען, אַז איך האָב געבענקט טאָג און נאַכט. דער, וואָס האָט מיך פאַר-

הערט האָט געזאָגט: „ווילסט צו דער מאַמען? גאַנץ גערעכט, וועסט גיין צו דער מאַמען"... און האָט מיך אַרויסגעשיקט קיין דאַכאַו, צו דער ש. ק. (שטראָף-קאָמאַנדאָ) און מער האָב איך שוין מיינע עלטערן ניט געזען, און אויך זיי האָבן געווים נישט געוווסט, אַז איך האָב זיך געפּרוווט צוריקצוקערן צו זיי.

איך בין געפאָרן מיט אַ טראַנספּאָרט פון 120 יידן, אויך געכאַפּטע בײַ אַזעלכע „פאַרברעכנס" ווי איך. איך בין געווען אין שטראָף-קאָמאַנדאָ דער יינגסטער און אַלע האָבן מיך זייער ליב געהאַט. מיר האָבן געאַרבעט בײַ קאַלך. צוויי יידן האָבן געטראָגן אַ טראַגע מיט קאַלך אַראָפּ, און אַזוי 15 שעה אַ טאָג. מענטשן זיינען געפאַלן פון מידקייט און הונגער, ווייל די שטראָף-קאָמאַנדע איז ספּעציעל געווען אויסגעהונגערט. ווען עס האָט זיך שוין עמיצער איינגעגעבן ניט געקענט רירן האָבן אים די ס"ס אַריינגעוואָרפן אין גרוב מיט קאַלך און דאָרט איז ער פאַרברענט געוואָרן. אַזוי האָט מען טעגלעך געהרגעט עטלעכע יידן, אַמינדעסטן צוויי-דריי.

אין משך פון 4 חדשים האָב איך דאָרט געליטן הונגער און געמיינט, אַז עס וועט זיך נאָך עפּעס ענדערן, נאָר די לאַגע האָט זיך נישט פאַרבעסערט. איך האָב זיך נאָר געקענט אויך אַריינבאַקומען אין קאַלך-גרוב.

דאַן האָב איך געמאַכט שותפות מיט נאָך פיר יידן און מיר האָבן אָנגעהויבן „אָרגאַניזירן" *) לעבנסמיטל-פּראָדוקטן. בײַ אונדזער באַראַק איז געווען דער מאַגאַזין מיט די לעבנסמיטל-פּראָדוקטן. איך פלעג אַריינקריכן אַהין דורך אַ קליין פענצטערל אין אָוונט און האָב אַרויסגעגעבן פון דאָרטן ברויט, צוקער, מאַרמעלאַד, וווּרשט, אַלץ וואָס עס האָט זיך געלאָזט. אַ לענגערע צייט האָט זיך דערויף קיינער נישט געכאַפּט. אָבער איינמאָל בין איך אַריין מיט די פיס אין אַ פאַס מיט מאַרמעלאַד, וואָס איז געשטאַנען בײַם פענצטער, און דער גאַנצער מאַגאַזין איז געווען געצייכנט מיט סימנים פון מיינע פיס. מען האָט אָנגעהויבן זוכן, נאָכשפּירן און סוף-כל-סוף געפאַלן אויף מיר. אַן אַנדערן וואָלט מען פאַר אַזאַ זאַך אויפגעהאַנגען, נאָר מיך האָט מען ליב געהאַט. איך האָב באַקומען נאָר 25 אויפן הינטערשטן...

נאָכדעם האָב איך ווייטער „אָרגאַניזירט" ווי עס האָט זיך געלאָזט, כאָטש איך האָב פיל מאָל געקראָגן געשלאָגן און דעם „הינטערשטן" געהאַט שוין אַזאַ האַרטן און שוואַרצן, ווי לעדער. מען קען נאָך איצט מיך שלאָגן און איך פיל גאָרניט. אָבער עס איז דערגאַנגען צום בלאָקמאַן, אַז איך מאַך

---

*) „אָרגאַניזירן" אויף לאַגער-לשון — גנבענען, צונעמען.

מיר גאָרנישט פון שלאָגן, האָט מען מיר געמאָלדן, אַז אויב מען וועט מיך באַפּן נאָכאַמאָל בא אַ גנבה, וועל איך גיין אַף דער תּליה. איך האָב געוווסט, אַז זיי וועלן האַלטן וואָרט און האָב נישט געוואָלט שטאַרבן. אָבער לעבן אין דעם שטראָף־לאַגער און „אָרגאַניזירן" האָב איך אויך שוין נישט געקענט. האָב איך באַשלאָסן ווידער אַמאָל צו פּרוּוון מאַכן פּליטה.

מען האָט געבראַכט אַף דער סטאַנציע אַ טראַנספּאָרט מיט שמעכל־דראָט און מיר זיינען געגאַנגען אויסלאָדן. ווען ס'האָט מיך קיינער נישט געזען האָב איך מיר אויסגעפונען אַן אָרט אונטער אַ משא־וואַגאָן און אַזוי געקומען צופאָרן קיין פּויזן. איך בין געווען צוגעגרייט צו אַ נסיעה. איך האָב געהאַט בא זיך געלט. אין לאַגער איז נישט געווען קיין דוחק אין געלט. מענטשן האָבן געהאַט פיל געלט און האָבן ניט געוווסט דערמיט, וואָס צו טאָן. אין פּויזן האָב איך קיינעם ניט געקאָנט, בין נאָך געווען נאַריש, כאָטש נאָך דעם לעבן אין דאַכאַו... איך בין אַוועק צו אַ פּאָליאַק, ער זאָל מיר דערלויבן איבערצונעכטיקן. ס'איז געווען אַ „פאָלקסדייטשער". באַנאַכט האָט ער אַדורכגעזוכט מיינע טאַשן, צוגענומען בא מיר דאָס געלט און אינדערפרי — מיך איבערגעגעבן אין געשטאַפּאָ. מען האָט מיך פאַרהערט און אָפּגעשיקט ווייטער. איך האָב נישט געוווסט וווהין איך פאָר. ס'האָבן מיך איינעם אַליין געפירט ס"ס־לייט. מען האָט מיך געבראַכט קיין בירקענאַו און באַלד איבערגעגעבן אין „זאָנדערקאָמאַנדאָ". ס'איז געווען אַפן פעלד „דע", באַראַק 32.

מיין „קאָמאַנדאָ" האָט געהאַט 400 מענטשן. אין די ערשטע טעג בין איך נישט געגאַנגען צו די אויוונס, איך האָב נאָר געהאַט „שטובענדינסט", אָבער נאָכדעם איז איינמאָל געקומען „האויפּטשאַרפירער" מיללער און האָט געזאָגט „אַזאַ געזונט, שטאַרק יינגל, זאָל ער גיין אין אַ שיכט" און איך האָב אָנגעהויבן גיין צום אויוון.

די ערשטע טעג זיינען געווען אַזוי שווער, אַז כ'האָב מיר קיין עצה ניט געקאָנט געבן מיט דער אַרבעט. פונעם ערשטן מאָמענט אָן האָב איך נאָר געטראַכט, ווי זיך פון דער אַרבעט באַפרייען. אַלע האָבן מיר געוווסט, אַז אין דריי חדשים אַרום וועט מען אונדז אַרויספאַרטיקן און נעמען אַנדערע. מיר זיינען געווען 400 מענטשן, איין העלפט האָט געאַרבעט באַטאָג, די צווייטע באַנאַכט. צו אונדזער „קאָמאַנדאָ" האָט געהערט נאָך איין אויוון.

צו דער אַרבעט זיינען מיר געגאַנגען מיט מוזיק. עס איז דאָרט געווען אַ גאַנצער אָרקעסטער, וועלכער האָט אונדז שטענדיק אָפּגעפירט. נאָכדעם, ווען זיי האָבן געברענגט דעם צווייטן שיכט האָבן זיי אונדז ווידער צוריק־

געפירט מיט מוזיק. אונדזער הויפט-שעף איז געווען „האופטשטורמפירער" ד"ר מענגעלע. ער פלעגט צושטעלן מענטשן צום גאזירן. נאכדעם איז געווען מיללער. דינסט בא דער ארבעט האבן געהאט געוויינלעך 5 ס"ס-לייט. עס פלעגן קומען טראנספארטן. די מענטשן, וועלכע פלעגן קומען האבן גארנישט געוווסט, וואס עס ווארט אף זיי. אף דער גרעבידע איז געווען אויפגעשריבן „באדעאנשטאלט". אלע זאכן, וועלכע זיי האבן געהאט מיט זיך האבן זיי געמוזט לאזן אינדרויסן. זיי זיינען ארייגעגאנגען, אויסגעטאן ביז נאקעט, יעדער האט באקומען א נומער פון די זאכן, ער זאל זיי כלומרשט שפעטער קענען אפנעמען, א שטיקל זייף און א האנטוך און איז געגאנגען אונטערן דוש. דעמאלט זיינען ארייגעפאלן דייטשן און אנגעהויבן שלאגן, כדי צו מאכן א טומל. מענטשן האבן נישט געוווסט, וואס עס טוט זיך דא, און גע-פאלן איינס אף ס'אנדערע, אנגעהויבן לויפן. דעמאלט האבן זיך געעפנט די טירן צו די גאז־קאמערן און דעם גאנצן עולם האט מען גענומען טרייבן אהין. מען האט שנעל פארהאקט די טירן און דורך א פענצטערל ארייגעווארפן דאס שעכטל, וואס האט געלאזט גאז.

איך האב געארבעט אין דער דאזיקער „קאמאנדא" 10 וואכן. איך בין קיינמאל נישט געווען אין דער קאמער. נאך דעם גאזירן האט מען געעפנט פון דער צווייטער זייט, צו וועלכער עס האט קיינער קיין צוטריט נישט געהאט, טיר און פענצטער און מען האט געלופטערט 5 מינוט. נאכדעם זיינען „קאפאס" ארייגעגאנגען אינעווייניק און ארויסגעווארפן די מתים דורך דער טיר און פענצטער, עס זאל גיין שנעלער. אלע האבן מיר געהאט אף די הענט לאנגע גומי-הענטשקעס און אף דעם מויל טאמפאנעס פון וואטע. פון די טויטע גופים, ווען מען פלעגט זיי רירן, פלעגט ארויס גאז, אזוי אז מען האט נישט געקענט אטעמען. רעלסן האבן געפירט פון דעם טויער פון דער גאז-קאמער דירעקט צום אויוון. מען האט געלאדן אף וואגאניעטקעס, צו 40 טויטע אף א וואגאניעטקע און דאס איז באלד געגאנגען אין אויוון. די וואגאניעטקעס האבן זיך אויטאמאטיש איבערגעדרייט און גלייך אף דעם צעגליעטן רושט. די קערפערס האבן באלד אנגעהויבן ברענען און אין 10 מינוטן ארום איז געווען פון זיי אש. ווען דער עלעקטרישער שטראם איז געווען א שוואכערער, זיינען געבליבן ביינער, נארמאל אבער נאר גרודיקלעך, קליינע ביינדלעך.

אינעווייניק איז געווען אן אפאראט אזא, מען האט אים גערופן „עקסהאוסטער", וועלכער האט ארויסגעבלאזן דאס אש, נאך יעדן פאר-ברענען, אין א לאך דערנעבן. לעבן דעם איז געשטאנען איינער, וועלכער

האָט אָנגעפּילט מיט דעם אַש פּעסער, וועלכע מען האָט מיט אַ ווינדע אַרויפגעצויגן אַרויף. נאָכדעם האָט מען אַרויסגעפירט דאָס אַש און אויסגעשיט אין וואַסער, אין טייך סאָלאַ.

כ׳האָב געלאָדן די טויטע אַף די וואַגאָניעטקעס, זיי זיינען געווען געל פונעם גאַז. אייניקע טויטע האָבן געהאַט דאָס מויל פאַרשטעלט מיט די הענט, אַנדערע האָבן זיך געהאַלטן באַם בויך. זיי זיינען געווען שטייף, ווי פון אַ פּאַראַליטש, די אויגן אָפן, פאַרגלעזערט.

אַלע, וויפל מיר זיינען געווען, האָבן מיר נישט געקאָנט איבערטראָגן די אַרבעט. מיר זיינען געגאַנגען ,ווי ווילדע. מיר האָבן גאַנץ אָפן גערעדט וועגן דעם, וואָס צו טאָן, כדי צו אַנטלויפן. באַ אונדזער פעלד איז געלעגן דער „ע״-לאַגער. מיר פלעגן אַמאָל דורך די דראָטן זיך קענען אַדורכריידן מיט אונדזעריקע. מיר האָבן זיי באַלד געזאָגט, זיי זאָלן זיך באַמיען עפּעס צו טאָן, נישט וואַרטן ביז מען וועט זיי נעמען אין „זאָנדערקאָמאַנדאָ״, אָדער אַרויסשיקן אין גאַז. וואָס האָבן זיי געקענט טאָן? איין אויסגאַנג איז נאָר געווען: אַ סך מענטשן, כ׳האָב געזען אין משך פון די 10 וואָכן, האָבן זיך געוואָרפן אַף די עלעקטריזירטע דראָטן. איין רגע און מען איז שוין געווען אַ מת. איך האָב געטראַכט, אַז זיי טוען גוט. בעסער אַזוי, ווי די גאַז-קאַמער. איך האָב נישט איינמאָל אינדערפרי געזען די, וועלכע האָבן זיך באַנאַכט געוואָרפן אַף די דראָטן. זיי זיינען ניט געפאַלן אַף דער ערד, די עלעקטריע האָט זיי אַזוי געהאַלטן, זיי זיינען געשטאַנען שטייף מיט אויסגעצויגענע אַרויף הענט, אינגאַנצן ווי לעבעדיקע.

עסן האָבן מיר באַקומען גוט. טעגלעך אַ גאַנץ ברויט, אַ שטיקל פּוטער, אַ ספּעציעלע זופּ, מילך... אָבער ווער האָט געקענט עסן? אַ חוץ דעם האָבן די מענטשן, וועלכע זיינען געגאַנגען אַף טויט, געהאַט באַ זיך אַ סך עסנוואַרג, אָפּט פון די בעסטע זאַכן, ווען עס זיינען געווען טראַנספּאָרטן פון אויסלאַנד. און דאָס אַלץ איז געלעגן פאַר דער גאַזאָווניע, האָט מען געקענט נעמען. אַזוי אויך ציוויל-קליידער האָט מען געקענט טראָגן און מיר האָבן געקענט אויסקלייבן, וועלכע מיר האָבן געוואָלט. ווער האָט דאָס אַלץ געדאַרפט?

ווען מיר האָבן אָנגעהייבן טאָג-איין, טאָג-אויס צו ריידן דערפון, איז שוין אַנטשטאַנען אַן אָרגאַניזאַציע. מיר האָבן אָנגעהויבן זאַמלען געווער. נאָכדעם איז אין יאַנואַר געקומען אַ טראַנספּאָרט פּאָליאַקן. מען האָט געזאָגט, אַז דאָס איז פון עפּעס אַן אויפשטאַנד. באַ זיי האָבן מיר צוגענומען אַ סך האַנטגראַנאַטן, אַלץ האָבן מיר געהאַט איינגעגראָבן אין קעסטלעך און

אין עמערס אין דער ערד. אייניקע האָבן געהאַלטן אין די שטרוי־זעק. אין די אונטן האָט מען אין די באַראַקן גאַנץ אָפּן געגראָבן דעם עמער דעם.

עס איז געווען אין יאַנואַר, גענוי די דאַטע געדענק איך נישט. אַ טאָג פאַרויס האָבן מיר געוווּסט, אַז עס וועלן זיין אַ סך טראַנספּאָרטן צו גאַז און אַז מיר וועלן אַרבעטן ביידע שיכטן צוזאַמען, 400 יידן. עס איז געווען אַ פּאַסיקער מאָמענט צום אַנטלויפן. עס איז געקומען ד"ר מענגעלע און האָט אויסגעקליבן 73 מענטשן, אַזעלכע „מוזולמאַנען", וועלכע האָבן שטאַרק שלעכט אויסגעזען, און האָט זיי באַפוילן נישט גיין צו דער אַרבעט, נאָר בלייבן אין באַראַק. אַלע איבעריקע 327 זיינען אַרויסגעגאַנגען אינדערפרי. פאַר דעם האָבן די מענטשן באַנאַכט אונטערגעגראָבן די ערד אונטער די דראָטן, באַלד הינטער דעם קרעמאַטאָריום. ווייטער איז געווען אַ פעלד און וואַלד. די דראָטן זיינען געווען עלעקטריזירט מיט הויכן שטראָם, האָט מען געמאַכט איזאָלאַציע, אַז עס זאָל קיינעם אין דער איילעניש נישט טרעפן. אין דער אונטערגעגראָבענער ערד אונטער די דראָטן, האָט מען אַריינגעשטעלט אַ פאַס אָן אַ דנאָ און דורך דעם פאַס האָבן מיר געזאָלט אַדורכגיין. איינער האָט געזאָלט דעם צווייטן האַלטן באַם אַנצוג און אַזוי, איינער נאָכן צווייטן קריכן.

אין דעם דאָזיקן טאָג, ווען מיר זיינען געקומען צו דער אַרבעט, האָבן מיר זיך געמוזט איבערטאָן אין ציוויל-קליידער, ווייל אייניקע פון אונדז זיינען געווען אָנגעטאָן אין די „פּאַסיאַקעס". זיי זיינען געגאַנגען צום „אָבערשטורמפירער" און געזאָגט, אַז די „פּאַסיאַקעס" שמוציקן זיך אַזוי, אַז זיי ווילן זיך איבערטאָן — „אדרבא, דאָס איז דאָך אַלץ אייערס" — האָט ער געזאָגט און געהייסן אַרויסגעבן די אַנצוגן.

אַלץ איז געווען אָפּגערעדט. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אויב עס וועט עמיצער נישט פאָלגן דעם באַפעל, וועלן מיר אים דערשיסן.

איינעם פון די ס"ס-מענער האָבן מיר באַלד דערשאָסן אין באָד. דעם צווייטן האָבן מיר אַ לעבעדיקן אַריינגעוואָרפן אין אויוון און נאָכדעם האָבן מיר גענומען, לויט אַ קאָמאַנדע, באַוואַרפן דעם אויוון מיט גראַנאַטן. די וועלכע זיינען געווען פון דער צווייטער זייט בא דער גאַזאָווניע, מיט די דריי ס"ס, וואָס האָבן געהיטן דעם טראַנספּאָרט, דעם זעלבן טראַנספּאָרט, וועלכער האָט טאַקע געזאָלט גיין אין גאַז, האָבן דערהערט די אויפרייסן און אָנגעהויבן שרייען, אַז עס איז אַ לופט־אָנגריף, אַז דאָס איז אַן אַלאַרם. די ס"ס-לייט האָבן דערהערט די דעטאָנאַציע און געגלויבט. מען איז אַריין אין שויז-קעלער. די מענטשן, וועלכע זיינען געשטאַנען פאַר דער גאַזאָווניע האָבן

נישט געוווסט, וואָס צו טאָן, און מיר דערוויל, לויט אַ קאָמאַנדע, האָבן אָנגעהויבן אַרויסצוגיין איינער נאָכן צווייטן אין דרויסן.

ערשט אין אָנדערהאַלבן שעה אַרום האָט מען זיך איז לאַגער דערוווּסט, וואָס עס איז געשען. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ שיסעריי און אַדורכזוכונג אַק"ם. איך ווייס נישט, וויפל פון די אַנטלאָפענע עס זיינען אומגעקומען, אָבער איך דערוויס זיך איצט פון עדות, אַז 200 האָט מען אַפן אָרט אַוועקגעלייגט.

איך בין געגאַנגען מיט אַ גרופּע פון 27 מענטשן אין דער ריכטונג צום „רייך". עס האָט אונדז געפירט אַ ייד פון בערלין, וועלכער האָט גוט געקענט דעם וועג. מיר זיינען שוין געווען טיף אין לאַנד, ווען עס האָט אונדז געכאַפּט אין איין שטעטל אַ „פאָלקסשטורם". מיר האָבן אָנגעגעבן, אַז מיר זיינען אַנטלאָפן פון אַ טראַנספּאָרט פון דאַכאַו.

אין דער צייט איז אין דאַכאַו געווען אַ פאַבריק „פאַו־1.". די פאַבריק איז געווען אין אַ טונעל אונטער דער ערד. מען האָט געדאַרפט אַראָפּפאָרן 160 מעטער טיף. דאָרטן זיינען געווען האַלעס, וועלכע האָבן זיך קאָמוניקירט דורך עלעקטרישע טראַמווייען. מיר האָבן אויסגעאַרבעט נישט נאָר באָמבעס נאָר מען האָט מאָנטירט דעם גאַנצן אַפּאַראַט. אַזאַ אַפּאַראַט איז באַשטאַנען פון 5 באָמבעס מיט אַ רעזערוואַר בענזין. די דייטשן האָבן זיך באַרימט, אַז דאָס איז אַזאַ געווער, וואָס וועט אינגאַנצן פאַרניכטן ענגלאַנד. ס'איז ניט געווען אַנגענעם צו הערן באַ וואָס מיר אַרבעטן. אַ הונגער איז געווען באַ דער אַרבעט אַ שרעקלעכער. אַ זופּ אַ פאַרפוילטער שטענדיק. באַ דער אַרבעט האָב איך מיך אויסגעלערנט שלאָסעריי.

ווען עס זיינען שטאַרק נאָענט געקומען די אַמעריקאַנער, האָבן די ס"ס־מענער צעטיילט געווער די דייטשע „קאַפּאָס", וועלכע האָבן איצט געדאַרפט היטן די יידן. זיי האָבן די „קאַפּאָס" געלערנט שיסן אין ציל. עס איז געווען אַ זייער שיינער מאָמענט, ווען זיי האָבן אָף דעם טויער אויפגעהאַנגען אַ געשטרייפט היטל און געהייסן שיסן אין דעם, ווי אין אַ ציל. און דאָ איז אָנגעפאָרן אַן אַמעריקאַנער טאַנק!... די ס"ס־לייט האָבן מער נישט געלערנט שיסן און די „קאַפּאָס" האָבן אַוועקגעוואָרפן די ביקסן.

אַפן צווייטן טאָג זיינען די אַמעריקאַנער שוין געווען אין לאַגער. דער ערשטער זעלנער, וואָס האָט גערעדט מיט מיר, איז געווען אַ ייד פון לעמבערג.

איך בין צוריקגעקומען קיין לאָדזש. קיינעם פון דער פאַמיליע האָב איך נישט געטראָפן. כ'בין אינגאַנצן אַליין.

נומער 141.

# אשוויענטשים

דר. אַנאַ זעעמאַן

## די ניי־געבוירענע ווערן אומגעבראַכט. וויסנשאַפטלעכע עקספּערימענטן

אין די ערשטע טעג פון מערץ 1944 איז פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינער אַפּעל, וועלכער האָט געדויערט 16 שעה. די קינדער האָבן אויך געמוזט אַרויסגיין, ווייל מען האָט געזוכט אין די באַראַקן. מען האָט אויך באַנוצט די הינט. בעת דעם דאָזיקן אַפּעל האָבן, די „אויפזעערקע" האַססע און ס"ס-מאַובע, געמאַכט אַן איבערקוק, געשלאָגן איבער די קעפּ מיט שטעקנס, גע־קאָוועטע אין אייזן, און אויף אַזאַ אופן דערהרגעט מענטשן אויפן אָרט.

אין מערץ האָט אויסגעבראָכן אַ שׂרפה אין חער אַזוי-גערופענער „עפעקטענקאַמער". די געפאַר, אַז דאָס פייער זאָל זיך נישט אַריבערוואַרפן פון באַראַק צו באַראַק איז געווען גרויס. מיר האָבן מורא געהאַט, אַז עס וועט קומען צו אַ שחיטה אין לאַגער, ווייל מען וועט פאַרדעכטיקן אין סאַבאָטאַזש. מען האָט אָבער דעם גאַנצן ענין פאַריבן, ווייל די שׂרפה האָבן אַרויסגערופן די ס"ס-לייט, וועלכע האָבן נישט געוואָלט, עס זאָל אַרויס אויף דער ליכט, וויפל גאָלד און צירונג זיי האָבן אַרויסגעגנבעט. זיי האָבן געזאָגט, אַז די שׂרפה איז אַנטשטאַנען צוליב אַ קורצשלוס.

די שטערבלעכקייט איז געווען שרעקלעך. יעדן אינדערפרי, ווען איך פלעג קומען אין שפּיטאָל־רעוויר פלעג איך טרעפן עטלעכע, אָדער אַ פּאָר צענדליק טויטע, נאַקעטע, ליגן אויף דער ערד. יידישע פרויען פלעגן אַרויס-טראָגן די טויטע קערפּערס. די ניי־געבוירענע קינדער פלעגט מען ברענגען אין אַמבולאַטאָריע באַלד נאָכן געבוירן. מען האָט זיי אַוועקגעלייגט אויפן מעטאַלענעם טיש, אויף אַ שטיקל ליגנינע, צוגעדעקט מיט אַ צווייט שטיקל ליגנינע און זיי זיינען געלעגן אַזוי ביז זיי זיינען אויסגעגאַנגען. אויב דאָס קינד האָט שטאַרק געשריען, האָט אים אַן ס"ס געגעבן אַן איינשפּריצונג.

דער בלאָק 10 איז געווען אַן עקספּערימענט-בלאָק. מען האָט אַהער געבראַכט רענטגען-אַפּאַראַטן און עטלעכע יידישע פרויען, וועלכע זיינען שוין געווען אין בזשעזשינקי אויף עקספּערימענטן. דער דאָקטאָר-ס"ס האָט

זיך מיט גרויס ברען גענומען צו זיין „וויסנשאפטלעכער" ארבעט און אויפהער געהערט ווען איר. די פרויען האבן געציטערט פאר אים. ער האט איינגעארדנט גינעקאלאגישע אונטערזוכונגען, וועלכע האבן געדויערט צו עטלעכע שעה אין טאג; באלויכטן מיט גרויסע דאזעם רענטגען־שטראלן, נאכדעם באזייטיקט איינע אדערביידע אייער־דריזן און ארויסגעשיקט אף גיסטאלאגישן אנאליז. אלס אביעקטן האבן געדינט יידישע פרויען פון גריכנלאנד. די אפעראציעס האט אדורכגעפירט אן אנדערער דאקטאר, א פאלקסדייטש, פון ווארשע, וועלכער האט זיך איינמאל געוועט, אז ער וועט אדורכפירן 10 אזעלכע אפעראציעס אין איין שעה. ער האט דעם געוועט געווונען. צוויי פאציענטקעס האבן באצאלט דערפאר מיטן לעבן ובאלד; די איבעריקע זיינען חדשים־לאנג געלעגן מיט אייטער אין די בייכער. פון 500 יידן, באשטראלטע אין בזשעזשינקי, האט קיינער נישט איבערגעטראגן דעם עקספערימענט.

א צווייטער גרויסער „געלערנטער" איז געווען פראפ. בלאובערג פון קרולעווסקא־הוטא. ער פלעגט אריינשפריצן די פרויען עפעס געהיימנישפולע פליסיקייטן. דעם צוזאמענשטעל פון די דאזיקע פליסיקייטן האבן נישט געוווסט אפילו זיינע מיטארבעטער. די איינשפריצונגען האבן די פרויען באקומען אין לאנגע צייט־אפשניטן, יעדע צוויי־דריי חדשים. די איינשפריצונגען פלעגן ארויסרופן הויכע טעמפעראטור, שטארקע ווייטיקן און ברעכן. אין משך פון א געוויסער צייט האט מען אין דעם בלאק געהאלטן א רייע פרויען וועלכע האבן קיין איינשפריצונגען נישט באקומען.

פרילינג 1944 איז ארויס א פארארדענונג, אז אין דעם בלאק קען נישט בלייבן קיינער, וועמען עס וועט נישט דינען אלס אביעקט פאר עקספערימענטן. פרויען, וועלכע מען האט שוין געהאט אפערירט, שוואכע, אויסדערשעפטע, האבן גיכער געוואלט נאכאמאל בלייבן אף עקספערימענטן איידער גיין אף „אוססענקאמאנדא" אין בזשעזשינקי, וואס האט פאר זיי ווי געהייסן טויט־אורטייל. א גרופע פון 20 יידישע פרויען, פון פוילן, וועלכע האבן נישט לאנג עמיגרירט קיין פראנקרייך האבן דערקלערט, אז זיי וועלן איבער זיך נישט דערלאזן קיין שום עקספערימענטן, ניט קוקנדיק אף קיין קאנסעקווענצן דערפון.

אין מאי 1944 האט מען אריבערגעפירט די פרויען פונעם בלאק 10 אין פרויען־לאגער אין אשוויענטשים. מען האט זיי איזאלירט מיט דראט־אפצוימונגען פון די בלאקן, וווּ עס האבן געוווינט די פרויען ארבעטערינס. אין עקספערימענטאל־בלאק, נאך די גריכישע, זיינען געקומען פראנצויזישע,

בעלגישע, דייטשישע, האָלענדישע, אויסשליסעך י י ד י ש ע פרויען. אין בלאָק זיינען געווען 400־450 פרויען. עס האָבן זיך אָנגעהויבן פּאַר־שפּרייטן קלאַנגען, אַז אין דעם עקספּערימענטאַל־בלאָק וועט מען ברענגען מענער, כדי זיך איבערצוציי‌גן, צי זיינען די פרויען שוין פּאַקטיש פּרוכטלאָז. איינמאָל האָט דער כעמיקער געבעל, אַ דייטש, דערקלערט, אַז ער וועט פאַר־נעמען אַלע פון גאַנצן בלאָק אַף לאָס־אויטאָס, צוזאַמען מיטן פּערסאָנאַל, אַף דריי טעג אין וואַלד אַריין. אַלע זיינען געווען איבערצייגט, אַז דאָרט וועט מען זיי דערליידיקן. דער כעמיקער איז קראַנק געוואָרן און דער ענין איז אָפּ־געלייגט געוואָרן.

באַ די פרויען פון עקספּערימענטאַלן בלאָק האָט מען גענומען בלוט צום אַנאַליז, כדי פעסטצושטעלן די גרופּע פון בלוט. באַ איין פּאַציענטקע האָט מען גענומען 200־300 צמ. בלוט. מיט אַ ברייטן זשעסט האָט דער ס"ס, וועלכער האָט זיך דערמיט פאַרנומען, איר געבראַכט אַמאָל אַ שטיקל ברויט מיט וואורשט. דער אופן פון נעמען בלוט איז שוין געווען אַ געלינדערטער קורס, ווייל פריער, אַז מען האָט געדאַרפט בלוט צו עפּעס אַ ציל, האָט מען גענומען פון לאַגער־גאַס דעם ערשטן בעסטן אַנגעטראָפענעם, גוט אויסגע־ענדיקן ייד און מען האָט פון אים אויסגעצאַפּט דאָס בלוט.

נומער 153.

קורט האַקער

---

# קאַראַנטין. „ענטלויזונג" קינדער. לעבעדיקן באַגראָבענע און געפרעסן דורך חזירים

אונדזער טראַנספּאָרט, צוזאַמענגעשטעלט די גרעסטע טייל פון ניט־יידן, איז אָנגעקומען באַלד נאָכמיטיק, נאָך אַ צווייטאָגיקער שווערער רייזע און ענגע וואַגאָנען, פון הרעזנע קיין אָשוויענטשים. אַפן וועג צום לאַגער האָבן די ס"ס־לייט, וועלכע האָבן אונדז באַגלייט, אונדז איינגערעדט, מיר זאָלן זיי אָוועקגעבן דאָס געלט און די ווערט־זאַכן, ווייל מען וועט דאָס באַ אונדז סיי ווי צונעמען און אַזוי וועלן זיי אונדז זיין באַהילפיק אין לאַגער. נאָכדעם האָב איך מיך איבערצייגט, אַז די דאָזיקע ס"ס־לייט האָבן מיטן לאַגער נישט געהאַט קיין שום געמיינזאַמעס.

ווען מיר זיינען אָנגעקומען אין לאַגער האָט מען אונדז, קודם־כל

אריינגעפירט אין מאגאזין (עפעקטענקאמער), ווו מען האָט בא אונדז אַלצדינג, ביז צו אַ לעפל, צוגענומען. נאָכדעם האָט מען אונדז אַוועקגעפירט אין אַ באָד (סאונא) ווו מיר זיינען פאַרבליבן ביז צום גלאָק (האַלב 8 אין אָוונט). נאָכדעם האָט מען אונדז נאַקעט ארויסגעפירט אין דרויסן און דאָרט האָבן מיר אָפּגעוואַרט די גאַנצע נאַכט, אַ מאַי־נאַכט, נאָר אַ רעגנדיקע און קאַלטע. מיר זיינען געווען 800 מענטשן און ביז אינדערפרי האָבן 42 ש׳ין נישט אויסגעהאַלטן.

9 אינדערפרי האָט מען אונדז אָפּגעפירט אין דעם פריזיר־אַנשטאַלט. דאָ האָט מען באַזייטיקט אַלע האָר פונעם קערפּער, פון אומעטום, אַזש ביז צו די קניעס מיט מאַשינקע און מיט אַ ראַזיר־מעסער. דאָס האָבן געטאָן אַזעלכע מייסטערס, אַז מיר זיינען אַלע געווען צעשניטן און צעקאַליעטשעט און אַזוי האָט מען אונדז אָפּגעשיקט אונטער אַ דוש און שפּעטער האָט מען די אָפּ־געגאָלטע ערטער נאָך אָנגעשמירט מיט קופּערעקס. דער סוף פון דער דאָזיקער אָפּעראַציע איז געווען, אַז כמעט אַלע האָבן מיר באַקומען אַן אַנטצינדונג פון דער הויט און עקזעמעס. פון דער באָד זיינען מיר געגאַנגען אין מאַגאַזין, מען האָט יעדן פון אונדז צוגעוואָרפן דאָס גייטיקסטע וועש, נאָכדעם הויזן און בלוזעס. ס׳האָט קיינער נישט געזאָרגט, אַז די קליידונג זאָל פּאַסן, אין וועלן מיר האָבן זיך נאָכדעם אָנגעקוקט, האָבן מיר זיך נישט דערקענט איינס דאָס אַנדערע, אַזוי האָט אונדז די איינע נאַכט געענדערט. אָבער דאָס איז נאָך נישט געווען אינגאַנצן: מען האָט אונדז אָפּגעפירט אין דער פּאָליטישער אָפּטיילונג, ווו מען האָט אויסגעפילט די רייזע־צעטלעך. צום סוף האָט מען אונדז טאַטואירט און מיר זיינען געוואָרן — נומערן.

דאָס ערשטע עסן איז געווען: אַ וואַסערדיקער זופּ און אַ שטיקל ברויט. באַקומען האָבן מיר דאָס שפּעט אין אָוונט. נאָכדעם האָט מען אונדז באַשטימט אַ באַראַק אַף קאַראַנטין. ס׳האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז מיר זיינען צו פיל און עס איז נישטאָ קיין ערטער אַף די געלעגערס, אַלזאָ, איז אָנשטאָט צו צוויי, ווי עס איז געווען שטענדיק, האָט מען געגעבן דריי אַף איין שמאָל געלעגער. נישט קוקנדיק דערויף, וואָס מיר זיינען געווען שטאַרק מיד, האָבן מיר זיך באַלד איבערצייגט, אַז ווען שלאָפן קאָן קיין רייד נישט זיין: עס זיינען אונדז באַפאַלן פליי און עס איז געווען אַ מאַטערניש צו ליגן. עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז די גאַנצע צייט פונעם קאַראַנטין, פולע 4 וואָכן, בין איך אָפּגעלעגן אין קאָרידאָר אַפן טיש.

די ווייטערע צייט פונעם קאַראַנטין איז געווען אַן אומאויפהערלעכע פּלאָגעניש. 4.30 אינדערפרי האָט מען אונדז אויפגעוועקט מיט אַ קלינגען

פון גלאָק. מען האָט אונדז נעגעבן אַ פערטל ליטער ביטערע שוואַרצע קאַווע און אַרויסגעיאָגט אויפן אַפּעל. דאָרט זיינען מיר פאַרבליבן אַ גאַנצן טאָג ביזן אַונט-אַפּעל. זיצן האָבן מיר ניט געטאָרט. נאָר ווען עס פלעגט זיין אַ גרויסער רעגן האָט מען אונדז אַריינגעלאָזט אין בלאָק, אָבער אויך ערשט דעמאָלט ווען מיר זיינען שוין געווען איינגאַנצן אַדורכגענעצט פונעם רעגן.

און ענדלעך, נאָך 4 וואָכן קאַראַנטין איז געקומען דער אַזוי-גערופענער „אַרבעטסדינסט" און האָט אונדז צעטיילט צווישן פאַרשיידענע „קאָמאַנדאָס".

---

נאָך אַ מאַטערנדיקן אינדערפרי, ווען מיר זיינען צוערשט געפּרווירן גע-וואָרן און נאָכדעם זיך געפּרעגלט אויף דער זון ביז צו חלשות, שמוציקע, האָבן מיר געוואַרט אויפן מיטיק, דאָס הייסט ביז 11 אַ זייגער. ס'איז געווען אַ וואַסער פון קרויט מיט סמנים פון קאַרטאָפל אָן פלייש. שיסעלעך זיינען געווען 200 און לעפל 30 — אויף 800 מענטשן. מען האָט אויסגעשטעלט די מענטשן אין דער רייע צו 5 און געטיילט, געגעבן צו ליטער זופּ, אייגנטלעך, וואַסער. צום עסן איז אונדז ניט פאַרבליבן קיין סך צייט, ווייל די אַנדערע זיינען געווען אומגעדולדיק, האָט מען דאָס רעשט שוין דערעסן ניט פון די כלים, נאָר פון די הענט. פון אָנהויב איז געווען אומעגלעך אַראָפּצושלינגען אפילו אַ לעפל זופּ, ערשטע ווען דער הונגער האָט גענומען גוט דערקוטשען, האָט מען געמוזט איבערקעמפן דעם ווידערגעפיל און עסן פונעם שמוציקן שיסעלע מיט די שמוציקע הענט, ווייל קיין לעפל איז ניט געווען. דאָס מויל, די ליפּן זיינען געוואָרן פול מיט פרישטשעס און ווונדן.

יעדן זונטיק האָט מען אַדורכגעפירט בא אונדז אין לאַגער אַ קאָנטראָל, צי עס זיינען נישטאָ קיין לייז. מיר פלעגן מוזן אַראָפּוואַרפן די העמדער, בעתן אַפּעל, און סאַניטאַרן און דאָקטוירים האָבן זיי אַדורכגעקוקט. אויב מען האָט פאַרנאָטירט פאַרלייזיקטע — האָט מען געשיקט „ענטלויזן". דעם 3-טן נאָוועמבער 1943 איז פּונקט געווען אַזאַ קאָנטראָל. מיר האָבן אָבער געהאָפט, אַז צוליב דער שטאַרקער שניי-זאַווערוכע וועט איצט דער קאָנטראָל פאָרקומען אַנדערש ווי שטענדיק. מיר האָבן אַ טעות געהאַט. מיר האָבן זיך געמוזט אויסטאָן נאַקעט, אַוועקגעבן דאָס וועש, און לויף פאַרלאָזן דעם באַראַק און אַוועקלויפן אין פרויען-בלאָק, וווּ עס האָט זיך געפונען די באָד. נאַקעט זיינען מיר געלאָפן 2 קילאָמעטער אונטער דער וואַך פון ס"ס, וועלכע האָבן אונדז מיט באַרגענינן געשלאָגן איבער די נאַקעטע גופים מיט שפּיצ-רוטן און שטעקנס. פאַרן באָדן זיך זיינען מיר נאָך געשטאַנען אין דרויסן

אין געוואַרט אַף דער רייע. נאָכן דוש, כמעט אַ קאַלטן, אויסגעשמירטע מיט קופּערקס, פון קאָפּ ביז די פיס, האָט מען אונדז ווידער געטריבן, נאַקעטע, איבער בלאָטע, שניי און שטורעם. ווער עס האָט פון דערשעפּונג ניט געקאָנט מיטהאַלטן דעם שריט, איז געפאַלן פון אַ קויל און די טויטע קערפּערס האָבן מיר געמוזט מיטשלעפּן אין באַראַק. דאָ האָבן מיר באַקומען נאָס וועש און נאַסע קליידער. אין אָט דעם אָנגעטועכץ זיינען מיר אַוועק צו שווערער אַרבעט. אין רעזולטאַט האָבן אַ סך ליוז איבערגעלעבט די ענטלויזונג און אַ סך מענטשן — נישט.

---

אַ מעטאָד איז געווען אַרויסענדיקן מיט שלאָגן און מאַטערן די דערשעפּטע, אויסגעמוטשעטע מענטשן. דעם ציל האָט געדינט אויך דער בלאָקדאָקטאָר: באַגלייט פון ס״ס, האָט ער באַזוכט איין בלאָק נאָך אַ צווייטן, געהייסן זיך אויסטאָן, מיטרסטנס אַפן אַפּעל-פּלאַץ, סיי זומער, סיי ווינטער, דורכגעגאַנגען צווישן די רייען נאַקעטע מענטשן, דורכגעקוקט און באַשטימט צום טויט: שוואַכערע, מענטשן מיט עפּעס אַן אויסשיט אַף דער הויט, מיט אַ סימן פון אַ פאַרהיילטער וואונד, אָדער אַ גראַץ, אָדער איינפאַך די, וועלכע זיינען אים נישט געפעלן. די „פאַרבראַקירטע״ זיינען געגאַנגען אין איין געמיינזאַמען בלאָק און פון דאָרט אַף טויט, דורך פאַרפּייניקונג. פאַר דעם האָט מען נאָך געטאָן אַלצדינג, מען זאָל בא די מענטשן אַרויסרופן אַ שטימונג פון אַפּאַטיע און דערשעפּונג. מען האָט בא זיי צוגענומען דאָס אָנטועכץ, דאָס וועש, געמאַרעט מיט הונגער, אַרומגעשטעלט מיט וועכטער, וועלכע האָבן זיי געשלאָגן און געקאַמעוועט.

ווי עס האָבן זיך געפירט קינדער בא אַזעלכע סעלעקציעס

איך האָב אַמאָל באַזוכט אַ קינדער-בלאָק און געפרעגט דאָרט אַ קליין יינגעלע פון ובענדין: „נו, יורעק, ווי גייט עס דיר?״ דערויף האָט ער געענטפערט: „כ׳האָב פאַר גאָרנישט מורא, דאָ איז אַזוי אַלצדינג שרעקלעך, אַז דאָרט, אויבן קען זיין בעסער״...

נאָך דעם פאַרגאַזירן דעם טראַנספּאָרט פון טערעזין, בין איך געווען אַן עדות פון אַ געשפּרעך צווישן בלאָקמאַן מיט אַ 9-יעריק יינגעלע. דער בלאָקמאַן האָט אים געזאָגט:

— „קאַראָלעק, דו קאָנסט און ווייסט זייער פיל״...

דערויף ענטפערט דאָס יינגעלע:

— „כ׳ווייס, אַז איך ווייס אַ סך, און ווייס, אַז כ׳וועל זיך שוין מער ניט קאָנען נאָך עפּעס אויסלערנען, און דאָס איז דאָס טרויעריקסטע״...

דער גאנצער לאַגער האָט געוווסט וועגן א דרייסטן ענטפער פון אַ ייִנגל פון קאָוונע, איידער ער איז אַרויפגעגאַנגען אַפן אויטאָ, וואָס האָט אים געפירט אין גאַז-קאַמער:

„ווײנט נישט, חברים מײנע, איר האָט געזען, ווי מען האָט אונדז אויסגעהרגעט די טאַטעס, מאַמעס, זיידעס. איצט איז אונדזער רייע. מיר וועלן זיך זען דאָרט אויבן. נאָר כ׳פריי זיך, — ס״ס-לייט, וואָס איר וועט אויך פייגערן!”...

נומער 263.

---

איך האָב געאַרבעט אַלס גערטנער לעבן איינער פון די זייטן-וועגן בײַ אָשוויענטשים. איך בין געווען עדות, ווי ס׳איז אָנגעקומען אַ טראַנספּאָרט פון אַ 20.000 מענטשן. פון דער מאַסע האָט מען אויסגעקליבן אַפן אָרט 500, די איבעריקע זיינען אַוועק אין באָד. די אויסגעקליבענע מענטשן האָט מען געהייסן גראָבן גריבער, מער ווייניקער פון אָנדערהאַלבן מעטער די טיף. נאָכדעם נעמט אַ גרופּע אוקראַינער און בינדט זיי די הענט, וואַרפט זיי אַריין אין גרוב און מען הויבט אָן צו פאַרשיטן. אינגיכן זעט מען אַרויס פונעם גרוב נאָר די קעפּ פון די דערשראָקענע מענטשן. די פאַרברעכער פאַרשיטן ווייטער מיט מיסט און אָפּפאַל, און ווייטער זעט מען שוין גאָרנישט אַרויס פון אַ נײַער דעם מיסט, נאָר עס הערט זיך אַ כאָרכלען. ווען די אַרבעט איז געווען פאַרענדיקט, האָט מען אַף דעם בערגל מיסט אַרויסגעלאָזט אַ מאַסע אויסגעהונגערטע האַלב-ווילדע חזירים, וועלכע האָבן אָנגעהויבן אַרויסגראָבן די האַלב-דערשטיקטע מענטשן... איך האָב נישט געקענט איבערטראָגן דאָס בילד און בין אַנטלאָפן.

אַלאַ דימטוואַלד

---

## אָנשטאָט אין קרעמאַטאָריום — אַף עקספּערימענט

נאָכן אָנקומען קיין אָשוויענטשים האָבן מיר זיך אַריינבאַקומען אין בזשעזשינקי. נאָכן באָד האָט מען אונדז אינגאַנצן אָפּגעגאָלט, אויסטאַטוירט נומערן, אָנגעטאָן אין היזן און אין בלוזעס און געגעבן אַף די פיס הילצערנע „סלאַפּערס”. באַם איבערטאָן האָט מען אונדז געשלאָגן אַף אַ שרעקלעכן אופן, איבערן קאָפּ. די בלאָק-אויפזעערינס האָבן אַף אונדז געשריען „פּוילישע

חזירים". די בלאָקן זיינען געווען שמוציקע און קליינע און מען האָט אין זיי אַריינגעשטופּט ביז 1000 פּערזאָן און אַף די געלעגערס, וועלכע זיינען געווען פול מיט „לעבעדיקע" זאַכן און שמוץ האָבן זיך אויסגעלייגט צו 7 ביז 10 פרויען. דורכן דאַך האָט אַריינגערונען וואַסער. דאָס עסן, 25 דעקאַ ברויט, און אַ האַלב ליטער וואַסער פון קראָפּיווע. די אַפּעלן האָבן געדויערן לאַנג און אַף די שטראָף־אַפּעלן זיינען מיר געשטאַנען אַף די קני גאַנצע נעכט.

די אַרבעט איז געווען זייער אַ שווערע באַ מעליאָראַציע פון טייך, באַם רייסן קראָפּיווע, שלעפּן משאות, קאַרטאָפל, קוילן. איך האָב געקראָגן אַן אַנדער אַרבעט: איך בין געגאַנגען יעדן טאָג 30 קילאָמעטער מיט אַנגע-שפּאַנטע שטרוי-זעק, געלאָפן. דער „פּאָסטן" איז נאָכגעגאַנגען מיט אַ הונט און אָנגערייצט דעם הונט, אויב מען האָט אויסגעפירט די אַרבעט ניט אין לויף. מיר האָבן אַלע געהאַט צעביסענע פיס. אין דער צייט איז געווען זייער שווער מיט וואַסער, און אַזוי ווי מיר האָבן געהאַט דורשט האָבן מיר גע-טרונקען בלאָטע. איך בין קראַנק געוואָרן אַף מאַלאַריע. יעדעס מאָל האָט מען דורכגעפירט סעלעקציעס. יונגע, אָפט געזונטע פרויען זיינען געגאַנגען אַף טויט. אַלע קינדער און עלטערע פרויען, קראַנקע, מאָגערע און אפילו יונגע, באַלד באַם אָנקומען אין לאַגער אריין זיינען געגאַנגען אַף טויט.

האַרבסט און ווינטער זיינען וואָס אַמאָל גרעסערע קאָנטינגענטן געגאַנגען אין קרעמאַטאָריע. אַ חוץ טיפוס און מאַלאַריע האָט געהערשט קרעץ. ס'האָט זיך קיינמאָל נישט אויסגעהיילט. די קראַנקע האָבן פאַרבאַהאַלטן זייערע קראַנקהייטן. זיי האָבן ליבערשט געוואָלט פאַלן באַ דער אַרבעט, איידער גיין אין גאַז אין קרעמאַטאָריום. יעדן טאָג פלעגן מיר צוריקברענגען פון דער אַרבעט טויטע, דערשלאָגענע באַ דער אַרבעט. אויך איך בין געווען קראַנק אַף טיפוס און מאַלאַריע און מען האָט מיך גענומען אין שפּיטאָל און פון דאָרט אין טויטן-בלאָק נומער 25. ניט האָבנדיק וואָס צו פאַרלירן, האָבן דריי פרויען אויסגעבראָכן באַנאַכט די קראַטעס און אַרויסגעשפּרונגען. דער וועכטער האָט דאָס באַמערקט און זיי דערשאָסן. איך האָב צוגעוואַרט ביז עס האָט זיך געביטן די וואַך און ערשט דעמאָלט אַרויסגעשפּרונגען. איך האָב מיר באַם שפּרינגען אויסגעקלאַפּט אַ פּאָר ציין און צעריסן די זייטן. באַ-גייסנדיק זיך מיט בלוט האָב איך מיך צוגעשלעפּט צוריק צום רעוויר. דאָרטן האָבן געהערשט שרעקלעכע באַדינגונגען. די סאַניטאַרקעס פלעגן גנבענען באַ די קראַנקע, פלעגן זיי איבערגעבן די תליונים, כאָטש זיי האָבן געקענט העלפן, אָפט ראַטעווען אַ קראַנקע. די קרעמאַטאָריעס האָבן געברענט טאָג און נאַכט און אַרויסגערופן שווידער באַ די לאַגער-מענטשן. יידישע פרויען האָט

מען נישט געגעבן קיין שום הילף, טויזנטער זיינען אומגעקומען מעגעלך. אין דער צייט פלעגן אנקומען גרויסע טראנספּארטן פון אויסלענדישע יידן, וועלכע מען פלעגט אין שנעלן טעמפּא אומברענגען.

די אזוי גערופענע „ענטלאוזונג" פלעגט פּארקומען פיר מאל אין יאר. דאן זיינען מיר א גאנצן טאג ארומגעגאנגען נאקעט, ווייל די קליידער האט מען אפּגעגעבן אין דעזינפעקציע, מען האט זיי צוריקגעגעבן איינגאנצן נאסע און מען האט זיי געדארפט ערשט אין באראק טריקענען. ליגנדיק אין רעוויר האב איך מיך ערשט אנגעשטעקט מיט קרעץ און עס האט שוין קיין רייד נישט געקענט זיין דערפון, אז איך זאל מיך ווען עס איז ארויסבאקומען פונעם שפּיטאל. מען האט מיך אפּגעשיקט אין א ספּעציעלן ווינקל, ווו עס זיינען די מיט קרעץ און וואס זיינען געווען באשטימט מיטן נאנטסטן טראנספּארט אין אויוון אריין.

דעם 12-טן דעצעמבער 1943 קומט פּלוצים אן א באפעל, אז 100 קראנקע אף מאלאריע דארפן בארן קיין מיידאנעק אף עקספּערימענטן. א טראנספּארט פון 66 פרויען און 34 מענער האבן געדארפט פארשטעלן אלע פעלקער. צווישן 10 יידישע פרויען האט מען אויך מיך אויסגעקליבן. אומגעריכט האט מען מיך אין דעם דאזיקן טאג ארויסגערופן אין אמבולאטאריום פונעם שפּיטאל. עס זיינען שוין דארטן געווען צוזאמענגענומען א סך דייטשן. נאך דער רעגיסטראציע, נאכן באד, האט מען אדורכגעקוקט די קערפּערס, ווייל קרעציקע האבן נישט געטארט ארויסגעלאזט ווערן פונעם לאגער. ס'האט מיך ארומגעכאפּט א שרעק, ווייל איך האב געהאט א ווייט פארשפּרייטן קרעץ־אויסשיט אזוי, אז אויסבאהאלטן אים האב איך שוין נישט געקענט. דארט, אין מיידאנעק, וועל איך מיך נאך אפשר קענען ראטעווען, דא איז אן אומבאדינגטער טויט. איך צי זיך צוריק, כדי נישט צו הערן דאס שרעקלעכע ווארט פון דייטשן דאקטאר. פאר מיר זיינען געווען נאך 5 פערזאן. אין דעם מאמענט הער איך דאס קול פון דער ביורא־אנגעשטעלטער, אז מיין נומער שטימט נישט מיט דער פאמיליע. דאס האט דעצידירט מיין גורל. איך גיי צוריק אין דער קאנצעלאריע און די לייטערין, מיינענדיק, אז איך האלט שוין נאך דעם קאנטראל פונעם דאקטאר, האט מיר באלד ארויסגעגעבן וועש א. ד. ג. און אזוי ארום האב איך מיך ארויסבאקומען פון דעם גיהנום, ערב דעם טויט.

דעם וועג האב איך אדורכגעמאכט זייער שווער. ס'איז געווען דעצעמבער. קראנקע, אן אויפזיכט, באגנבעטע פון דעם פּראוויאנט דורך די דייטשע ציגיינערקעס, וועלכע זיינען מיט אונדז געפארן, אן וואסער די גאנצע דריי טעג, האבן מיר זיך געשלעפּט האלב־טויטע. אין אזא צושטאנד בין איך צום צווייטן מאל געקומען קיין מיידאנעק.

הירש טאובער

# בונט אין קרעמאַטאָריום

פון דער תפיסה אין מאַנטעלופיך האָט דער צוג אונדז אָפּגעפירט קיין אָשוויענטשים, אין אונדזער טראַנספּאָרט זיינען געווען פרויען און מענער. אַלע פרוון צו אַנטלויפן האָבן זיך ניט איינגעגעבן. מיר זיינען אַריינגעפאָרן אף דער טעריטאָריע פון אָשוויענטשים ארומגערינגלט מיט ס"ס. מען האָט אונדז „אויסגעלאָדן" פון די וואַגאָנען מיט דער הילף פון שטעקנס און הינט. אף דער ערד זיינען געלעגן עטלעכע טויטע פון שלאָגן און קאַטעוועס. עטלעכע מענטשן זיינען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. די מענער האָט מען אָפּגעטיילט פון די פרויען.

מען האָט מיך אָפּגעפירט אין לאַגער אין אַ נאָך ניט אויסגעפּאַרטיקטן בלאָק, אין וועלכן עס זיינען שוין געווען אַן ערך 1000 מענטשן. עס האָבן אונדז אויפגענומען שיכורע „קאַפּאָס". מיר האָבן דאָרט געוואַרט ביז 12 באַנאַכט. אין דער צייט האָט מען אונדז געטריבן אין בלאָק „אויפנאַמע". מען האָט אונדז, יידן, איבערגעשריבן און טאַטואירט באַזונדער, דאַן אויסגעקליבן 20 יינגלעך און 150 עלטערע און זיי אָפּגעפירט אין „שטראָף־קאָמאַנדאָ" וווּ מען האָט זיי, לויט דער ריי, אויפגעהאַנגען, ד. ה., איינער האָט אויפגעהאַנגען דעם צווייטן, אין דער רייע. אַלע האָט מען אָפּגעטירט אין די ביכער.

די איבעריקע אין טראַנספּאָרט ט'מען אַריבערגעשיקט אין בוני, אין די בעמישע אַנשטאַלטן „י. ג." דאָ האָבן מיר געדאַרפט אַדורכגיין אַ קאַראַנטין, דריי וואָכן און נאָכדעם גיין צו דער אַרבעט. אָבער אין משך פון דער ערשטער וואָך זיינען שוין געווען צוויי פאַלן פון טיפוס. האָט מען אונדז צוריקגעשיקט קיין בירקענאַו, ווי שוין אָנגעשטעקטע. דאָרט זיינען מיר געווען איין טאָג. „אַרבעטסדינסט" האָט געפאָדערט 25 פאַכלייט, שלאָסער, מויערער א. א. וו. איך בין געגאַנגען, אַלס שלאָסער. מען האָט אונדז אַריינגעפירט אין לאַגער צוערשט אין בלאָק נומער 11, נאָכדעם אין אַרעסט. דאָרט האָבן מיר פאַרבראַכט די נאַכט אין קעלער. אינדערפרי באַם אַפּעל האָט מען אַרויסגערופן 25 און אָפּגעפירט אין קרעמאַטאָריום. דאָרטן האָבן שוין געאַרבעט אַנדערע. מען האָט אונדז אויפגענומען מיט שטעקנס. מיר האָבן געזאָלט פאַרברענען די טויטע.

מיר האָבן געאַרבעט פיר וואָכן, ס'האָט אומדערטרעגלעך געשטונקען. פון 25 זיינען געבליבן דריי. די איבעריקע זיינען אומגעקומען פון שלאָגן און פון קראַנקהייטן. ווער עס האָט זיך געמאָלדן קראַנק איז שוין אַפן צווייטן טאָג געווען אַ מת. מען האָט די קראַנקע אין שפּיטאָל געסמט. אויס מ רא פאַר קאַטעוועס און פאַרן טויט, האָבן מענטשן מיט 40 גראַד היץ געאַרבעט.

נאָך 4 וואָכן האָט מען אונדז צוריק גענומען קיין בירקענאַו. מען האָט אונדז געגעבן אין „זאָנדערקאָמאַנדאָ". דאָ האָבן מיר געדאַרפט פאַרברענען די פאַרגאַזירטע. מיר האָבן געאַרבעט 20 חדשים. עס האָבן געהאַלטן אין איין קומען טראַנספּאָרטן, אויסשליסלעך יידישע. די קאָלאָנעס באַשטימטע צום גאַז זיינען געגאַנגען בלומרשט אין באָד. מען האָט די מענטשן אויסגעטאָן, געשלאָגן און מיט הינט אַריינגעיאָגט אין די קאַמערן. בעתן גאַזירן האָט מען זיי פאַרמאַכט. מען האָט געהערט געשרייען. אין משך פון אַ האַלבע שעה זיי־נען דאָס געווען מתים. אַף איינמאָל זיינען אומגעבראַכט געוואָרן צעלעכע טויזנט מענטשן. נאָכדעם האָט מען אונדז גערופן צום פאַרברענען די טויטע קערפּערס. צו דיספּאָזיציע זיינען געווען 5 קרעמאַטאָריומס און צוויי ערטער זיינען באַשטימט געוואָרן אַף צו ברענען הויפנסווייז. באַשעפטיקט זיינען בא דער אַרבעט געוועזן פון 400 ביז 1000 מענטשן. אַלע פאַר חדשים האָט מען ליקווידירט די „קאָמאַנדאָ" און פאַרגאַזירט מענטשן פון דער באַדינונג; עס האָבן געקענט בלייבן העכסטנס אַ פאָר פון זיי.

אין אַ געוויסער צייט זיינען אָנגעקומען מאַסן טראַנספּאָרטן פון אונ־גאַרן. די מענטשן האָבן אויפגעהויבן אַ בונט און זיך געוואָרפן אַף די ס"ס. עס זיינען דעמאָלט אומגעקומען 40 ס"ס־לייט. דאָס קרעמאַטאָריום האָט מען אויפגעריסן, איבערגעשניטן די דראָטן פון דעם פרויען־לאַגער א. אנד. די אויפשטענדלער האָבן געהאַט בדעה צו באַפרייען דעם גאַנצן לאַגער. זעלנער האָבן אָבער אַרומגערינגלט די אַנטלויפנדיקע און עס זיינען געפאַלן 800 מענטשן. דאָס איז געווען אין סעפּטעמבער 1944. די 190 פאַרבליבענע פון דער קאָמאַנדאָ, וועלכע זיינען אַרויסגעגאַנגען פון אַ באַהעלטעניש, האָט מען צוריקגעבראַכט אין לאַגער, פון 100 האָט מען צוזאַמענגעשטעלט אַ טראַנס־פּאָרט צום דערשיסן. איך בין געבליבן צווישן די 90. מען האָט אונדז אויס־גענוצט באַם פאַנאַנדערנעמען דאָס קרעמאַטאָריום. פון דעמאָלט אָן האָט מען שוין דאָ ניט געברענט. די „קאָמאַנדע" צום ברענען די מתים האָט גע־האַט אַ פאַרבינדונג מיט אַ געהיימער לאַגער־אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט

געהאט א קאנטאקט מיט דעם דרויסן. מען האט פון דארטן אנגעוויזן, וואס מען האט דא צו טאן.

אין דער דאזיקער ארגאניזאציע האבן אויך געארבעט רוסן, וואס זיינען געווען באשעפטיקט באם אנלאדן צעבראכענע עראפלאנען. זיי האבן צו-געשטעלט געווער. עס איז געווען א קאמאנדע, וואס האט געארבעט אין דער פאבריק פון פולווער „אוניאן". פון דאנעט האבן די מיידלעך צוגעשטעלט פולווער. מען האט געמאכט פון דעם גראנאטן, וועלכע מען האט באנוצט בעתן אויפשטאנד. אין צוזאמענהאנג מיטן אויפשטאנד האט מען ארעסטירט 4 מיידלעך פון „אוניאן" און מען האט זיי אויפגעהאנגען. דאס פאנאנ-דערנעמען דעם קרעמאטאריום האט געדויערט ביזן 19־טן יאנואר 1945.

נומער 26.

נאטאן לייבעל

---

# די ארבעט אין קוילן־גרובן

אין אשוויענטשים ביז איך געווען א פאר חדשים. איך האב געארבעט שווער באם בויען די שאסייען, איך האב געפירט זאמד, געטראגן ציגל. די ארבעט איז געווען א שווערע. אזוי ווי עס פלעגן אלע מאל אנקומען פרישע טראנספארטן מיט נייע קרבנות, האט מען אריינגעזעצט עטלעכע הונדערט מענטשן אין איין באראק, ווי מיר זיינען געלעגן אף דער פאדלאגע, אנגע-שטאפט, ווי הערינג אין א פאס. אונדזער עסן: אינדערפרי שווארצע קאווע, אף מיטיק — זופוואסער און אין אוונט א שטיקל ברויט מיט מארגארינע אדער מיט קעז. דאס עסן האט מען אונדז אויסגעטיילט אין דרויסן אונטער קלעפ, וויצן און שיקאנעס מצד די „קאפאס", אדער בלאקמענער. כמעט טעגלעך, א חוץ די אפעלן, וועלכע האבן געדויערט עטלעכע שעה, האט מען איינגעארדנט פערזענלעכע רעוויזיעס און אויב מען האט געפונען בא עמיצן א לעפל, א מעסער אדער עפעס א שמאטקעלע, וואס האט געקאנט דינען, אלס א נאז-טיכעלע, האט מען געשלאגן ביז חלשות. די ארבעט אין קוילן-גרובן איז געווען געפערלעך. ס'האבן געארבעט מענטשן נישט קוואליפיצירטע. יעדן טאג זיינען געווען טויט־פאלן און איז בעסטן פאל, איבערגעבראכענע פיס, ריפן, צוליב דעם, וואס עס פלעגן איינפאלן די ווענט, אהער גלאט זיך אפ־רייסן שטיינער פון די ווענט אדער סופים. א באוועגונג אין דער שאכטע איז

געוועזן אַ גרויסע. יעדן מאָמענט איז אָנגעפאָרן, אומגעריכט אַן אָנגעלאָדענע וואַגאָנעטקע מיט קוילן. די פאַרוואַלטונג פון דער שאַכטע האָט פאַרלאַנגט פון אונדז, אַז מיר זאָלן אין משך פון 8 שעה אָנלאָדן 50 וואַגאָנעטקעס קוילן און די דאָזיקע אַרבעט האָבן, מיט אַן איבערמענטשלעכער אָנשטרענגונג געמוזט אויספירן דריי יידן פון יעדער גרופע.

דעם 12-טן דעצעמבער 1944 איז מיט מיר פאָרגעקומען אַן אַקצידענט און איך האָב מיר אויסגעבראָכן צוויי פינגער פון דער רעכטער האַנט. מען האָט מיך אָפּגעשיקט אין שפּיטאָל אין יאַוואָזשינע. צוליב אַ שלעכטער באַהאַנדלונג האָט זיך מיר געמאַכט אַ פלעגמאָנע און מען האָט מיר צוויי מאָל אָפּערירט די האַנט, אָן אַנעסטעזיע. דער דאָקטוירים־שטאַב און דער שפּיטאָל־פּערסאָנאַל בכלל, וועלכע זיינען באַשטאַנען פון פאַרשטייער פון פאַרשיידענע פעלקער, זיינען זיך מיט די קראַנקע באַגאַנגען שלעכט. פאַר דעם קלענסטן עובר זיין אויף דעם רעגולאַמין האָט מען די קראַנקע געשלאָגן, אָדער אַרויסגעוואָרפן פונעם שפּיטאָל מיט אָפענע ווונדן און אין דער שפּיטאָל־קאַרטאָטעקע האָבן די דאָקטוירים פאַרנאָטירט: „געזונט".

ווען די רוסן האָבן זיך דערנענטערט צו יאַוואָזשנא, האָבן די געשטאַפּאָליט צוזאַמענגענומען אַלע מענטשן פונעם לאַגער אַזוי גוט יידן, ווי נישט־יידן — און געוועזן זיינען עס 5000 מענטשן — און מען האָט זיי צופוס געטריבן קיין דייטשלאַנד. אין לאַגער-שפּיטאָל זיינען געבליבן 250 שווער קראַנקע, אָן מעדיצין-מיטלען און אָן הילף. דער דאָזיקער צושטאַנד האָט געדויערט 10 טעג, וועלכע זיינען געווען פול מיט טויט־פאַלן.

נומער 76.

סאָלאָ קענער

---

# אַ גיהנום פאַר פרויען

באַם אַרויסגיין פון די וואַגאָנען האָבן מיר, לויט אַ באַפעל, אַלץ אוועקגעוואָרפן. אַ סעלעקציע. פון עטלעכע טויזנט האָט מען אַ טויזנט פרויען און אַ טויזנט מענער גענומען אין לאַגער, די איבעריקע האָט מען אַריינגעזעצט אין אָפענע לאַסט-אויטאָס. מיר האָבן זיך נישט אָריענטירט וווהין מיר גייען. די סעלעקציע איז אַדורכגעפירט געוואָרן לויטן קאַפּריז פונעם

ס"ס-מאַן. די פרויען האָט מען אַריינגעפירט אין אַ הילצערנער שאַפּע, געהייסן זיך אויסטאָן נאַקעט און עס איז אַדורכגעפירט געוואָרן אַ גינעקאָלאָגישע רעוויזיע. נאָך דער רעוויזיע האָט מען אויסטאַטואירט אַ נומער אויף דער האַנט. נאַקעט אַריינגעטריבן אין דער וואַנע, אָפּגעשוירן און אָפּראַזירט די האָר. דאָס אַלץ האָבן אַדורכגעפירט דייטשע בייהעלפערינס, דערביי שרעקלעך געשריען און געשלאָגן. פון אָנהויב האָט איינע אונדז געזאָגט, אַז: „פון דאַנעט גייט שוין קיינער לעבעדיק נישט ארויס". דאָס באָד אַ קאַלטס, וויניק וואַסער, אַ געאײַלעניש, אַזוי אַז מען האָט זיך נאָר באַוויזן איינצונעצן. נאָכדעם באַקומען העמדער און קליידלעך-שמאַטעס. מען האָט צוגעוואָרפן יעדערער, וואָס עס איז געקומען אונטער דער האַנט, נישט געקוקט אויף דער וווקס און קאָרפּולענטקייט. עס זיינען פאָרגעקומען פיל פאַלן פון משוגעת צווישן די פרויען.

נאָכדעם האָט מען פאַרשריבן די פּערסאָנאַליעס. פונעם אָנקומען ביז צו דער רגע — אַלץ אין געפילדער און אין עסן. לעבן בלאָק האָט מען אונדז אָפּגעציילט, אויסגעשטעלט און אַרויסגעגעבן אַ פערטל ברויט און אַ טעפּעלע טיי-וואַסער אויף 5 מענטשן. דער בלאָק מיט פּריטשעס אויף צוויי שטאָק, שמוציק, פענצטער אויף איין זייט, קעלט און פליי. די פענצטער האָבן זיך נישט געעפנט, נאָר איין אַריינגאַנג אין בלאָק אַריין. אין אַ פּאָר טעג אַרום מיט דעם אָנקומען פון נאָך טראַנספּאָרטן האָט די צאָל פון די פרויען אין בלאָק דערגרייכט 1.050. ענגשאַפט, שמוץ, לייז. יעדע פּאָר טעג אַ סעלעקציע. נאָך זעקס וואָכן זיינען פון 1050 געבליבן 250. באַם „צייל-אַפּעל" האָט דער ס"ס-מאַן באַאָבע געהייסן זיך אויסטאָן און לויפן, איינציקוויז, איבערן בלאָק. מיט אַ שטעקן מיט אָן אויסגעבויגן הענטל פלעגט ער אַליין אָנכאַפּן דעם קרבן און אַוועקשטעלן אין אַ זייט באַם בלאָק, נאָכדעם נאַקעט אָפּפירן צום בלאָק נומער 25, ד. ה. אויף טויט. קיין מרינקען האָבן זיי נישט באַקומען. די פרויען פלעגן פון די פאַרקראַטעוועטע פענצטערלעך אַרויסציען די הענט און בעטן אַ ביסל וואַסער. מיט געפאַר פאַרן לעבן פלעגט מען זיי דערלאַנגען אַ ביסל וואַסער. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מען זיי איינגעלאָדן אין אַן אויטאָ. מען פלעגט זיי אַרויספירן הויפּטזאַכלעך באַנאַכט, איבער באַטאָג פלעגט מען פאַראָרדענען אַ „בלאָקשפּערע" פלעגן מיר זיצן אין בלאָק. מיר האָבן אַלץ געזען דורך די פענצטערלעך. די בלאָק-פרוי, אַ דייטשקע, האָט געקאָנט העלפן, אָדער שאַדן ברענגען. אַן אכזר'טע, האָט זי געשלאָגן באַם יעדן אַפּעל, ביז עטלעכע פרויען פלעגן חלש'ן. מיין שוועסטער האָט זיך פאַר קעלט אָנגעטאָן צוויי קליידלעך. דאָס האָט באַמערקט די דייטשקע און

האָט זי אַרויסגעגעבן אַפן טויטן-בלאָק. דאָרט איז זי אָפּגעווען עטלעכע וואָכן. צי איז זי געשטאָרבן, צי געגאַנגען אַף גאַז, ווייס איך נישט.

דער קאַראַנטין איז געווען דער „אַרויספּאַרטיקער" פון מענטשן. די צייט וויפל עס האָט געזאָלט געדויערן דער קאַראַנטין איז געווען אָפּהענגיק פון דער בלאָק־פּרוי. מען האָט געשלאָגן איבערן פּנים מיט דער האַנט, מיטן שטעקן, אָדער מיט וואָס עס האָט זיך געלאָזט. אינדערפרי — רוימען. אַף דער צייט האָט מען אַרויסגעיאָגט די פרויען אַפן „גראַז", אַ פּלאַץ הינטערן בלאָק, אַ נאַסער און ליימיקער. באַרוועס זיינען מיר געשטאַנען אין דער בלאָטע עטלעכע שעה און געפרוירן.

אומאויפהערלעכע סעלעקציע אַמאָל אין בלאָק, אַמאָל אויסערן בלאָק. קראַנקע האָט מען אַראָפּגעוואָרפן פון די פּריטשעס אַף דער ערד. סוף סעפּטעמבער 1943, ווידער אַ סעלעקציע מיט געשרייען און געפּילדער, כדי צו טעראָריזירן. די געזונטע האָבן געדאַרפט אַרויסטראָגן די קראַנקע פאַרן בלאָק, פון דאַנעט אַפן וואָגן און אין טויטן־בלאָק. די וועלכע זיינען געבליבן אין בלאָק, האָט מען גענומען אין באָד און דאָרטן ווידער אַ סעלעקציע. עס זיינען דעמאָלט שוין פאַרבליבן ווייניק, אינגאַנצן אַ 150 מענטשן. עס האָבן באַ דער סעלעקציע נישט דעצידירט נישט די יאָרן, נישט דאָס אויסזען. אין גאַז האָט מען געשיקט יונגע און געזונטע. די וועלכע זיינען נאָכדעם נאָך פאַרבליבן, האָבן נאָך געדאַרפט גיין צו אַ דאָקטאָר־קאָנטראָל. אכט טעג זיינען מיר געגאַנגען צום דאָקטאָר און געשטאַנען נאַקעט, וואַרטנדיק אַף אים. מען האָט דערווייל געשלאָגן, געקאָפּעט, איזדיעקעוועט זיך איבער אונדז. צום סוף איז געקומען דער דאָקטאָר און פון די 150 אויסגעקליבן 48. נאָכאַמאָל אַ באָד, וואַרטן אַף די קליידער און איבערשיקן אין לאַגער.

ענדלעך זיינען מיר געגאַנגען אין אַ פאַבריק פון אַמוניציע, וועלכע איז געלעגן 4 קילאָמעטער פון אָשוויענטשים. 4 אינדערפרי, נאָך אין דער פינצטער האָט מען זיך אויסגעשטעלט אַף דער גאַס פון לאַגער און אָפּגעשטאַנען אַ צוויי שעה, ביז עס האָבן זיך צונויפגעקומען די דייטשקעס, קאַפּאָס און די וועכטער מיט די הינט. דאַן איז מען געגאַנגען צו דער אַרבעט, געאַרבעט ביז 7 אַ זייגער און נאָכדעם צוריק. די ס"ס האָבן אָנגעדרייצט די הינט אַף די, וועלכע זיינען געגאַנגען פּאַמעלעך. אַפן וועג האָט מען געהאַלטן אין איין שרייען: „זאַו באַנדע, מיסטביענע, האַראַקען, פערפלוכטע שווינע".

אין איין־ניקע אָפּטיילונגען האָט מען זיך געקענט פאַרשטענדיקן מיט דער מענער־אָפּטיילונג. באַ איינעם האָט מען געפונען אַ בריוול פון אַ פרוי. מען

האָט אים אַרויסגעשלעפּט אין קאָרידאָר און געמאַכט מיט אים „ספּאָרט" — „אויף, ניעדער; אויף, ניעדער"... מען האָט אים נאָכדעם אַריינגענומען אין אַ באַזונדער צימער און שרעקלעך צעשלאָגן און געטרעטן מיט די פּיס. צו ריק-צו־רוועגס האָט מען אים געשלעפּט באַם נאַקן אַ הונט. דער קרבן איז געשטאָרבן אין צוויי טעג אַרום.

אויב ס'האָט איינע נישט גענוג אינטענסיוו געאַרבעט, האָט מען פאַר-שריבן איר נומער און זי איז געגאַנגען אין גאַז.

* * *

# שיכּרות, מחמת פאַרצווייפלונג

אין אָקטאָבער 1944 בין איך אַרויסגעפאָרן מיט אַ טראַנספּאָרט פון 2000 מענטשן קיין אָשוויענטשים. עס זיינען געווען דאָרטן סאַמע פרויען, נאָר עטלעכע מענער פונעם קראַנקער רעוויר. מיר האָבן געוווּסט, אַז מיר פאָרן קיין אָשוויענטשים און וואַרשיינלעך אויף טויט, אָבער ס'האָט קיינער נישט געוואָלט וועגן דעם טראַכטן. פאַרן גאַנצן געלט, וואָס מיר האָבן געהאַט בײַ זיך, האָבן מיר זיך געהייסן קויפן, אויף די סטאַנציעס, בראָנפן און עסן. און קיין בירקענאַו זיינען מיר געקומען אינגאַנצן שיכּור. די ערשטע נאַכט האָבן מיר פאַרבראַכט אין אַ שטאַל אָן פענצטער. עס זיינען צו אונדז גע-קומען פונעם לאַגער מענטשן, וועלכע האָבן געאַרבעט אין מאַגאַזין, ווו ס'האָבן זיך געפונען די קליידער פון די פאַרברענטע יידן. אין דער אַזוי-גערופענער „קאַנאַדע". מען האָט אונדז געזאָגט, אַז אונדזער טראַנספּאָרט איז גאָרנישט געווען אַוויזירט. האָבן מיר זיך שוין אָנגעשטויסן, אַז מיר וועלן גיין דירעקט אין גאַז. מיר האָבן געהאַט יסורים און געטראַכט. צי וועט מען אונדז אָפּראַזירן די האָר, צי צונעמען די שטיוול מיט כאַלעוועס. אויפן צווייטן טאָג איז געווען אַ סעלעקציע, נאַקעט פאַרן דאָקטאָר. די קינדער און עלטערע, כאָטש גאַנץ געזונטע פרויען, זיינען באַשטימט געוואָרן צום גאַז.

נומער 154.

אַראָן וואַלד

# קאַסטראַציע

אין אַפּריל 1943 איז געקומען אין בלאָק נומער 27 אין בירקענאַו אַ ס"ס-מאַן, פּראָפ׳ שומאַן און צוגענומען אַלע יינגלעך אין עלטער פון 20 ביז 24 יאָר קיין אַשוויענטשים, וווּ מען האָט זיי קאַסטרירט. מען האָט פאַרנומען דעמאָלט 3000 מענער און מען האָט זיי קאַסטרירט אין קראַנקענבוי, אין אַשוויענטשים, אין בלאָק נומער 21 (כירורגישער בלאָק). פריער האָט מען אָפּראַזירט, אויסגעבאָדן, נאָכדעם אַ לעוואַטיווע (2 ליטער וואַסער), צוויי איינשפּריצונגען אין חוט-השדרה. די אָפּעראַציע האָט מען אדורכגעפירט מיט אַנעסטעזיע.

איך האָב מיך געוועגט, געוואָלט אַנטלויפן. דאַן האָט פּראָפ׳ שומאַן געזאָגט: „מיר דאַרפן דאָס פאַר עקספּערימענט"... נאָך דער אָפּעראַציע האָב איך אין משך פון 48 שעה געהאַט שרעקלעכע ווייטיקן. 90 פּראָצענט פון די אָפּערירטע זיינען געשטאָרבן נאָך דער אָפּעראַציע. די גאַנצע צייט נאָך דער אָפּעראַציע האָב איך נישט באַקומען קיין בעסער עסן. נאָך 8 טעג האָב איך געמוזט גיין צו דער אַרבעט. און נאָך איצט באַם משתין זיין האָב איך שטאַרקע ווייטיקן.

נומער 103.

העלענאַ בערמאַן

# די פּלאָג

מיר גייען אַריין אין אַ גרויסן האָל מיט אַ שטיינערנער פּאָדלאָגע און עס ווייזט זיך מיר אויס, אַז איך געפין זיך אַף מיין איינענער לויה אין דעם האָל באַם בית-עולם.

אַפּן נאַסן לייב באַקום איך צום מענערישן העמד אַ פּאָר צעריסענע הייזלעך, אַזוי גערופענע „יודענקליידער", אַלטע צעריסענע הויזן פון אַ רוסישן זעלנער און אויך אַזאַ מין מונדיר. אַלץ איז צעריסן און אויסגע־שמוצט. אַזוי אויסגעפּוצטע גייען מיר אדורך אין דער רייע און עטלעכע פון די „אַלטע לאַגעריסטקעס" גייען אונדז אָן נומערן אַף ווייסע שטיקלעך לייוונט. מיר האָבן אַף דעם ווייסן לייוונט אַ מגן־דוד און די נישט-יידישקעס אַ רויטן

דרייעק. מיר באקומען א חויזדעם עפעס שמאטעס־מאנטלען און שמאטעס אף אונדזערע אפגעגאלטע קעפ. מיר דערקענען זיך נישט איינע די צווייטע. אונדזערע חברטעס, די ניט־יידישקעס זעען אויס א ביסל בעסער, זיי טראגן קליידער אין פאסן און פונקט אזעלכע זשאקעטן. כ'האב דעם איינדרוק, אז מיר געפינען זיך אף א מאסקן־באל.

אין א מאמענט ארום ברענגט מיך צום באוווסטזיין דער ווילדער אויס־געשריי — אנשטעלן! איניקע באקומען שוין קלעפ און שטויסן. מיר שטעלן זיך אויס אין פינפטלעך. ס'קומט א יונג מיידל, גוט אנגעטאן, מיט א רויטן באנד אויפגעשריבן: „בלאק 1." און זי דיריגירט: — „אין פינף רייען אנשטעלן, לינקס, לינקס, איינס, צוויי, דריי, פיער"... און אזוי מארשירן מיר. אף דער צווייטער זייט מארשירן די ניט־יידישקעס.

מיר קומען צוריק אין אונדזער „וויינארט" און שטעלן פעסט: א בלאק א פינצטערער, אן א פאדלאגע, א שטייג מיט ציגל אויסגעלייגט, א הינער־שטייג. דא דארפן מיר שלאפן, אף א שטרוי־זאק צו 6-7 אין איין אפטיילונג, וואס רופט זיך — א געלעגער. אף יעדער געלעגער באקומען מיר צו דריי דינע דעקן. מיר זיינען צעבראכן. מיר לייגן זיך און זעען אויס, ווי סארדינען אין א שאכטל. מיר ליגן אזוי צו דריי: קאפ־צו־פוס און דעקן זיך צו מיט די געמיינזאמע דעקן. אויסגעמאטערטע, מידע, באמיען מיר זיך איינצושלאפן, אבער דער ווילדער געפילדער פון דער שטובן־מויד, לאזט נישט. די נאכט גייט אריבער אין וואכן. איניקע וויינען. סוף כל סוף בין איך דאך אנדרימלט געווארן. אבער אין א רגע ארום וועקט ווידער אויף א געשריי: — „אופשטייען"!

מיר רייסן זיך אויף.

„ווו קאן מען זיך דא וואשן?"

— „וואשן האט זיך זיי פארגלוסט!"

שנעל אפן אפעל. מיר שטייען פארן בלאק, אויסגעשטעלט אין פינפטלעך. פארפרוירענע, ניט אויסגעשלאפענע, קראנק פון בענקשאפט. מיר שטייען שטיל אפן אפעל־פלאץ. א נאסער שניי שיט פון אינדערפרי אן און נאכדעם גייען מיר צוריק צו די געלעגערס. אין צוויי שעה ארום באקומען מיר עפעס א זופ מיט אן אפשטויסנדיקן גערוך. דאס איז פרישטיק. מען טאר נישט ארויסגיין. מיר זיצן איינגעהויקערט, ווייל דער „געלעגער" איז אזוי נידעריק, אז מען קען זיצן דערויף נאר איינגעבויגן, כדי זיך ניט אנצוקלאפן מיטן קאפ אין דעם צווייטן שטאק, פון וועלכן עס שיט זיך זאמד, ערד, שמוץ. מיר דערוויסן זיך, אז פון אונדזער טראנספארט הויבט זיך אן א

קאראנטין. מיר זיינען אויסדערוויילטע פונעם גורל. און דאך רירן זיך וויניק פרויען פונעם אָרט. איניקע זיינען אנטשלאָפן געוואָרן, א סך שלאָגן זיך מיטן געדאנק צו באגיין זעלבסטמאָרד, אָבער ווי אזוי? מען וויל ארויסגיין, אכטונג געבן, צי קאָן מען זיך ערגעץ אַפּוואַשן, אָבער די טויער־וואך לאָזט נישט ארויס. מען דערלויבט אויך נישט ארויסצוגיין וועגן חער פּיזיאָלאָגישער באדערפעניש. אין צוויי שעה ארום וועלן מיר ארויסגיין צו 18 צוזאמען. דאָס איז געווען פשוט גרויזאם, ווייל אין בלאָק זיינען געווען 600 פרויען. עס האָבן זיך דעריבער אָפּגעשפּילט שרעקלעכע זאכן, ווייל איניקע האָבן זיך נישט געקאָנט איינהאלטן און האָבן געמאכט אין די שיסעלעך פון וועלכע זיי האָבן געגעסן דעם זופּ. כדי אויסצופירן די באדערפעניש, האָט מען געדארפט ווארטן ביז 12 באטאָג אין דער רייע.

נומער 12.

פישל שעכטער

# עקספּערימענט מיט צווילינגען

אין מאי 1944 איז געקומען קיין בירקענאו א צווילינג, נומער אויס־טאטואירט 5107־א. באלד ווי עס זיינען אנגעקומען די ברידער, האָט מען זיי אוועקגעשטעלט אין א זייט, אין שפּיטאָל אריין. 9 מאָל האָט מען גענומען בא זיי בלוט, געמאָסטן די נעגל, די טיילן פון קערפּער, אלץ אונטער דער אויפ־זיכט פון ס"ס אָבערשטורמפירער־לאגער־ארצט. א סך צווילינגס (הויפּט־זאכלעך מיידלעך) זיינען געשטאָרבן נאָך די עקספּערימענטן איבער זיי. די צווילינגס האָבן ניט באקומען אפילו די נאָרמאלע פּאַרציעס פון לעבנס־מיטל־פּראָדוקטן און האָבן געמוזט דערביי שווער ארבעטן בא שטיין־אויס־גראָבונגען.

נומער 11.

דר. אָטאָ וואָלקען

# באַשרייבונג פון גאַז־קאַמער

דעם 4-טן נאָוועמבער 1944 זיינען מיר, 100 געפאַנגענע פונעם לאַגער, צוגעטיילט געוואָרן צום באַדינען די גאַז-קאַמער און דאָס קרעמאַטאָריום אין אָשוויענטשים. די גאַז-קאַמערן געפינען זיך אין קעלער אונטער די קרעמאַטאָריומס. מען גייט צו זיי אַראָפּ דורך שטיינערנע טרעפּלעך. דער קעלער איז צעטיילט אַף דריי טיילן. אין דער רעכטער זייט געפינט זיך אַ גאַרדעראָב, זיך אויסצוטאָן, אַזוי ווי געוויינלעך אין אַ שוויץ־באָד; אַף די ווענט זיינען אָנגעקלאַפּט פּאָליצעס און האָקן. די לינקע זייט פון דעם קעלער איז די אייגנטלעכע גאַז־קאַמער. מען גייט אַריין אַהין דורך אַן אייזערנער טיר, אין וועלכער עס געפינט זיך אַ קליין קיילעכדיק אָבסערוואַציע-שייבל. פון אינעווייניק איז דאָס שייבל פאַרזען מיט אַ דראָטענער נעץ, אַזוי אַז די פאַרצווייפלטע קרבנות זאָלן אין זייער לעצטן טויטן־קראַמף נישט קענען דאָס שייבל צעברעכן. די ווייטערע טייל פון דער גאַז-קאַמער שטעלט מיט זיך פאָר אַ גרויסן זאַל (6 אַף 12 מ.) דורכגעטיילט מיט אַ ווענטל אַזוי אַז עס שאַפט צוויי אָפּטיילן. יעדער פון זיי האָט אויך אַזאַ, ווי אויבן באַשריבענע אייזערנע טיר מיט אַן אָבסערוואַציע-שייבל. ווען עס איז פאַראַן, פאַרהעלטנישמעסיק, אַ קלענערע צאָל קרבנות אַרבעט מען, צוליב עקאָנאָמיע, נאָר אין איין אָפּטייל. יעדער טייל פון דער גאַז־קאַמער, ריין אויסגעווייסט, פאַרמאָגט אַף די ווענט אויפשריפטן אין דער פראַנצויזישער, פוילישער, דייטשער און האָלענדישער שפּראַכן: — „האַלט ריין דאָס אָרט, פאַרגעסט נישט די זייף און דעם האַנטטוך" — דאָס איז אָפּצונאַרן, אָפּצווענדן דעם פאַרדאַכט, די וואַכזאַמקייט פון די קרבנות.

ווי באַלד די קרבנות געפינען זיך אין די קאַמערן, אַ טייל מיט געוואַלט, אַ טייל צוליב דעזאָריענטאַציע, ווערן די טירן הערמעטיש געשלאָסן און איצט הויבט זיך אָן די אייגנטלעכע ווירקונג פון גאַז.

דריי אָדער פיר גאַז־רערן, פעסט מיט דראָט אַרומגענומען, פירן פון אויבן ביז צו דער פאָדלאָגע. דער גאַז, אַריינגעלאָזט דורך די דאָזיקע רערן, באַקומט זיך אין דער קאַמער אַריין דורך לעכער און עפענונגען, וועלכע געפינען זיך אין די טיילן פון די רערן, וואָס פירן אין די גאַז-קאַמערן.

ווען אין עטלעכע מינוט אדום (פון 3 ביז 7 מינוט) הערט אויף די ווירקונג פונעם גאז, לופטערט מען די קאמערן דורך די ווענטילאַטאָרס, וואָס געפינען זיך אין די ווענט, און וועלכע פירן אין דרויסן, אַף דער לופט ארויס.

די פארגאזירטע טויטע גופים ברענגט מען מיט עלעקטרישע ווינדעס ארויף ביז צו די קרעמאטאָריומס. דאָ לאָדט מען זיי אָן אַף וואָגנס, וואָס ברענגען זיי צו די אויוונס. יעדער קרעמאַטאָריום האָט פון 15 ביז 18 עפע־נונגען און אין יעדער אַזאַ עפענונג לייגט מען אריין צו דריי טויטע, וועלכע ווערן פארברענט אין משך פון 20 מינוט.

דאָס אַש פון די פאַרברענטע האָט מען אריינגעוואָרפן אין טייך סאָלאַ. וועגן דעם האָבן מיר אינפאָרמירט מענטשן פון דער „זאָנדערקאָמאנדאָ". עס איז אויך זיכער, אז די ביינער האָט מען איבערגעאַרבעט אין אַזעלכע קליי־פּרעפּאַראטן, און פון די האָר האָט מען אויסגעאַרבעט פילץ.

גאָלדענע זאכן האָט מען זאָרגפעליק געזאמלט, די הויפּטזאך, גאָלדענע ציין, וועלכע מען פלעגט באַ די קרבנות פאַרן טויט ארויסרייסן פונעם מויל.

עס איז אויך ווערט צו אונטערשטרייכן, אַז קליינע קינדער האָט מען אָפט ניט גאַזירט, נאָר דער לייטער פונעם קרעמאטאָריום, ס"ס, האָט זיי דערשאָסן.

נומער 300.

מאַניעק הערשטיין

# עוואַקואַציע

קיין סאָמבערבערג איז געקומען אַ קוריער מיט אַ באַפעל, ווידער־ארויסיאָגן אין וועג אריין. אין אַ שעה נאָכדעם, ווי מיר זיינען אריבער דעם טייך האָט מען אויפגערים אלע בריקן. עטלעכע „העפטלינגס" און דער פּראָוויאַנט (פארשטייט זיך פאַר די ס"ס) זיינען געבליבן אַף יענער זייט. איצט זיינען מענטשן וואָס אַמאָל אָפטער געפאַלן פון דערשעפּונג אפן וועג. די שוואַכערע, וועלכע זיינען געבליבן הינטן האָט מען דערשאָסן. מיר האָבן געגעכטיקט אין די סטאַדאָלעס, ווו מען האָט אונדז אַף אַ קליינעם שטח צונויפגעוואָרפן אלע איינעם (פון אָנהויב — 500 מענטשן) מען האָט אונדז געגעבן צוויי־דריי קאַרטאָפל אַ טאָג, און נאָכדעם יעדן צווייטן טאָג און דריטן טאָג די זעלבע פּאַרציע. ברויט האָט מען אינגאַנצן ניט געגעבן. דאָס פּאַנאַנדערטיילן די פּאַרציעס האָט געגעבן די מעגלעכקייט די ס"ס־לייט

צום שיסן. מען האָט געשאָסן פאַר ניט גלייך שטיין אין דער רייע, פאַרן פרווו אויפצוהויבן אַ שטיקל שאָלעכץ א. ד. ג.

כ'האָב איינמאָל אונטערגעהערט באַנאַכט, דורך אַ לאָך אין וואַנט פון דער סמאָראָלע, אַ געשפּרעך פון צוויי באַנדיטן-דייטשן, וועלכע האָבן זיך באַרימט מיט זייער העלדישקייט אין באַצוג צו אונדז. דעם 17־טן אַפּריל האָט מען אונדז, נאָך צוויי טעג פאַסטן אויסגעטיילט קאַרטאָפל. נאָכן אויס־טיילן צו צוויי שטיק אַף אַ מענטשן זיינען נאָך אין קוישל געבליבן עטלעכע צענדליק קאַרטאָפל. די אויסגעהונגערטע אומגליקלעכע האָבן זיך געוואָרפן זיי כאַפּן און דאַן האָבן די באַנדיטן גענומען שיסן אַפן עולם. ס'האָט אויס־געזען אינגאַנצן, ווי אַף אַ מלחמה. איך בין געשטאַנען, וואָס אַן אמת, אין דער זייט, און דאָך האָט אַ פאַרבלאָנדזשעטע קויל מיר געטראָפן אין באַק און איז אַרויס לעבן אויער. איך האָב באַקומען אַ בלוטשטורץ דורך דעם האַלדז און נאָז.

אָן אַ באַנדאַזש, אָן אַן אויפזיכט פון אַ דאָקטאָר האָב איך מאַרשירט ווייטער. צום גליק האָט דער אָבערשטורמפירער פאַלשע (וועלכער האָט מיך אונטערגעשאָסן) נישט באַמערקט, אַז איך בין פאַרוואונדעט, ווען ניט וואָלט ער מיך דערענדיקט. דריי אַנדערע, וועלכע זיינען אויך נאָר אונטערגעשאָסן געוואָרן, איינער נאָר אין דער האַנט, זיינען אַפן אָרט דערשלאָגן געוואָרן.

מיר האָבן געגעסן גראָז, שטשאַוו, בלעטער פון ביימער און רויע פאַרפוילטע שאָלעכץ. און אַפילו דערפאַר האָט מען געשאָסן. די זעלבע שטראָף איז געווען פאַר טרינקען וואַסער פון די רינשטאָקן, בלאָטעס, קאַ־נאַלן. איך ווייס נישט, ווי איך האָב דאָס איבערגעטראָגן. צום הונגער האָט זיך צוגעמישעפּעט אַ דיזענטעריע, וועלכע האָט אונדז שוין אינגאַנצן דער־ענדיקט. סוף אַפּריל און אין אָנהויב מאַי האָבן אָנגעהויבן פאַלן שנייען. מיר האָבן גענעכטיקט אונטער'ן פרייען הימל און די מאַרשן באַטאָג באָרוועס אין די שנייען האָבן אַרויסגעריסן צענדליקער פון צווישן אונדז.
נומער 159.

דאַניעל פישגאָרטן

## סטאַטיסטיק

אין אויגוסט 1944 האָט מען אַרויסגעפירט דעם גאַנצן קיעלצער לאַגער. מען האָט אונדז אַריינגעשטופּט צו 100 מענטשן אין אַ וואַגאָן. מען האָט אונדז געפירט קיין בוכענוואַלד 16 טעג. אין וועג זיינען פון 500 געשטאָרבן 200, דערשטיקטע און פון הונגער, ווייל אַף 20 מענטשן האָט מען געגעבן איין ברויטל אַף צוויי, דריי טעג. נומער 86.

# קעניגסבערג

עלזאַ ווײַנהעבער

## אַ טויטן־לויף

יאַנואַר 1945. איינס אַ זייגער באַנאַכט האָט מען אונדז געהייסן זיך אויסשטעלן אין פינפטלעך. צוויי שעה זיינען מיר געשטאַנען אויף אן אָרט. די קראַנקע האָט מען גענומען אין „רעוויר". מען האָט אונדז גענומען יאָגן. מיר האָבן זיך פאַרגעשטעלט, אַז אין דער ריכטונג צום ים. עס זיינען געקומען אַ סך „וואַכלייט". די קאָלאָנע איז געווען שמאַרק באַוואַכט. מען האָט אונדז געשלאָגן מיט די קאָלבעס פון די ביקסן, און ווער ס'האָט נישט געקענט גיין, דעם האָט מען דערשאָסן. שוין אין האַלבן וועג זיינען געבליבן ליגן אַ סך טויטע.

די פרויען האָבן זיך געהאַלטן באַר די הענט, מען זאָל נישט פאַרלירן דאָס פינפטל, און אַזוי זיינען מיר געלאָפן. נאָך 25 קילאָמעטער האָב איך שוין מער נישט געקאָנט לויפן, די פיס זיינען מיר שרעקלעך אָנגעשוואָלן געוואָרן. איך האָב זיך אַריינגעוואָרפן אין טיפן שניי, איך האָב זיך באַמיט ניט צו אָטעמען און ליגנדיק מיטן פנים צו דעם שניי געמאַכט אַן אָנשטעל פון אַ טויטע. די אַדורכגייענדיקע דייטשן האָבן אַראָפּגעצויגן פון מיר דעם מאַנטל און זיך געשפּאַרט איבער מיר, צי לעב איך, צי נישט... צו מיין גליק, זיינען זיי אַוועק ווייטער. ליגנדיק האָב איך געהערט שיסן דאָ לעבן מיר. איך בין אַזוי אָפּגעלעגן אפשר צוויי שעה, ביז אַלע זיינען אַריבערגעגאַנגען. איך בין שוין געווען איינגאַנצן פאַרשטאַרט. ווען ס'איז שטילער געוואָרן, בין איך אויפגעשטאַנען און דערזען אַרום זיך פיל טויטע פרויען און מענער.

נומער 19.

פינחס אַבראַמאָוויטש

## ווען עס האָבן זיך דערנענטערט די אַמעריקאַנער

דעם 18־טן יאַנואַר 1945. מיר האָבן שוין צוויי טעג ניט געאַרבעט. באַטאָג איז פאַרגעקומען אַן אַפּעל. ס"ם האָבן אָרומגערינגלט די גאַנצע גרופּע און אין הונדערטלעך האָבן מיר אָנגעהויבן דעם מאַרש. יעדער הונדערטל איז

געוועזן געהיט דורך 12 ס"ס־לייט. מיר האָבן מאַרשירט. עס איז געווען אַ שטאַרקער פראָסט. אין משך פון 24 שעה האָבן מיר געמאַכט 80 קילאָ־מעטער אָן אָפּרו, אָן עסן. דער וועג איז געווען פאַרזייט מיט מתים. באַנאַכט איז געווען אַ שטורעמווינט מיט 30 גראַד פראָסט. די ס"ס האָבן אָנגעהויבן מיד ווערן, אָבער זיי האָט מען פאַרנומען אויף פורלעך. דער אָפּרו איז געווען אונטערן פרייען הימל, אין אַ חרובער ציגל־פאַבריק. מיר האָבן ניט געקראָגן קיין עסן און ווייטער האָבן מיר מאַרשירט 24 שעה ביז גליוויץ. מען האָט אונדז אַריינגעטריבן אין דאָרטיקן לאַגער. אויף איין פּריטשע זיינען געווען פינף מענטשן. איינמאָל האָבן מיר באַקומען עפּעס אַ וואַסערדיקן זופּ. מען האָט אונדז אַריינגעלאָדן אין וואַגאָנען צו 100 מענטשן אין אַ וואַגאָן, אין משך פון 11 טעג האָבן מיר באַקומען צוויי מאָל צו ברייטלעך און אַ שטיקל מאַר־גאַרין, אויף די סטאַנציעס ווען מיר זיינען געשטאַנען האָבן מיר גענומען צו ביסלעך שניי צום טרינקען, אָבער די דייטשן האָבן דערפאַר דערשאָסן. די טויטע האָט מען אַרויסגעוואָרפן אין גאַנג פון צוג, דורכן פענצטער. פון 21.000 מענטשן זיינען געבליבן 7000.

וואָס געגנט עס איז געקומען דאָס אַמעריקאַנער מיליטער, אַלץ ווייטער האָט מען אונדז געפירט ערגעץ אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג, אין משך פון 19 טעג דורך עסטרייך, דייטשלאַנד און טשעכיען. בעת דער באָמבאַרדירונג און בעת שיסן פון אַרטילעריע זיינען אַנטלאָפן אייניקע פון אונדזערע מענטשן. אין די וואַגאָנען האָבן די ס"ס נישט אויפגעהערט צו איזדיעקעווען זיך איבער אונדז.

נאָר אויף באַפעל האָבן מיר געקענט אַרויסגיין צום דערלידיקן אונדזערע פיזיאָלאָגישע באַדערפענישן. אין יעדן וואַגאָן זיינען געווען 7 באַוואָפנטע ס"ס, וועלכע האָבן געהיט די מענטשן. ענדלעך האָט מען אונדז געבראַכט קיין מאַוטהאַוזען. דאָרט האָט מען אונדז אויסגעטאָן נאַקעט, געבאָדן, אַריינגעזעצט אין אַ באַראַק, צו פינף אויף איין פּריטשע. מען האָט אונדז געדראָט מיט שטיינהאַקן־אַרבעט. הגרוויל אָבער האָט מען אונדז נאָר אָפּ־געשלאָסן אין די באַראַקן, געגעבן אַ שטיקל ברויט און אַ ביסל וואַסער־זופּ. מער האָט מען זיך מיט אונדז ניט אינטערעסירט.

נומער 75.

# פאַר דער אויסלייזונג

מיר זיינען ארויס פון ליפּציג אַ פּאָר טעג פאַרן באַפרייען פון דער שטאָט דורך חיים מיליטער פון די אַליאירטע. מיר אַנטלויפן פאַר דער באַנערטער באַפרייונג, וועגן וועלכער מיר חלומען אַזוי לאַנג שוין, מיר גייען אָן אָפּרו, טעג און נעכט. עס היטן אונדז גוט אָפּ די תּליונים אין גרינע מונדירן פון די ס"ס און די אויפּזעערקעס מיט שטעקנס. מיר זיינען הונגעריק. אַף די פעלדער גרינען זיסע ריבן, עס ציען אונדז צו זיך די רויע קאַרטאָפל אין דער גרויער ערד, די בלעטער פון ראַבאַרבאַר. די פינפטלעך צעפליען זיך פּלוצים און דער עולם והונגעריקע מיידלעך וואַרפן זיך אַפן פעלד. אין איין רגע דאָס פעלד אָפּגעריייניקט דורך די „העפטלינגס", וועלכע גייען שוין ווידער אין פינפטלעך און קייען דאָס רויע גרינס. די ס"ס קאָנען אָבער ניט ליידן, וואָס עס איז פאַרניכטעט געוואָרן אַ דייטשיש פעלד. נעמט איינער אַראָפּ די ביקס און שיסט. צו ערשט אין דער לופט, נאָכדעם אין „העפטלינג". דאָס ערגסטע איז ווען אין וועג טרעפט מען אָן אַף אַ בערגל אויסגעגראָבענע קאַרטאָפלט. דערויף וואַרפן זיך אַלע אַפילו די אַמווייניקסטן דרייסטע. מען שטופּט אָן די טאַשן, טאַרבעס, נישט קוקנדיק אַף די ס"ס און ווידער בלייבט עמיצער ליגן אַפן בערגל קאַרטאָפל, חערשאָסן.

מיר גייען אַדורך די שטעט: גרים, וואורזעם, אָסשאַטץ, שטרעל, מייסען, ריעזע. אין דער קעגנריכטונג אַנטלויפט די דייטשע ציווילע באַפעלקערונג. און איינמאָל געשעט עפּעס שרעקלעכעס, וואָס שטויסט אונדז ארויס פון דער פאַרטעמפּטקייט. נאָך אַ רעגנדיקער נאַכט, בעת וועלכער מיר זיינען געלעגן אין גראָז באַם וועג, גייען מיר ווייטער. נאָך אַ שעה גיין — עטלעכע מינוט אָפּרו, ווייל די פרויען קאָנען ווייטער נישט גיין. מען זעצט זיך אויס אין פינפטלעך, אין דער לענג פון וועג. מיר זעען נישט גאָרנישט, מיר האָבן אַ נעבל פאַר די אויגן, וועלכע שליסן זיך אַליין פון מידקייט. פּלוצים פאָרן אָן דייטשע טאַנקען. מיר רייסן זיך שנעל אויף פון די ערטער,, אָבער נישט אַלע. דריי פון אונדז האָבן נישט באַוויזן זיך אויפצוהויבן. אַ מאַמע מיט צוויי דערוואַקסענע טעכטער. עס איז איבער זיי אַדורכגעפאָרן דער דייטשער טאַנק און איבערגעלאָזט בלוטיקע צויטן פון מענטשלעכע קערפּערס אַפן וועג.

מיר וואַנדערן ווייטער. מען שטעלט אונדז אַריבער איבער דער לאַבע אַף אַ שיפל. אַף אַ רגע אַ פּחד, אַז מען וועט דערטרינקען און נאָכדעם דער געדאַנק: — אַלצאיינס, עס איז שוין סיי ווי נישטאָ קיין כּוח.

איבער אונדז פליען די באָמבערס פון די אַליאירטע, די פליער ווייסן נישט, ווער מיר זיינען און שיסן פון מאַשינען־געווער. מיר וואַרפן זיך אַף דער ערד. דער טראַנספּאָרט ווערט אין איין רגע צעקלאַפּט. די אַע־ראָפּלאַנען זיינען איבערן קאָפּ, די קוילן סווישטשען באַם אויער:

— „גאָט, באַהיט אונדז, לאָז איבערלעבן".

די אַעראָפּלאַנען פליען אוועק. מיר הויבן זיך אויף פון דער ערד און גייען ווייטער. באַנאַכט גייען מיר אַדורך איבער שטעט. עפּעס געהיימנישפולע ליכט, ראַקעטן, אַ געוויש פון אַפּאַראַטן איבער די קעפּ און באָמבעס. אונדזער היים זיינען וועלדער; די געלעגערס — צווייגן און גראָז.

מיר מאַכן פייער און קאָכן „זופּ" פון קראָפּיווע, אַמאָל אַפילו פון קאַר־טאָפל, בוראַקעס, אָדער עפּעס אַנדערש, אַף דער שנעל אַרויסגעגראָבן פון דער ערד, ווען דער „פּאָסטן" זעט נישט.

די דייטשן זיינען אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן. זיי האָבן נישט וווּהין צו יאָגן. אַף אַן אָרט צום אָפּרו קלייבט מען אויס אַ וואַלד אַף אַ בערגל. עס רינגלען אונדז אַרום אונדזערע היטערס און דאָ זיינען מיר אָפּגעזעסן דריי וואָכן שרעקלעכע, רעגנדיקע, אָן אַ שטראַל זון און מיט בענקשאַפט אָפּ־וואַרטנדיק די באַפרייונג.

נומער 99.

# איבער שטעט און שטעטלעך

## קראָקאָוו

יוליאַן גראָס

### אַכזריות

דעם 5-טן דעצעמבער 1939, ווען ס'איז פאָרגעקומען די שרעקלעכע אָבלאַווע אויף קאַזימיערזש, האָט זיך מיין פעטער, מאַקסימיליאַן רעדליך, געפונען אין ביורא פונעם „יודנראַט", אויף קראַקאָווסקאַ גאַס, וווּ ער האָט געאַרבעט, אַלס אָנגעשטעלטער. אַרום 7 אַ זייגער אינדערפרי האָבן ס"ס-לייט אַרומגערינגלט די גמינע און געפאָדערט, מען זאָל זיי אַרויסגעבן דריי באַאַמטע. ס'האָט יעדער מורא געהאַט, מען האָט נישט געוואָלט אַרויסגיין, ווייל אויף דער גאַס האָט מען געשאָסן. סוף כל סוף האָט מיין פעטער באַשלאָסן מיט זיי אַרויסצוגיין. מען האָט זיי אָפּגעפירט אין שול, אויף דער איזאַאַקס-גאַס און באַפוילן אונטערצינדן די ספר-תורות און די שול. דער פעטער. האָט זיך אָפּגעזאָגט. דערפאַר האָט מען אים דערשאָסן. אויפן צווייטן טאָג איז צו אים אין וווינונג געקומען אַן ס"ס-מאַן און געזאָגט דעם ברודער: — „אייער ברודער איז דערשאָסן" — און געהייסן באַשטעטיקן די מעלדונג וועגן טויט.

בעת דער קבורה פונעם פעטער האָבן מיר באַמערקט אויפן בית עולם אַן אַלטן ייד, וועלכער האָט זיך אַרומגעבלאָנקעט צווישן די קברים. ער איז געווען משוגע. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז בעת דער גרויסער אָבלאַווע דעם 5-טן דעצעמבער האָט מען אים געכאַפּט אויף דער גאַס און אָפּגעפירט אין גאַזאָווניע. אויפן וועג האָט מען געכאַפּט אַ קליין ייִנגעלע, וועלכן מען האָט אין גאַזאָווניע אויסגעטאָן נאַקעט און אַרויפגעוואָרפן אויף די צעזשאַרעטע קוילן. דעם אַלטן האָט מען געצוווּנגען צו שיטן אויפן קינד דאָס הייסע אַש. דאָס קינד איז פאַרברענט געוואָרן אויף קויל. דער אַלטער איז משוגע געוואָרן.

אין דעם זעלבן טאָג האָט מען צערײַסן די קאָכבער פון אייגנטימער פונעם געשעפט פון שפּילעכלעך, ווען מען האָט געזוכט בא זיי גאָלד. מען האָט זי מקבר געווען אין דעם זעלבן טאָג, וואָס דעם פעטער.

אף די נאָסן פון קראָקאָוו האָט מען געהאַלטן אין איין פאָטאָגראַפירן, פילמירן. מען האָט, צום בײַשפּיל, געכאַפּט אַ ייד מיט אַ באָרד, אַרײַנגערוקט אים אין האַנט אַ רעוואָלווער און געהייסן פעסט האַלטן אַן ס"ס-מאַן, און ווען ער האָט דירעקט אַף אים דעם רעוואָלווער... דאָס האָט מען פילמירט.

נומער 29.

מגר. לעאָן סאַלפּעטער

---

# רעווזיעס און אַרעסטן

דער חודש סעפּטעמבער שטייט אונטערן צייכן פון אומאויפהערלעכע רעוויזיעס און אַרעסטן. דער קולמינאַציע־פּונקט איז געווען דאָס אָפּשליסן און אָקומרינגלען דעם גאַנצן יידישן קוואַרטאַל דורך ס"ס-לײַט, וואָס עס האָט געדויערט צוויי טעג. אין משך פון דער צײַט האָבן געדויערט די רעוויזיעס און דער רויב אין די יידישע שטיבער. מען האָט צוגענומען צירונג, וועש, קליידער, אַלץ וואָס עס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ געוויסן ווערט. די יידן, וועלכע מען האָט געכאַפּט אַף דער גאַס, צי אין דעם יידישן קוואַרטאַל, צי אויסער דעם יידישן קוואַרטאַל האָט מען אַרײַנגעפירט אין די רעסטאָראַנען, שענקען און זיי גרינדלעך רעווידירט.

די פרויען האָט מען גינעקאָלאָגיש אונטערזוכט. עס האָבן דאָס געמאַכט ס"ס און אַ. ג-לײַט. נאָך דעם אַדורכפירן די רעוויזיע האָט מען מענטשן נאַקעט אַרויסגעשטעלט אין דרויסן, אַנדערע זאָלן זען. עס איז ניט געווען קיין קרבנות. מען האָט געשאָסן אַף די פאַרעקשנטע, דערהרגעט די, וועלכע האָבן אויסבאַהאַלטן ווערטזאַכן א. ד. ג.

אין די ערשטע פּאָר חדשים איז דאָס לעבן אין געטאָ געווען פאַרהעלטנישמעסיק רויק. עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז די נײַע אָרדענונג וועט האַלטן ביז צום סוף פון מלחמה.. די אָפּטימיסטן האָבן, לײַדער, זיך געמוזט אַנטוישן.

מען האָט אָנגעהויבן אַרויסנעמען פֿון די שטיבער. בײנאַכט קומען ייִדישע מיליציאַנטן און נעמען אַרויס, אַרעסטירן די מענטשן, לויט אַ צעטל, וועלכעס זיי באַקומען פֿון געשטאַפּאָ. אַפֿן צווייטן טאָג קומט אַ פֿאַרשטייער פֿון געשטאַפּאָ און פֿאַרנעמט אַלע אַרעסטירטע. פֿון דאַן אָן ווערט פֿאַרפֿאַלן יעדער שפּור פֿון מענטשן. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום באַקומען אייניקע מעל־דונגען וועגן טויט פֿון זייערע קרובים.

* * *

## שטעמפּלען און בלויע צעטלען

אין יוני 1942 באַקומט דער פּרעזידיום פֿון דער ייִדישער געמיינדע אַ פֿאַראָרדענונג צוצוגרייטן דעם זאַל אין בנין פֿון דער ייִדישער סאָציאַלער זעלבסטהילף (יו. ס. ס.). עס דאַרפֿן צוגעגרייט ווערן צוויי זאַלן, אַ שרייב־מאַשין און עטלעכע טישלעך. דער טערמין איז באַשטימט אויף שבת און זונטיק. מעלדן זיך האָבן געדאַרפֿט אַלע מיט די אָקבעמס־צייגענישן. מען האָט זיך געמאָלדן מאַסנווייז.

די „ייִדישע אָרדנונגסדינסט" (ייִדישע פּאָליציי) האָט געהאַלטן אָר־דענונג. מען האָט נישט געוווּסט, אַז דאָס פֿירט צום טויט. אָבער אַ פּאַניק איז אַנשטאַנען. מענטשן אָן אַרבעט האָבן מורא געהאַט, די אַרבעטלאָזע האָט מען נישט געגעבן קיין שטעמפּל אויף דער „קעננקאַרטע" און אויך נישט אַלע, וועלכע האָבן געאַרבעט האָבן באַקומען דעם שטעמפּל. ס'איז געווען אָפּהענגיק פֿון דעם דייטשן באַאַמטן.

עס זיינען געווען אַ פּאָר צענדליק קאָמיסיעס (עס האָבן אַמטירט פֿאַר־שטייער פֿונעם אַרבעטס־אַמט און איין געשטאַפּאָוועץ). די אַרבעטער פֿון דעם זעלבן וואַרשטאַט האָבן בײַ איין טישל באַקומען דעם שטעמפּל און בײַ אַ צווייטן נישט. עס איז געווען אַ גורל, אַ מזל־זאַך.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט די „אָרדנונגס־דינסט" באַקומען אַ פֿאַר־אָרדענונג, בײַנאַכט צו ברענגען אויף איין אָרט אַלע די, וועלכע האָבן נישט באַקומען קיין שטעמפּל. עטלעכע טויזנט מענטשן האָט מען געזאָלט „אויס־זידלען". אַזוי ווי די אַקציע האָט אַדורכגעפֿירט די ייִדישע פּאָליציי, זיינען די דייטשן מיטן רעזולטאַט, מיט דער צאָל פֿון די פֿאַרזאַמלטע, געבליבן נישט צופֿרידן. מען האָט געמאַכט פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר דער „אַקציע" דעם פּרעזעס פֿון דער ייִדישער געמיינדע ד"ר האַזענצווייג און אויף דער פֿאַראָרדענונג פֿון

דער דייטשער מאכט האָט מען באשטימט אויך אים און זיין פאמיליע אף „אויסזידלונג“. מיטוואָך פאַרנאכט האָט מען ארויסגעפירט א 5000 יידן, נישט באַוווּסט אין וואָס פאַר א ריכטונג. ווי עס האָט זיך אָבער איינגיכן ארויסגעוויזן, זיינען אַלע אוועק אף טויט.

פּרייטיק אין דער זעלבער וואָך — א נייע פאַראָרדענונג פון דער מאכט: צוצוגרייטן דעם זעלבן זאַל, די מישלעך. אַלע יידן דאַרפן קומען שבת מיט די אַרבעטסשיינען, קענקאַרטעס און דאָס מאָל וועלן זיי אָנשטאָט די שטעמפּלען באַקומען בלויע שיינען.

שבת אינדערפרי הויבט זיך אָן א נייע רעגיסטראַציע, לויט די אויס־געפאָרשטע דאָקומענטן. די וועלכע האָבן די בלויע שיינען נייט באַקומען, ווערן פאַרהאַלטן אין געטהנדל, וואָס געפינט זיך באם בנין, און פון דאָרטן, גרופּענווייז, פירט מען זיי אפן פּלאַץ „אָפּטימאַ“. מען האַלט זיי דאָרט ביז צום צווייטן טאָג. און עס באַווייזט זיך א צווייטע פאַראָרדענונג פון דער מאכט, אַז יעדער אין געטאָ, אָן א בלויען בילעט, וועט דערשאָסן ווערן.

* * *

## „אויסזידלונג“ און פאַרקלענערט דאָס געטאָ

זונטיק באַטאָג פירט אַרויס די דייטשע ס"ס־פּאָליציי עטלעכע טויזנט יידן. מען חייסט אָפּ קינדער פון עלטערן און עלטערן פון קינדער. בעת דער „אקציע“ שיסט מען. עס זיינען געוועזן פאַרוואונדעטע. אויך אין די שפּיטעלער האָט מען אדורכגעפירט א רעוויזיע פון די דאָקומענטן.

באַלד נאָך דער „אויסזידלונג“ האָט מען פאַרקלענערט דאָס געטאָ. 10.000 יידן האָט מען אַרויסגעשיקט. דער „שטאַטהאופּטמאַן“ באַפעלט דער יידישער גמינע צו ליקווידירן די יידישע וווינונגען, וועלכע געפינען זיך באַ דער גאַס רענקאַווקאַ, א טייל פון דער ווענגערסקאַ, טשאַרניעצקיעגאָ, קראַ־קוסאַ, פון דער זייט פונעם מאַגיסטראַט און אף דער גראַד־זייט פון דער לי־מאַנאָווסקאַ. די פּאַרבליבענע אף דעם שטח יידן האָבן זיך געזאָלט איבערפירן אין דעם פאַרקלענערטן יידישן טייל געטאָ.. צוליב דעם עפנט די יידישע גמינע א וווינונגס־ביוראָ, וואָס דאַרף רעגולירן די וווינונגס־פראַגן אין פאַר־קלענערטן יידישן געטאָ. ס'איז ענג...

* * *

# די צווייטע „אויסזידלונג"

דעם 27-טן אָקטאָבער באַנאַכט האָט מען אַרומגערינגלט דאָס יידישע געטאָ מיט מיליטער פון דייטשער פּאָליציי. צווישן די יידן איז ווידער אַנטשטאַנען אַ פּאַניק, ווייל מען האָט פאַרשטאַנען, אַז עס קומט אַ נייע אויסזידלונג. אַ קליינער גרופּע מענטשן האָט זיך איינגעגעבן, באַנאַכט, זיך אַרויסצובאַקומען דורך די קאַנאַלן, פונעם געטאָ. אינדערפרי, דעם 28-טן, ליינען מיר אַ מעלדונג, אַז אַלע יידן דאַרפן זיך מעלדן פאַרן „אַרבעטסאַמט" לויט די אַרבעטס-גרופּן. עס קומען אַהין אָנגעשטעלטע פון געשטאַפּאָ, וועלכע פירן אַדורך אַ סעלעקציע. די גרופּעס, וועלכע מען האָט געזאָלט אַרויסשיקן האָט מען פאַרזאַמלט אויף פּלאַץ זגאָדי, די איבעריקע זיינען צוריק געגאַנגען צו דער אַרבעט. מען האָט אויסגעקליבן הויפּטזאַכלעך עלטערע מענטשן. עס זיינען אָבער אַריינגעפאַלן אויך פירער פון אָפּטיילונגען, ניט קוקנדיק אויף זייערע פאַך-קוואַליפיקאַציעס. אַזוי אָבער, ווי די צאָל אויסגעקליבענע האָט די דייטשן ניט באַפרידיקט, מעלדעט די געשטאַפּאָ, אַז דאָס געטאָ דאַרף ווערן „יודנריין". דאָס איז געווען באַטאָג. מען האָט געוואָלט אויף דעם אופן אַרויסנאַרן די יידן, וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די קעלערס און אין די לעכער. דער ציל איז דערגרייכט געוואָרן, מען האָט אַרויסגעשיקט אויפן פּלאַץ-זגאָדי נאָך אַ 1500 יידן, די ציפער האָט אַזוי אַרום דערגרייכט 6000. מען האָט זיי אַרויסגעשיקט 5 אַ זייגער באַטאָג פונעם וואָקזאַל אין פּלאַשאָוו, פון וואַנעט זיי זיינען אין משא-וואַגאָנען אָפּגעפאָרן קיין בעלזשעץ. די געשטאַפּאָ האָט מסכים געווען, אַז די יידישע גמינע זאָל אַרויסשיקן עסן, ברויט און זופּ פאַר די „אויסגעזידלטע". די וועלכע זיינען שפּעטער צוריקגעקומען פון דער אַרבעט האָבן ניט געוואוסט, אַז די אויסבאַהאַלטענע אין די גריבער און לעכער זיינען אויך אַרויסגענאַרט און אַרויסגעשיקט געוואָרן. אַ יאָמער און אַ געוויין...

מען האָט „אויסגעזידלט" די שפּיטעלער, יתומים-הייזער, קינדער-היים, אַזיל, דעם מאָנטעלופּיך און פאַרנומען די מענטשן פון די אַרומיקע לאַגערן. נאָך דער דאָזיקער אויסזידלונג ווידער אַ באַפעל, צו פאַרקלענערן דאָס געטאָ אין וועלכן עס איז שוין געבליבן נאָר אַ 10.000 מענטשן. די אויסזידלונג האָט פאַרכאַפּט די ליטאָנדע אַרבעטער פון דער „אָפּטימאַ" און פון דער פירמע „מאַדריטש". עס דאַרפן ליקווידירט ווערן די יידישע וווינונגען אין די יידישע גאַסן, וואָס געפינען זיך אויף דער צווייטער זייט פון פּלאַץ-זגאָדי, (אַזוי גערופענע — אוקראַינע) דאָמבראָווסקאַ, יאָנאָווע-וואָליאַ, אַ טייל

לוואָוסקאַ (דאָרט, ווו עס איז די וואך). מיט דער אָקטאָבער אויסזידלונג האָט אָנגעפירט דער אַכזריותדיקער „שטורמבאַנפירער" הַאַסע און „אָבער־גרופענפירער" שערנער.

* * *

# די הדיטע אויסזידלונג

זונטיק, דעם 14־טן מערץ 1943 האָט אריינמארשירט אין געטאָ אַ קאָמ־פאַניע מיליטער ס"ס מיט האַאס און געטה בראש. עס זיינען אויך געווען די רעפערענטן פאר יידישע ענינים: קונדע היינריך און נוימאן. זיי זיינען אדורך ביזן געביט „בע." און אין דער צייט זאמלען זיך אַלע יידן, וועלכע האבן געוווינט אויף דעם ראָזיקן שטח „בע" אויף פּלאַץ־זגאָדי און ווארטן אפן אורטייל. ס'פאָרן אָן אויטאָס, וועלכע פארנעמען די יידן אין דער רייע. גלייך־צייטיק פאלן שאָסן אויף פּלאַץ־זגאָדי, אנדערע ס"ס־לייט נייען אין די שפּיטאָלן אין דעם אַלגעמיינעם און אין דעם עפּידעמישן, ווו עס געפינען זיך קראנקע. די פארברעכער שיסן אויס אַלע קראנקע, און די דאָקטוירים און די סאַניטאַר־. זיי דערהרגענען אויך יעדן ייד, וועלכן זיי טרעפן אפן שטח „א.". אפן פּלאַץ־זגאָדי קומט פאָר סעגרעגאַציע. געט קלייבט אויס 150 מענער, וועלכע זיינען באַשטימט צום אויפרוימען דאָס געבוי נאך דער „אַקציע" אין לאַגער אריין אויף ארבעט. האאסע מיינט, אַז דאָס איז צו פיל און פאַראָרדנט פון זיי אויס־צוהרגענען 75 מענער.

אויף דעם שטח „בע." זיינען געווען 2500 יידן יונגע, אַלטע און קינדער. דער „טאַגעסהיים" האָט געציילט אַ 250 קינדער, וועלכע מען האָט ארויס־געפירט אפן פּלאַץ־זגאָדי, אפן אָרט האָט מען דערמאָלט דערשאָסן 700 יידן, אָן ערך 2000 האָט מען ארויסגעשיקט אין גאַז, קיין אָשוויענטשים. אַז די מענטשן זאָלן וויסן, אַז זיי גייען אויף טויט און זיי זאָלן קיין שום אילוזיעס נישט האָבן, האָט מען באַ זיי צוגענומען אַלע פּעקלעך, וועלכע זיי האָבן מיט זיך געהאַט.

דער פּלאַץ־זגאָדי און די ארומיקע הויפן זיינען געווען פול מיט מתים. ווען מען האָט נישט אפן אָרט דערהרגעט, האָט מען נאָכדעם דערשלאָגן. מוטערס מיט קינדער אויף די הענט זיינען געפאַלן ארורכגעלעכערט מיט קוילן.

דאָס איז דער לעצטער אַקט פון דער טראַגעדיע פון די יידן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דעם קראָקאָווער געטאָ. זונטיק באַטאָג — אַ נייע פאַר־

אָרדענונג פון ס"ס: אַפּרייניקן פון די מתים די שפּיטעלער, הויפן, דעם פלאַצקוגאַדי. דאָס באַזייטיקן די מתים געדויערט דעם גאַנצן מאָנטיק נאַכט. די טויטע קערפּערס וואַרפט מען צוזאַמען אַף פורן און מען פירט זיי ארויס אַפן בית-עולם אין פּלאַשאָוו.

נומער 193.

אַבוש וואַקסמאַן

---

## ארויסגעריסן פון דער טויט-קאָלומנע

אין דער יוני אַקציע 1942 זיינען אומגעקומען 9000 יידן. איך בין אויך געווען אין טראַנספּאָרט קיין בעלזשעץ, ווייל איך האָב נישט באַקומען קיין בלויען בילעט. איך האָב זיך געמאָלדן אַפן פּלאַץ „אָפּטימאַ" פריוויליק צום אויסזידלען. אַפן פּלאַץ האָבן זיך שוין געפונען אַן ערך 4000 יידן, וועלכע זיינען שוין דאָ געזעסן, אָן עסן און אָן שלאָפן, 36 שעה, אין שרעקלעכע באַדינגונגען. עס איז געווען שטאַרק הייס. מען האָט נישט צוגעלאָזט קיין עסן און קיין וואַסער. מען האָט געהאַלטן אין איין רעווידירן בא די מענטשן. מען האָט געזוכט געלט און גאָלד. קיינער פון די וועלכע האָבן זיך געפונען אַפן פּלאַץ האָט נישט געוווסט וווהין דער טראַנספּאָרט גייט און ס'האָט קיינער נישט געגלויבט, אַז מ'גייט אַף פאַרניכטונג. ווען מיר וואָלטן געוווסט, וואָלטן אַ סך פון די אויסגעזידלטע זיך געקענט ראַטעווען. פאַרן ארויסמאַרש האָט מען אויסגעשטעלט אַלע אין פינפטלעך אַף דער ווענגערסקאַ גאַס און אונטער אַ שטאַרקער שמירה פון „שוצפּאָליציי" האָט דער קאָנדוקט געריהט דורך דער לימאַנאָווסקיעגאָ, וויעליצקאַ, וואַליאַ־דובאַצקאַ ביז פּראָקאָצים אַף דער משאות-ראַמפּע. דאָ האָבן מיר דערזען די משא־וואַגאָנען צוגעשטעפּט צום צוג, וועלכער האָט געפירט די יידן פון די ארומיקע שטעטלעך (יענדזשעיעוו, סלאָמניקי, מיעכאָוו).

פאַרן אַריינזעצן אונדז אין די וואַגאָנען זיינען געקומען אָפיצירן פון געשטאַפּאָ און אויסגערעגירט פון צווישן אונדז 86 מענער, צווישן זיי אויך מיך. מען האָט אונדז אַריינגעפירט אין אַרבעטס־לאַגער אין „יורנלאַגער", וווּ עס האָט צו אונדז געהאַלטן אַ דרשה קלים:

— „איר זייט מיט אייערע בלאוען אונגע דאַפּאָנגעקאָמען. יעצט הייסט עס אַרבייטען, און אַרבייטען הייסט לעבען".

דאָ האָבן מיר ערשט פאַרשטאַנען, אַז דער טראַנספּאָרט, וועלכער איז געשטאַנען אַף דער באַן איז באַשטימט אַף טויט.

נומער 86.

הענריק מייזעל

## אין קאַנאַל

דעם 13טן מערץ 1943, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די ליקווידאַציע האָב איך באַשלאָסן נישט צו גיין קיין פּלאַשאָוו, ווייל מען האָט מיך געזוכט. איך האָב באַשלאָסן צו גיין אין שטאָט אַריין דורכן קאַנאַל. דאָס איז נישט דער באַקוועמסטער וועג. מען האָט געדאַרפט אַראָפּשפּרינגען פון אַ 5 מעטער הויך אין וואַסער אַריין, וואָס איז דערגאַנגען ביז אין די קני, באַוועגן זיך פאָרויס קאָן אַ מענטש אין קאַנאַל נאָר אַן איינגעבויגענער אויף דער העלפט. מיר זיינען געווען 5 קאָלעגן און נאָך 15 מענטשן. אייניקע מיט קינדער אויף די הענט. אויפן וועג איז איין קינד געשטאָרבן, דערשטיקט געוואָרן. איך בין צוויי מאָל געפאַלן חלשות און אַריינגעפאַלן אין וואַסער. דער קאַנאַל איז אויסגעבויט אַזוי, אַז פון ביידע זייטן שטעקן אַרויס ווי טרעפּלעך און אין מיטן איז דאָס וואַסער. אַ געשטאַנק און אַ שרעקלעכע פינצטערניש. דאָס לעמפּל האָט באַלד אויסגעברענט און קיין שוועבעלעך איז ניט געווען גענוג. נאָך אַ שעה צייט קריכן האָבן מיר דערזען אַ שוואַך ליכטל: די קלאַפּע פונעם קאַנאַל. איך הויב אויף די קלאַפּע מיט דער האַנט — איבערן קאָפּ פאָרט אַדורך אַ טראַמוויי. איך פאַרמאַך די קלאַפּע און מיר גייען ווייטער. נאָך צען מינוטן איז אַ צווייטע עפענונג. איך קריך אַרויף מיט די טרעפּלעך און זע, אַז איך בין אויף זאַבלאָטיע, לעבן דער סטאַנציע. אויף אַ זייטן־ליניע שטייט אַ ליידיקער וואַגאָן. מיר גייען אַריין אין וואַגאָן און וואַרטן ביז עס וועט פינצטער ווערן. אַפּדערנאַכט גייען מיר אַרויס און גייען אין דער ריכטונג צו דער ווייסל.

נומער 22-אַ.

נאַטאַליאַ וויין

## אַ בילדל פון דער תּפיסה

מען האָט מיך אָפּגעשיקט אין אַ הויף פון וואַנעט מען האָט געקאָנט זען, פון דער ווייטנס, ווי אַ גרויסע פּרעקטיגע היטלערשטייג פאַרדראַמעוועט פון די זייטן און פון אויבן. דאָרט זיינען די אַרעסטירטע־פּאַרומילטע אַרומגעגאַנגען און אַן שום אילוזיעס אַרומגערעדט דאָס אַלץ, וואָס האָט שוין ניט געהאַט קיין שייכות מיט אונדזער איצטיקן גורל. ווען מיר האָבן פאַר-

גלייכע אינדזער לאַנגע מיט דער לאַנגע פון די „גליקלעכע", „פרייע" מענטשן אין געטאָ, האָבן מיר געזען דעם אונטערשייד נאָר אַזוי: דאָ איז געווען אַ קליינער פירעק ערד און לופט, און דאָרט אַ ביסל אַ גרעסערער שטח. עס איז געווען אַ תפיסה אין אַ תפיסה. אָבער אין געטאָ האָב איך נישט געהערט אַזוי אָפט געשפּרעכן אָפּגעריסענע פון דערווירקלעכקייט און אויך נישט איבערגעלעבט אַזאַ אויפריכטיקן ווילן צו באַשענקען, איינער דעם צווייטן, מיט אַזוי פיל גוטע געפילן. אויף דעם קליינעם שטיקל ערד האָט זיך צונויפגענומען אַ סך אינטעליגענץ, וועלכע האָט אויפריכטיק געוואָלט אין דעם ביסל צייט, וואָס האָט זיי אָפּגעטיילט פונעם סוף, זיך אויסלעבן אין דער אַטמאָספערע פון די באַליבטע ענינים, אויפהויבן זיך איבער דעם בראָך, איבעראַנדערשן די ווירקלעכקייט אויף צו להכעיס די מערדער.

איינמאָל איז אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז אין אַ פּאָר טעג אַרום וועט אַוועק אַ טראַנספּאָרט אויף פאַרניכטונג. הונדערט מיט עטלעכע צענדליק פרויען האָבן אויפגענומען די דאָזיקע ידיעה אין אַלגעמיין גאַנץ רויק. עס זיינען אָנגעקומען מאָדנע טעג פון געפּאַסקייט און פאַרשטאַרקייט, פון נאָכרעכענען. די מידלעך האָבן דערציילט איינע דער צווייטער וועגן פריערדיקן לעבן. מען האָט דערציילט וועגן ליבטיקע מאָמענטן, וועגן די געליבטע...

ווען פונקט דעמאָלט, אויף די שמוציקע שטרוי-זעק, אין די פינצטערע קעמערלעך, מיט די פאַרקראַטעוועטע פענצטער, וואָלטן די דייטשע מערדער אַדורכגעפירט זייער מאָרד־אַקציע, וואָלט דער טויט נישט געווען אַזוי שווער. מען איז געווען פאַרזונקען אין גאַרקאַזיגליקזעליקייט, מען האָט זיך ווי פאַרבאַנצערט קעגן דער מורא פאַרן טויט.

אין צוויי טעג אַרום איז אַוועק אַ טויטן־טראַנספּאָרט פון אַרעסטירטע, וועלכע זיינען געווען „אויף פּאַפּירן". *) די איבעריקע זיינען נאָך געבליבן וואַרטן אויף זייער ריי. עס זיינען געווען שעה'ן אין משך פון טאָג, ווען מען פלעגט אַרויסגיין אויף אַ שפּאַציר, אויף דעם שטיקל גלייכן פירעק, אויף וועלכן עס האָבן געטרעטן די אַרעסטירטע פרויען און מענער. מען האָט מיט אומגעדולד געוואַרט אויף דעם מאָמענט, ווען דער שליסל אין טיר וועט אַ דריי טאָן און גלייכצייטיק וועט מען דערהערן: „מען קען אַרויסגיין" און פון די באַזונדערע קעמערלעך וועלן אַרויסשיטן פרויען און מענער. מען האָט ווי פאַרשיכורטע אַריינגעאָטעמט די לופט. אין דעם דאָזיקן מאָמענט האָט

---

*) יידן, וועלכע מען האָט געכאַפּט מיט „אַרישע" דאָקומענטן.

אויפגעלעבט דער ווילן צום לעבן. אָפטער פלעגט זיך אָבער מ'רעפן, אַז איז אַ פּאָר מינוט אַרום איז געקומען צו לויפן איינער פון דער אָ. ד. (אָרדנונגס־דינסט) און אַריינגעטריבן די גאַנצע גראַמאַדע צוריק אין די קאַמערלעך, ווייל געשטאַפּאָ, די רעפערענטן פון דער „יודענפראַגע" זיינען געווען אין דעם דיזשור-צימער. מען איז געלאָפן איינער איבער דעם צווייטן.

מיר האָבן דעריבער געשמועסט, ווען מיר האָבן פּלוצים איינמאָל דערזען, אין דער צייט, ווען מיר זיינען אַזוי געגאַנגען אַהין און צוריק — עטלעכע געשטאַפּאָ־לייט, וועלכע האָבן זיך געלאָזט דירעקט צו אונדז. מען האָט אונדז געהייסן בלייבן אויף אָרט. מען האָט שוין ניט געקענט אַנטלויפן אין די קאַמערלעך אַריין. צוויי געשטאַפּאָ־לייט זיינען געקומען פאַרשן דעם צושטאַנד אין תּפיסה. עס איז געווען באַוווסט, אַז אין איינער פון די מענער-קאַמערן האָט מען געפונען אַ זעגל איבערצושניידן די דראָטן. דער פאַרדאַכט איז געפאַלן אויף צוויי יונגעלייט. מען האָט זיי אַרויסגעשלעפּט אינמיטן דער תּפיסה-פּראָמענאַדע:

„שלאָגט אייך, איינער דעם צווייטן"! איז געפאַלן אַ באַפעל. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ געשלעג. „שטאַרקער" האָט געשריען איינער פון די געשטאַפּאָ, און דער צווייטער האָט זיי ביידע געשלאָגן און געקאָפּעט מיט די פיס. די פאַרשטעלונג האָט געדויערט אַזוי לאַנג, ביז ביידע זיינען געבליבן ליגן אויף דער ערד, פאַרכאַלעשט. מען האָט זיי דערמינטערט. שפּעטער האָט מען זיי אָנגעכאַפּט קיטן אויף די פיס און געהייסן שפּרינגען — די געשטאַפּאָ-לייט האָבן זיך געוויצלט און געלאַכט.

מיר זיינען פאַרטגליווערטע אָפּגעזעסן די גאַנצע נאַכט. אויף מאָרגן האָט מען אַרויסגעפירט פון קאַמער די ביידע יונגעלייט. זיי זיינען נישט צוריק־געקומען מער. פאַן־מאַלאָטקע האָט באַפוילן זיי אַרויסצושנדיקן. דאָס איז דער זעלבער, וועלכער מוז איינגעהאַנטיק אומברענגען עטלעכע יידן, ער זאָל קענען מיט בעסערן אַפּעטיט אָפּעסן זיין מיטיק.

עס איז געווען איינער אין תּפיסה, וועלכער האָט געוויילט די גאַנצע געזעלשאַפט אונדזערע. פלעגן מיר זיך אויסזעצן אין אונדזער ווינקל, אויפן „בולוואַר" פון דער יידישער תּפיסה — אַזוי האָבן מיר אָנגערופן אונדזער אָרעמען שפּאַציר-שטח און מען האָט גערעדט. אונדזער תּפיסה'ניק האָט אונדז געוויזן, ווי אַזוי עס האָט געקענט. געזאָגט, אַז די איבערמאַכט וועט צעבראָכן ווערן, אַז אונדזערע מערדער וועלן פאַר אַלץ באַצאָלן א. ד. ג.

ווען מען האָט אונדז פאַריאָגט אין די קאַמערן, פלעגן מיר צוריקטראַכטן אויף אונדזערע פּריטשעס. דאָס שווערסטע זיינען געווען די נעכט. די פרויען פלעגן

שרעקלעך מורא האָבן פאַרן אָנקומענדיקן טאָג, זיי פלעגן באַקומען אָנפאַלן פון היסטעריע, נערוון־אָנפאַלן, האַרץ־אַטאַקן. די קאָמענדאַנטקעס פלעגן זיך אַרומטראָגן מיט מעדיקאַמענטן, מיט ווערטער פון טרייסט א. ד. גל.

איינמאָל נאָך אַזאַ נאַכט, אינדערפרי, האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז דער תּפיסה'ניק אונדזערער, וועלכער פלעגט אונדז אַלעמען אַזוי זויילן און טרייסטן האָט ערגעץ באַקומען סם און זיך פאַרסמט...

נומער 250.

ראָמאַן קראַפּטלאַ

# די אַקציע אַף פּלאַץ־זגאָדי

דעם 14־טן מערץ 1943 ביז איך געווען בײַ דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פון דעם קראָקאָווער געטאָ. מײַנע עלטערן האָט מען אַרויסגעפירט נאָך פריער אין דער ריכטונג אַף צפון, הייסט עס, קיין בעלזשעץ, אָדער מײַדאַנעק. כ'בין געבליבן מיטן ייִנגערן ברודער.

מען האָט געמאָלדן, אַז מיר דאַרפן זיך שטעלן 6 אַ זייגער אינדערפרי אַף פּלאַץ־זגאָדי. דער פּלאַץ איז אַרומגערינגלט געווען מיט פּאָליציי. עס זײַנען אַלע מאָל נאָך צוגעקומען מאָטאָציקלעטן און אויטאָס מיט אָפיצירן פון דער פּאָליציי. 9 אַ זייגער אינדערפרי איז אָנגעקומען אַ פאָרמאַציע פון ס"ס. אַלע אַרײַנגענג אַפן פּלאַץ זײַנען פאַרשטעלט געוואָרן מיט הילצערנע באָקן, אָדער שטעכל־דראָט. אַפן פּלאַץ פאַלן אַרײַן די ס"ס־לײַט און עס אַנטשטייט באַלד אַ בהלה: די ס"ס שלאָגן די פרויען און קינדער, וועלכע שטייען באַזונדער; זיי צווינגען די פרויען אָוועקצוואַרפן די פעקלעך, וועלכע מען האָט געמעגט מיטנעמען, ווי ס'איז געווען געמאָלדן אין די באַקאַנטמאַכונגען; מען הויבט אָן שלאָגן די מענער. מענטשן האָבן נישט וווהין און ווי אַזוי צו אַנטלויפן. מען פאַלט איינס אַף ס'אַנדערע און מען מדרעט זיך מיט די פיס.

איך בין געפאַלן און זיך שוין ניט געקאָנט צוריק אויפהויבן. ס'האָט מיך עמיצער געשלאָגן איבערן קאָפּ. ליגנדיק האָב איך אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם רוקזאַק און זיך אויפגעשטעלט. מען האָט אויסגעשטעלט אַלע אין רייען און עס האָט זיך אָנגעהויבן די סעגרעגאַציע. מען האָט אָנגעהויבן פון דער לוואָוסקאַ גאַס. דער קאָמענדאַנט געט האָט אויסגעקליבן 200 מענער,

פאכלייט און זיי אוועקגעשטעלט אין א רייט. ס'איז אבער געקומען דער שעף האאסע און באשלאסן, אז דאס איז צו פיל. נאכאמאל א סעגרעגאציע פון צווישן די 200. מען האט ארויסגענומען א גרופע פון עלטערע פרויען און זיי אפגעפירט צום טויער פון גרויסן הויז. אף דער גאס פון וויטא-סטוואשא אין א מינוט ארום האט מען פון דארט דערהערט שיסן.

די ערשטע ארויסגעפירטע פון טויער, פרויען און קינדער, האט מען אריינגעווארפן אין לאסט אויטאס. עס איז נים צום באשרייבן אלץ. אין דער בהלה האב איך פארלארן דעם ברודער און וויים נישט, וואס עס איז מיט אים געשען. פון מיין גרופע האט מען אויסגעקליבן א צוואנציק צו דער אך בעט און אפגעפירט אין דער ארדענונגס-דינסט. איין צוויי שעה ארום, ווען די אקציע איז שוין געווען פארענדיקט, האט מען אונדז ארויסגעפירט אפן פלאץ, מאכן ארדענונג. א חוץ אונדז זיינען נאך געווען 60 מענטשן, וועלכע זיינען געבליבן פון יענע 200 פאכלייט. צוערשט האבן מיר אפגערוימט דעם פלאץ, וווּ עס זיינען געבליבן ליגן די פעקלעך און רוקזעק, וועלכע מען האט געצוווּנגען די יידן איבערצולאזן. דאס אלץ איז געגאנגען אין בנין פונעם „מעבעלבעשאפונגסשטעלע“. נאכדעם האט מען אונדז צעטיילט אף גרופן אויפצורוימען די באזונדערע ערטער. איך מיט מיין גרופע זיינען אריין אין א הויף, ווו עס זיינען געלעגן 15 עלטערע פרויען, דערשאסענע בעת דער אקציע. עס איז געקומען א באפעל, אלע דערשאסענע פרויען אויסצוטאן נאקעט. מיר האבן דאס געמוזט אויספילן, נאכדעם האבן מיר אויסגעלייגט די טויטע קערפערס אף א פלאטפארמע. אפן צווייטן הויף זיינען געלעגן, איינס אף ס'אנדערע דערשאסענע מענער, צווישן זיי פיל יונגע. צוויי זיינען נאך געווען לעבעדיקע. איינעם איז אונדז געלונגען אויסצובאהאלטן. דעם צווייטן האט מען דערשאסן אף אזא אופן: מען האט אים געהייסן זיך לייגן מיטן פנים צו דער ערד און מען האט אין אים אריינגעשאסן פון הינטן אין שארבן. כמעט אלע זיינען געווען אף דעם אופן דערמארדעט.

נומער 119.

שמשון קעניגסבערג

# רויב

נאָך דער אַקציע פונעם 14־טן מערץ 1943 איז געקומען אַן אַפּטייל פון אַרעסטאַנטן פונעם לאַגער, אַלס „זאַובערונגסקאָלאָננע" אונטער דער פאַך־ליטונג פונעם ס"ס־דיטשקא און זיין חבר ציגסבערגער, כדי אָפּצורייניקן דאָס געטאָ. עס האָט זיך געהאַנדלט אין באַרויבן דאָס פאַרמעגן פון די טרויסגעפירטע יידן און וועגן מאַגאַזינירן עס אין באַשטימטע זאַמלפּונקטן. דאָס „רייניקן" איז געגאַנגען לויט די גאַסן און איז אַדורכגעפירט געוואָרן אין יעדער הויז, פונעם קעלער ביזן דאַך. מען האָט אין יעדער וווינונג אויסגעקלאַפּט די ווענט, דורכגעווידירט די אויוונס, די באָד־רערן, מ'האָט געזוכט פאַרבאַהאַלטענע אוצרות. די זאַמלפּונקטן זיינען געווען אין לײדיקע הייזער: אַזוי ליגט מען צוזאַמען דאָס מעבל אין אַ הויז אויף ווענגערסקאַ גאַס דאָס בעטגעוואַנט, וועש און שמאַטעס — אויף יוזעפינסקאַ; אייזן, בלעך, אייזערנע אויוועלעך — אויף טאַרגאָווע. די אַרבעט גייט מיט אַ „פּלאַן".

עס איז וווערט אַריינצוקוקן אין אַזאַ מאַגאַזין. עס באַקומט זיך דער איינדרוק, אַז מען געפינט זיך אין אַ „וואַרן־הויז", נאָר די איינהאַבער פון דעם הויז זיינען שוין אויף יענער וועלט. אין איין בנין געפינט זיך דער מאַגאַזין פון קיכן־געשיר, אַ הויז ווייטער איז דער מאַגאַזין פון גלאָז און פאַרצעלאַן. כ'גיי ווייטער, אַפן צווייטן שטאָק. און דאָ דערזע איך און גלויב ניט מיינע אייגענע אויגן. די צימערן זיינען איינגעאָרדנט, ווי אויף אַן אויסשטעלונג אין אַ געשעפט: ענגלישע, דייטשע, טשעכישע און פּוילישע פאַרצעליי, קרישטאָל און פּאַיאַנס. די פּאַרדינגסטפולע גרויסע רעגירונגס־באַאַמטע פון־אונטערן צייכן פון דעם טויטן־שאַרבן קלייבן זיך דאָ אויס, וואָס עס געפעלט זיי. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז די זאַכן, וועלכע מען האָט דאָ אָנגעזאַמלט אין די מאַגאַזינען פון ס"ס פירט מען אַרויס.

נומער 353.

דר. מאַטילדאַ לעוו

# אַן אַקציע אין שפּיטאָל

די טענטשן, וועלכע מען האָט דערשאָסן אין גאַס האָט מען צוזאַמענגעליינט אויפן שפּיטאָל־הויף. עס זיינען געווען עטלעכע הונדערט. מען האָט ניט

דערלויבט צו ראַטעווען די מענטשן, וועלכע זיינען געווען נאָך פאַרווונדעט. מען האָט געבראַכט עטלעכע זעלבסטמערדערינס, זיי האָבן נאָך געלעבט, אָבער ראַטעווען זיי האָט מען ניט דערלויבט. בעת דער „אַקציע" האָט מען פאַרנומען אַלע פּאַציענטן. נאָך באַנאַכט האָט די דירעקציע באַקומען אַ פאַראָרדענונג אַרויסצוגעבן פאַר די קראַנקע זייערע קליידער. אַפן צווייטן טאָג, נאָכמיטיק, האָט שוין קיינער פון זיי ניט געלעבט.

איינציקע געבורטן זיינען פאָרגעקומען אַף דעם כירורגישן אָפּטייל. די נייגעבוירענע האָט מען פאַרסמט, צוערשט מיט מאָרפין, און נאָכדעם, ווען עס האָט ניט געסטאַיעט קיין סם, האָט מען איינפאַך נישט אונטערגעבונדן דעם נופּן-שנור... עפּטער האָט מען געמאַכט קינסלעכע אָבאָרטן.

נומער 211.

## הורבן פענצטער פון אַ טראַמוויי *)

ווען דער טראַמוויי נומער „דריי" איז אַראָפּגעפאָרן פון דער בריק אַף פאַרגוזשע, האָט דער קאָנדוקטאָר הויך געזאָגט: „איך בעט אַלע פון פאָרנט אדיינגיין אינעווייניק אין וואַגאָן, מען טאָר נישט קוקן אין די פענצטער..." אַלע האָבן זיך דערשראָקן, מיר האָבן געוווסט, אַז עס קומט עפּעס פאַר שרעקלעכעס, ס'האָט אָבער קיינער נישט געוווסט וואָס. נישט קוקנדיק אַפן פאַרבאָט האָב איך מיך אוועקגעשטעלט אַזוי, אַז איך האָב געזען גוט פונעם טראַמוויי־פענצטער, וואָס עס טוט זיך אַף דער גאַס. אַפן פּלאַץ־זגאָדי זיינען געלעגן אַ 30 טויטע קערפּערס איבערגעדעקט מיט אַ ברעזענט. די געשטאַפּאָ־לייט האָבן געשאָסן צו ווענען עס איז זיי געפעלן. די טויטע קערפּערס פון די אויסגעהרגעטע יידן זיינען געשווומען אין בלוט. אין אַ געווויסן מאָמענט האָב איך געזען ,ווי צוויי קינדער פאַלן פון הריטן שטאָק, צוזאַמענגעבונדן. אַ ביסל ווייטער איז פונעם דריטן שטאָק אַרויסגעשפּרונגען אַ פרוי און געטוליעט אַ קליין קינד צו דער ברוסט. באַם אַריינגאַנג און אַרויסגאַנג פון געטאָ זיינען געשטאַנען געשטאַפּאָ־לייט מיט אויטאָמאַטן און געשאָסן אין די יידן, וועלכע מען האָט געיאָגט אַף די לאַסט-אויטאָס אַרויף. מען האָט אַרויסגעזעצט אַף די

---

*) דערציילט דורך אַ פּאָליאַק, אַן עדות, איבערגעגעבן דורך זאָפיאַ הראַדאָווא.

אויטאָס פרויען און מענער, אַ סך האָט מען ליקווידירט אַפן אָרט. נישט קוקנדיק דערויף, וואָס דער בראַמווי האָט געיאָגט, ווי אַ משוגענער און דאָס אַדורכפאָרן האָט געדויערט דריי אָדער פיר מינוט, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז דאָס דויערט אייביקייטן. מען האָט געהערט האַרצרייסנדיקע פאַר־צווייפלונגס־געשרייען און אַ שטאַרק געדיכטע שיסעריי. אין טראַמוויי האָט געהערשט אַ שטילקייט, וואָס האָט געגליווערט דאָס בלוט. בײַ די פרויען און אייניקע מענער זיינען געשטאַנען טרערן אין די אויגן. די קינדער האָבן זיך געהאַלטן בײַ די פיס פון די עלטערע און פאַרשטעקט די אויערן מיט די פינ-גערלעך, נישט צו הערן, וואָס עס טוט זיך. ווי לאַנג איך וועל לעבן, וועל איך דעם מאָמענט נים פאַרגעסן.

איך בין אַריינגעגאַנגען צו באַקאַנטע. איך בין געווען בײַ זיי אפשר אַ שעה, מען האָט געדאַרפט אַ היים פאָרן. איך האָב דערזען אַן אויטאָ פונעם דייטשן רויטן קרייץ, וואָס איז געפאָרן פון דער ריכטונג פון סקאַווינע. עס זיינען פון דעם אויטאָ אַרויס עטלעכע פערזאָן מיליטער־לייט און פרויען און צווישן זיי איין ייד, וועלכער האָט געמוזט מאַן, וואָס מען האָט אים געהייסן. די דאָזיקע גרופע האָט זיך אָפגעשטעלט בײַ יעדן דערשאָסענעם קרבן און דער ייד האָט געמוזט מיט אַ צוגעגרייטער שמאַטע פאַרבינדן דאָס פנים פון דעם דערשאָסענעם. די דייטשקעס האָבן מיט געלעכטער און חוזק אַראָפגע-נומען בײַ די קרבנות די זייגערלעך, פינגערלעך, פאַלטענס, פוטער־מאַנטלען, שיך אאַוו. דאָס פאַרבינדן מיט שמאַטעס די פנימער פון די קרבנות האָט, וואַרשיינלעך, געזאָלט פאַרהיטן פון עווענטועלע פרוון צו מאַכן פאָטאָגראַ-פישע אויפנאַמעס.

נומער 197.

מיעטשיסלאַוו פעמפער

---

## די פּרעזענטאַנץ פון די פאַרברעכער

צו די הויפט־שעפן האָבן געהערט דער געשטאַפּאָווער קערנער און זיין אויבערהער היינעמייער פונעם פאָלימישן אָפטייל „ס. ד" (זיכערהייטס־דינסט, — פאָפולער געשטאַפּאָ) אין קראָקאָוו, אף פאָמאַרסקאַ 2. זיי האָבן צוזאַמענגעשטעלט די ליסטעס פון די פאַרורטיילטע, וועלכע מען האָט אומ-געבראַכט דירעקט אין תפיסה אף מאָנטעלופּיך, אָדער מען האָט זיי אַרויס־

געשיקט קיין אָשוויענטשים מיט אַ נאָטיץ „פ. פ." (פּאָליטיש פערדעכטיג). ווייטער איז געווען דער רעפערענט וואגנער פון דער „צאָללפאהנדונג־שטעללע" (אמט צו פאַרשן די שטייערן און דעוויז־פאַרבּרעכנס) אף סאַרגאַ 2.

אין יוני 1942 האָט מען אַלע יידן אונטערוואָרפן דער אויסשליסלעכער קאָמפּעטענץ פון דער ס"ס. דער דאָזיקער יוני־באַפעל האָט געדינט אַלס „גײַ־זעצלעכער" גרונד פאַר אַלע אדורכגעפירטע אויסזידלונגען, ליקווידאַציע פון פאַרמעגנס, אַרויסשיקונגען אין די אַרבעטס און קאָנצענטראַציע־לאַגערן א. א.

# דריי פאַרבּרעכער

„אונטערשאַרפירער" ס"ס פילאַרזיק איז אַלט געווען אַ יאָר 28, אַ שנײַדער, הויכער, מאָגערער בלאָנדין האָט ער אָנגעהויבן זײַן קאַריערע מיט דער באַרימטער „אויסזידלונג" אין קראָקאָוו, דעם 28־טן אָקטאָבער 1942, וווּ, ווי ער האָט דערציילט, האָט ער דאָס ערשטע מאָל אין זײַן לעבן דערזען אַזוי פיל יידן אַף איין מאָל. ער איז געווען אַן אַלקאָהאָליקער און געהאַט אַ קראַנקן מאָגן. נאָך דער אָקטאָבער „אויסזידלונג" איז ער כמעט ביז צום סוף געווען דער רעפערענט פאַר יידישע ענינים. ווען ער פלעגט קומען אין געטאָ, זײַנען די גאַסן געוואָרן ווי אויסגעקערט. זײַן ערשטע גרויסע אַרבעט איז געווען דאָס אויסשיסן אַ גרופּע יונגע אַרבעטער, וועלכע זײַנען צוריקגעגאַנגען פון דער אַרבעט באַם בויען באַראַקן אַף יערוזאַלימסקאַ גאַס. מען האָט זיי דערשאָסן, ווייל זיי זײַנען אָפּגעשטאַנען פון דער קאָלאָנע, וועלכע איז צוריקגעגאַנגען אין געטאָ אַריין. ער פלעגט באַזונדער ווילדעווען בעת די גרעסערע אַקציעס אין געטאָ.

געמט אַמאָן (לעאָפּאָלד) „אונטערשטורמפירער, ס"ס", אַ מענטש באַ אַ צוויי מעטער די הויך, איבער 100 קילאָ די וואָג, אַ מעכטיקער בוי פון קערפּער — איז ער געווען דער מיטאָרגאַניזאַטאָר פון די טויטן־לאַגערן אין ביעלזשעץ, מײַדאַנעק, טרעבלינקע, סאָביבור. דעם 13־טן פעברואַר 1943 האָט מען אים באַשטימט „ס"ס־פּאָליציי־פירער" אינעם דיסטריקט „קראָקאָוו" אדורכצופירן אַ ספּעציעלע אויפגאַבע: ליקווידירן דאָס געטאָ אין קראָקאָוו. דאָס האָט ער אדורכגעפירט דעם 13־טן און 14־טן מערץ 1943. ער האָט פאַרניכטעט די געטאָס אין טאַרנאָוו, זשעשאָוו און פּשעמישל דעם 1־ן סעפּטעמבער 1943. ער איז דער הויפּטשולדיקער אין טויט פון טויזנטער יידן אין פּלאַשאָוו און

ער דערציט זיינע אונטערטעניקע ס"ס־לייט אין נייסט פון סאדיזם, אומ־פאראנטוואָרטלעכקייט און פאַרברעכן.

הויער אַלבערט, אַבערשאַרפירער ס"ס, העכער פון מיטלוווקס, בלאָנד, שטאַרקער קערפּער־בוי, אַנטיילגענומען אין ליקווידאַציע פון קראָקאָווער געטאָ, דעם 13־טן מערץ 1943, געווילדעוועט אין שפּיטאָל אויף יוזעפינקא 14. אין פּלאַשאָוו געווען אַ ריקזיכטסלאָזער און קאַלטער מערדער, געשאָסן שמייכלענדיק אויף שוצלאָזע מענטשן. אַ לאַנגע צייט האָט ער אַרויסגעענדיקט גאַנצע טראַנספּאָרטן, פּאָליאַקן און יידן, אין מאַנטעלופיך, ער האָט געהאַט אַ סימן אויפן פּנים, פון אַ ווונד מיט אַ מעסער. דאָס האָט ער באַקומען פון אַ תפיסה'ניק, וועלכער איז נעגאַנגען אויף טויט אין מאַנטעלופיך.

נומער 251.

אַלעקסאַנדער סאַלאָמאָנאָוויטש

# טאַרטורן

איך האָב געזען, ווי מען פּייניקט די קרבנות, מען שלאָגט מיט שפּיצ־רוטן אין פּנים, אין די אויגן. מען האָט געפּייניקט און געמאַטערט מיט אָר־בעט, מיט איבונגען. מען האָט אויפגעהאַנגען אויף אַ סלופּ, מיט אויף הינטן־פאַרבונדענע הענט, און געשלאָגן מיט דרעגנער און אייזערנע שטאַנגען ביז חלשות.

נומער 65.

יוזעף קאַפּאָטאַ

# אַ פראַגמענט

פון זומער 1942 האָב איך געאַרבעט אין די אויטאָ־וואַרשטאַטן פונעם געשטאַפּאָ אויף קאָנאַרסקיעגאָ. בעת דער אויסזידלונג פון קראָקע האָט מען די אַרבעטער פונעם וואַרשטאַט, 24 מאַן, פאַרשיקט אַלס „פּאָליטישע העפט־לינגע" אין תפיסה אויף מאַנטעלופיך. דאָרט האָט מען אונדז אַריינגעזעצט אין דער אַלגעמיינער קאַמער. עס זיינען דאָרט געווען 60 מענטשן. אינדערבײַ

האָבן מיר באַקומען שוואַרצע קאַווע און אַ האַלבע קילאָ ברויט, אויף 6 מענטשן. אויף מיטיק — אַ זופּ און אַפּדערנאַכט, שוואַרצע קאַווע, וועלכע מיר פלעגן אָפט אויך נישט באַקומען, ווייל מיר פלעגן שפּעט קומען פון דער אַרבעט. די אַרבעט האָט געדויערט ביז 6 אין אָוונט, אָבער אָפט האָט מען זי פאַרלענגערט.

שבועות 1942 האָב איך געזען די עקזעקוציע פון צוויי יונגע יידישע מיידלעך, וועלכע מען האָט אַרעסטירט פאַר איבערהאַלטן זיך „אויף אַרישע פּאַפּירן", מען האָט זיי אומגעבראַכט 5 אַ זייגער אינדערפרי.

נומער 147.

ראָזאַ גייסלער

---

# אין קאַמער אַף מאָנטעלופּיך

מען האָט מיך אַפּגעפירט אַף מאָנטעלופּיך. דער פאַרהער האָט געדויערט פון 10 אינדערפרי ביז 10 אין אָוונט. מען האָט מיך געפרעגט, צי איך בין אַ יידישקע און אַזוי געשלאָגן איבערן פּנים, אַז דער קאָפּ איז מיר פאַרשטאַרט געוואָרן און איך האָב שוין נים געפילט די קלעפּ. „אונטערשטורמפירער" באָגנע האָט מיר צעשלאָגן די פּים מיטן שפּיצרוט אַזוי, אַז זיי זיינען געווען איינגאַנצן שוואַרץ. נאָכדעם האָט ער מיר געהייסן זיך אַוועקשטעלן מיטן פּנים צום אויוון און געזאָגט, אַז איך וועל דאָ אַזוי לאַנג שטיין, ביז איך וועל אָנוואַרעמען דעם אויוון, און מיטן שפּיצרוט האָט ער דערווייל געשלאָגן אין נאַקן. ער האָט מיר געגעבן צוויי מינוט צייט, איך זאָל זיך מודה זיין. נאָר שוין אין אַ רגע אַרום האָט ער מיר געהייסן אונטערשטעלן די הענט און געשלאָגן מיטן שפּיצרוט איבער איינער און איבער דער צווייטער. די הענט זיינען מיר פון ווייטיק איינגעשרומפּן געוואָרן. ער האָט אַראָפּגעצויגן פון מיר דעם זשאַקעט און שפּעטער אין איין לייבטער בלוזקעלע, מיט אַ קליידל, האָט מען מיך אַראָפּגעפירט אין קעלער אַריין.

אינמיטן קעלער זיינען געשטאַנען צוויי אויסגעהוילטע, הילצערנע באַקן, דעם קאָפּ האָט מען מיר איינגעשפּאַרט אין איינעם און דעם פוס אַפּן צווייטן. דער „איבערזעצער" האָט געהאַלטן באַם קאָפּ און באָגנע האָט געשלאָגן. בא דער לינקער האַנט איז געשטאַנען אַן אייזערן בעטל און אַפּן

בעטל א ברעט שיעף אוועקגעלייגט. די וועלכע זיינען געפאלן אין חלשות האט מען געלייגט מיט די פיס ארויף, מיטן קאפ אראפ. אין דער רעכטער האנט איז געשטאנען א גרויסער קאסטן מיט פארשיידענע מכשירים צום פייניקן: א ברוסט־שטיין פון אייזן, צו פארציען אף דעם ברוסט־קאסטן, א גאז־מאסקע, שפריצן, נאדלען ארונטערצוקלאפן אונטער די נעגל, דיקע מיט דינע עקן, קייטן, שלעסער. פונעם סופיט האט אראפגעהאנגען עפעס ענלעכעס צו א הוידעלקע, שטריק, אף אונטערצוהענגען מענטשן בא די הענט, אונטער דעם אלעם א טיש און אפן טיש א לייטער. דער קעלער איז געווען א הויבער, עס איז געווען וואסערלייטונג און צוויי עמערס זיינען געשטאנען דערנעבן.

באנע האט מיר דאס אלצדינג געוויזן און געדראעט, אז מען וועט דאס אלץ אף מיר אנווענדן. דער „איבערזעצער" האט מיך אוועקגעלייגט אף די הילצערנע באקן און געהאלטן באם קאפ און באנע האט געשלאגן. איך האב געדארפט ציילן ביז 25 און, אז איך האב אויפגעהערט ציילן, האב איך געמוזט אנהויבן פונסניי. פון אנהויב האב איך געשריען, אבער נאכדעם האב איך שוין ניט געפילט די קלעפ. מען האט מיך אויפגעהויבן און געהייסן זיך מודה זיין. ווען איך האב נישט געוואלט, האט באנע מיר געהייסן זיך ווידער אוועקלייגן. איך האב זיך אקעגנגעשטעלט און ניט געלאזט זיך ארויסשלעפן פונעם ווינקל. דאר האט ער מיר געגעבן דריי קלעפ מיטן שפיצרוט איבערן קאפ אזוי, אז איך האב פארלארן דאס באוווסטזיין. ווען איך בין צו זיך געקומען, בין איך געלעגן אפן בעטל. מיינע מערדער האבן מיך אראפגעשלעפט און געהייסן זיך אפוואשן. איך האב געהאט אנגעוויטיקטע הענט, האב איך דאס געטאן נישט געשיקט. דאן האט דער איבערזעצער באמערקט, אז כאטש מיין אויסזען פאראט נישט אין מיר קיין יידיש קינד, פאראטן מיך מיינע באוועגונגען... פון דאנעט האט מען מיר געהייסן גיין אפן דריטן שטאק אונטערשרייבן דעם פראטאקאל, נאר איך האב ניט געקאנט גיין. האט מען מיך אונטערגעשטופט ארויף, אויפהויבנדיק אונטער די ארעמס. אוועקזעצן זיך האט מען נים־דערלויבט, קיין ביסל וואסער נישט געגעבן, דעם פראטאקאל האב איך נישט אונטערגעשריבן, ווייל מען האט מיר אים ניט געוואלט אדורכלייענען. 2 א זייגער האט מען מיך ווידער פארמאכט אין קעלער.

א גרויסע קאמער, בעטאן. פיר קליינע פענצטערלעך, פארקראטעוועטע פענצטער. דער אויוון איז ערגעץ נישט געהייצט. קאלאנעס, זיילן. עס האט אויסגעזען, ווי אין קאטאקאמבעס. שמוציקע שטרוי־זעק, אן קאלדרעס, ווייניק וואסער, קיין שיסלען זיינען ניט געווען. קיין דאקטאר איז נישט געקומען און צו קיין דאקטאר האט מען ניט געלאזט גיין. די געשטאפא־לייט האבן דורכן

פענצטער אריינגעגאסן וואסער. פון צייט צו צייט נעשאסן אין די פענצטער אריין, ווען עס האט זיך עמיצער באם פענצטער באוויזן. בעת די טראנספארטן (יעדע 4–5 וואכן) פלעגן די געשטאפא־לייט אריינפאלן, שלאגן, קאפען מיט די פיס. די אויפזעערקע האט אדורכגעלייענט א צעטל פון די, וועלכע האבן זיך מודה געווען, אז זיי זיינען יידישע קינדער. מען האט זיי געפירט, ווי בהמות צו דער שחיטה, אונטער ביקסן, געשטופט, געשטויסן און ארויסגעפירט אין די לאגערן, אדער צום שיסן.

אין דער קאמער האט מען מיך געבראכט אין א קלענגלעכן צושטאנד. די איבעריקע ארעסטירטע האבן אלארמירט די אויפזעערין, זי זאל ברענגען א דאקטאר. א דאקטאר, אויך א תפיסה'ניק, האט מיר געמאכט א באנדאזש. אך האב נעהאט צוויי לעכער אין קאפ. איך האב נאך ביז איצט סימנים.

יעדן אינדערפרי האבן מיר געמוזט אפזינגען אזא געבעט „יודעשפרוך":

„וויר יודען זינד שולד אן אללעם, אם קריעג אונד אונגליק. וואדורך דאס דויטשע קאסטבארע בלוט פערגאססען ווערדען מוססטע. וויר יודען זינד שווינדלער, וויר יודען זינד גאונער אונד די גרעססטען פערברעכער. פלוך איבער אונדז, יודען".

נומער 226.

# לעמבערג

רעזא וואגנער

## די אוקראינער „הוליען"

עס זיינען געווען טעג און נעכט פון שרעק. עס איז זעלטן ווער געשלאפן אין שטוב, מען האט זיך אויסבאהאלטן אין די קעלערס, אף די בוידעמס אאוו. מען האט שוין דעמאלט אנגעהויבן צו קאמבינירן באהעלטענישן און שוצערטער. איינמאל, דאס איז געווען דינסטיק, האב איך זיך געפונען אין א גרויס געפאר. איך וועל דאס באשרייבן מיט פרטים. איך האב געוווינט מיט מיין גאנצער משפחה אף זאמארסטינאווסקא, לעבן דער תפיסה. פון אינדערפרי אן אין דעם טאג זיינען געווען קלאנגען, אז מען כאפט יידן אף די גאסן. פונעם הויז האט קיינער ניט געוואגט ארויסצוגיין, ווייל ס'איז

געווען עפּעס אַן אוקראַינישער הנאָ און מען האָט פאַרגעזען סורפּריזן. מען האָט באַזונדערס מורא געהאַט וועגן די מענער. אַפן צווייטן שטאָק, בא איינער פון די שכנה׳טעס אין אונדזער הויז, האָבן מיר אַנטדעקט אַ וווינונג מיט אַ ספּעציעל גליקלעכער אָרדענונג פון די צימערן.

פון דער קיך האָט געפירט אַ שמאָלע טיר אין קלאָזעט, וועלכער איז פון דער זייט פונעם באַלקאָן כמעט ניט געווען צום זען. די טיר האָט מען פאַר־מאַסקירט ד. ה. בא דער טיר אַוועקגעשטעלט דעם קרעדענץ און אַזוי אַרום איז עס געוואָרן אַ באַהעלטעניש פאַר די מענער. אַזוי ווי מיר האָבן געוווינט אין פּאַרטער האָבן מיר מורא געהאַט צו בלייבן אין דער היים. די גאַנצע משפחה מיינע האָט זיך פאַרקליבן צו דער אויבנדערמאָנטער שכנטע, און איך בין געבליבן אַפן גאַניק אין פּאַרטער, כדי אַפן פאַל פון עפּעס אַ געפאַר זאָל איך געבן אַ צייכן דער שוועסטער, וועלכע האָט דיזשורירט אַפן צווייטן שטאָק, אַז די מענער זאָלן זיך באַהאַלטן. עס זיינען געווען ביז צוואַנציק מענטשן און זיי האָבן נישט געסאָנט די גאַנצע צייט זיצן אין דעם קליינעם באַהעלטעניש, אין קלאָזעט. מיר האָבן זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז אויך פרויען דראָעט א געפאַר. ס׳איז געווען 11 אַ זייגער פאַרמיטיק. מען האָט געזאָגט, אַז דורך די גאַסן פירן די אוקראַינער גאַנצע קאָלאָנעס מענער און פרויען — יידן. מיר האָבן זיך אָבער נישט אָפּגעגעבן קיין רעכענונג, וואָס עס טוט זיך. פּלוצים האָט זיך אין טויער באַוויזן עפּעס אַ שייגעץ מיט אַ פיזיאָנאָמיע פון א באַנדיט. מיט אַ מינע פול מיט סאַרקאַזם און שנאה האָט ער געזאָגט: „קומט נאָר, פּאַניענקאָ, אַרבעטן אַביסל״... ס׳איז אין מיר אָפּגעשטאָרבן יעדער אבר. מען וועט אונדז נעמען אין די „טרופּן״... דאָך בין איך אָן איין וואָרט, נישט געבעטן און זיך נישט אָקעגנגעשטעלט, אים נאָכגעגאַנגען, צופרידן דערפון, וואָס אַפן צווייטן שטאָק וועט מען זיך באַוויזן אויסצובאַהאַלטן.

איך בין נאָר אַרויסגעגאַנגען פונעם טויער, ווי ס׳האָבן מיך אַרומ־גערינגלט אַ המון גאַס־שקצימלעך. מען האָט מיך געשטופּט און געשטויסן אין דער ריכטונג צו די קאַזאַרמעס.. פאַר די קאַזאַרמעס איז געשטאַנען אַ שפּאַ־ליער פון מענער, פרויען און קינדער, דאָס אָפּפאַל פון שטאָט. איידער איך האָב זיך אַרומגעקוקט, האָב איך געכאַפּט אַ פּאַטש אין פּנים. ווילדע געשרייען. עמיצער האָט מיך געכאַפּט בא די האָר און מען האָט מיך געוואָרפן, ווי אַ באַלעם פון האַנט צו האַנט, ביז איך האָב דערגרייכט דעם טויער פון די קאַזאַרמעס און פון דאָרטן דורך שטויסן, שטיפן, קאַפּן בין איך אַריינגע־פאַלן אַפן הויף.

באַטויבט, האָב פאַרהלשט פון ווייטיק ,האָב איך אינסטינקטיוו דער־פילט, אַז דאָס זיכערסטע וועט זיין, וואָס שנעלער זיך צו דערווייטערן פונעם אריינגאַנג און זיך נעמען צו דער אַרבעט.

איך האָב, אַלזאָ, אויסגענוצט דעם מאָמענט, ווען מיינע מערדער האָבן אָנגעהויבן ארויפנעמען א צווייטן קרבן, זיך ארויסגערוקט אינמיטן הויף, וווּ עס זיינען שוין געווען הונדערטער מענער, פרויען און קינדער.

— „וואָס איז דאָ צו טאָן?" — פרעג איך מיין נאָנטסטע שכנה'טע.

— „איך בעט נישט ריידן", — זאָגט מיר יענע — „בויגט זיך אָן און שאַרט צוזאַמען מיט די הענט דאָס זאַמד. ווען עמיצער פון די גאַסנמערדער וועט באַמערקן, אַז איר טוט דאָס נישט, וועט מען ווידער אָנהויבן שלאָגן און פייניקן..."

איך האָב שוין מער נישט באַדאַרפט קיין שום דערקלערונגען. נישט די אַרבעט איז געווען דער ציל צוליב וועלכער מען האָט אהער געבראַכט די אומגליקלעכע קרבנות. איך האָב זיך גענומען צו דער אַרבעט. אין איין וועג האָב איך געקוקט אין דעם אריינגאַנג-טויער און מיט פאַרלייכטערונג באַמערקט, אַז צווישן די אַלע מאָל ניי־אָנגעבראַכטע מענטשן זיינען נישטאָ מיינע נאָנטסטע. די „פאַרוויילונג" איז דערווייל געוואַקסן. אומענטשלעכע געשרייען, צעקלאַפּטע קעפּ, צעממית'טע קערפּערס. די אָנגעשוואָלענע פּנימער פון די געשלאָגענע, פאַרגאָסן מיט בלוט אויסגעמישט מיט בלאָטע, האָבן פריי־געלאָזט די ווילדע אינסטינקטן פון המון. פאַרהלשטע פרויען און אַלטע יידן, וועלכע זיינען שוין געלעגן אָן אָטעם אויף דער ערד, האָט מען נאָך געשלאָגן מיט ווילדער פרייד. מיט שטעקנס, געקאָפּעט מיט די פיס און געשלעפּט איבער דער ערד. פון די צעקאַליעטשעטע און פאַרבלוטיקטע קערפּערס האָט מען אַראָפּגעצויגן דאָס אָנטועכץ, אָן אונטערשייד, צי מאַן צי פרוי.. מיר, וועלכע האָבן שוין געהאַט דעם דאָזיקן גיהנום הינטער זיך זיינען געשטאַנען אָנגעבויגן און צוזאַמענגעשאַרט דאָס זאַמד מיט די הענט אין בערגלעך און געקוקט מיט פחד אויף דעם אַלעם. און ווען די צעלאָזטע מערדער האָבן אַראָפּגעריסן פון עפּעס א פרוי אַלע קליידער און מיט שטעקנס געשלאָגן איר נאַקעט לייב, האָבן די דייטשע זעלנער, וועלכע זיינען אַרומגעגאַנגען איבערן הויף, און מיר האָבן געבעטן, זיי זאָלן איינמישן — געענטפערט:

— „דאָס איסט די ראַכע דער אוקראַינער".

זיי זיינען דורכגעגאַנגען מיט מינעס פון הערשער און פאָטאָגראַפירט די נאַקעטע פרויען: — „דאָס ווירד איס „שטירמער" זיין".

# „דער טויער פון טויט"

דער לעצטער טערמין צו איבערפירן זיך אין געטא איז געווען דער 7-טער סעפטעמבער 1942, נאכדעם, ווי מען האט אדורכגעפירט מאסן־אקציעס, און די רעשט באזעצט אף א פארענגט שטיקל ארט. נאך איידער ס'האבן זיך אנגעהויבן די מאסן־אקציעס זיינען פארגעקומען א רייע פאראיינצלטע אקציעס, וועלכע האבן אין פארשיידענע פארמען, טאג־איין, טאג־אויס, אויפגעפרעסן צענדליקער קרבנות.

עס געדענקט זיך דער „טויער פון טויט" אונטער דער בריק, אף פעלטעווונע גאס, באשטימט אלס אריינגאנג אין געטא. וויפל אומשולדיק בלוט פון אלטע לייט, פרויען און מענער איז דא פארגאסן געווארן פון נאוועמבער 1941, ד. ה. פון דער צייט, ווען מען האט זיך אנגעהויבן איבערפירן אין דעם יידישן טייל! די בילדער פון יענעם אריבערפירן זיך האבן זיך געלייגט, ווי שווערע שטיינער אף אונדזערע הערצער און נשמות. שפעטער און מיט דער צייט זיינען מיר שוין אזוי געוווינט געווארן צו די היטלעריסטישע בארבאריען, אז זיי האבן שוין אויפגעהערט צו מאכן אף אונדז א שטארקערן איינדרוק, אויב דאס האט ניט אריינגעכאפט עמיצן פון דער גאר נאנטסטער משפחה. אבער דאס בילד פון די מאסן־אריבערפירן זיך אין געטא אריין, וועט ווארשיינלעך אלעמען בלייבן אין זכרון.

שוין פון גאנץ קאיאר אן, ביז שפעט אין דער נאכט זיינען די גאסן זאמארסטינאווסקא און פעלטעווונא, געווען פארשטאפט מיט פורן און פורלעך, אנגעלייגט מיט יידישן האב און גוטס. צווישן די פורלעך זיינען נעגאנגען צו פוס די ארעמעלייט, הויפזאבלעך פרויען, וועלכע האבן איבערנעטראגן זייער ביסל ארעמקייט אין זעק און אין בינטלעך, אף די פלייצעס. מען האט געקענט מיט זיך מיטנעמען אלצדינג, מען האט נאר געדארפט גליקלעך אריבערקומען דעם „טויער פון טויט". אונטער דער בריק אף פעלטעווונע, זשולקעווסקא און זאמארסטינאווסקא האט מען נישט פריי נעלאזט קיין יידן. עס האט דארט אפגעווארט א באנדע מערדער, געשטאפאלייט. פון די אריבערגעפירטע זאכן האבן זיי זיך אויסגעקליבן, וואס עס איז זיי געפעלן און דערביי פארהאלטן די אינהאבער פון די זאכן. די וועלכע מען האט גליקלעך פרייגעלאזט האבן דערציילט וועגן פייניקן דארט, געשיכטעס, פון וועלכע עס האט געגליווערט דאס בלוט אין די אדערן.

עס האט מיר דערציילט אן עדות, וועלכער האט אליין געזען, ווי מען האט איינגעארדנט א „פארשטעלונג", א פארווייילונג אפן חשבון פון די

פארהאלטענע יידן. מען האט אויסגעקליבן א דארן הויכן ייד און א קליינע, דיקע יידענע און, באוואפנדיק דאס טראגי-קאמישע פאר מיט שטעקנס, געהייסן שלאגן די אויסגעשטעלטע אין דער רייע אנדערע יידן. די געשרייען פון די געשלאגענע זיינען פארהילכט געווארן דורך דעם געלעכטער פון דער באנדע.

נומער 144.

סאלאמאן לעחלער

## מען סטראשעט

איך בין ארויסגעגאנגען פון דער היים און האב זיך אויפמערקזאם ארומגעקוקט איבער די גאסן ,אויסמיידנדיק פון דער ווייטנס פארדעכטיקטע פערזאנען. איך האב געקוקט אויסצומיידן דייטשן, וועלכע האבן „געכאפט" יידן צו ארבעט. און פונקט, ווען איך האב ארייגעדרייט פון א זייטן געסל אף פעלטשינסקא־גאס, האב איך זיך פלוצים אנגעשטויסן אף א געשטאפאוועץ, וועלכער האט געפירט א גרופע פון 4 יידן. עס איז געוועזן שפעט זיך צוריקצוציען. איך האב געוואלט די דאזיקע גרופע אומבאמערקט אויסמיידן, ווי פלוצים, א געשריי: „דו,יודע, קאם הער!" — האט מיך פארהאלטן אפן ארט. א רגע שפעטער בין איך געשטאנען אין דער רייע דער פינפטער.

מיר זיינען געגאנגען נאך א געוויסע צייט איבער די נאנטסטע געסלעך, ביז דער געשטאפאוועץ, וועלכער האט אונדז געפירט, האט אויסקאמפלער־מירט זיין אפטייל ביז 10 מאן. דאן האט ער אונדז אפגעפירט אין געשטאפא, אף פעלטשינסקא. דארט האט מען אונדז אריינגעפירט אין א צימער אפן פארטער. א צימער אינגאנצן אן מעבל, נאר א באנק איז געשטאנען בא דער וואנט.

מען האט אונדז געלאזט אליין. אין א האלבער שעה ארום האט זיך געעפנט די טיר און עס איז אריינגעקומען שוין אן אנדערער געשטאפאוועץ פון אזא מין אויסזען, אז שוין זיין אויסערלעכקייט אליין האט געקאנט דעם מוטיקסטן מענטשן ברענגען אין א ציטער: א הויכער, ברייטביינערדיקער, מיט א פנים פון א פראפעסיאנעלן פארברעכער, א קאטאוזשניס, וועלכער האט נאך מיאוסער אויסגעזען צוליב א סימן פון א פארהיילטער וונד איבערן פנים, פונעם אויג ביזן מויל. אנגעטאן איז ער געווען אין א מונדיר און איבערן מונדיר מ'ער נאך געהאט אף זיך א ווייסן פארטעך, ווי א קיילער, און

אין דער האַנט — אַ לאַנג קיילער־מעסער, וואָס האָט געהאָנגען אויף אַ רימען...
די דאָזיקע פּרטים זיינען מיר געבליבן איינגעקריצט אין זכרון, נישט קוקנדיק
אויף דער לאַנגע, אין וועלכער איך האָב זיך דערמאָלט געפונען.

דער געשטאַפּאָניק איז צוגעקומען צו אונדז, ברייט צעשטעלט די פיס,
אָנגעשפּאַרט די הענט אין די זייטן און אָנגעהויבן זיך אריינקוקן אין אונדז,
אין איינעם נאָכן צווייטן מיט אַ מאָדנעם אומבאַוועגלעכן בליק. ס׳האָט זיך
מיר אויסגעוויזן, אַז דאָס דויערט יאָרהונדערטער. צום סוף האָט ער אויס-
געקליבן איינעם פון אונדז. ער האָט אַ רוף געטאָן מיטן פינגער,
און איין וואָרט צו זאָגן, געהייסן גיין נאָך זיך. מיר זיינען געבליבן אין צימער
9 מענטשן וואַרטן אויף אונדזער גורל. פּלוצים האָט די לופט איבערגעשניטן אַ
געשריי, ווי פון אַ לעבעדיק געקוילעטן באַשעפעניש. עס איז ניט געווען קיין
געשריי וועגן הילף, נאָר אַ געשריי, וואָס רייסט זיך אַרויס פון האַלדז פון
טויט־שרעק, אין דער לעצטער מינוט... מיר האָבן זיך צלע אַ ריס געטאָן פון
דער באַנק. דער פּחד האָט אונדז געכאַפּט באַם גאָרגל. נאָכדעם איז שטיל
געוואָרן.

מיר האָבן נישט באַוויזן צו זיך צו קומען, ווי די טיר האָט זיך ווידער
געעפנט און אין צימער איז אריין דער זעלבער געשטאַפּאָניק אין אַ פאַרבלוט־
טיקטן פאַרטעך און מיטן מעסער, פון וועלכן עס האָט נאָך גערונען דאָס
פרישע בלוט, און ווידער, און איין וואָרט, נאָר מיט אַ ווונק געהייסן גיין אַ
צווייטן פון אונדז. דאָס איז געווען אַ יונגער, אפשר 18-יעריקער יינגל. נאָך
זייער אַוועקגיין האָט אַ טויט־שטילקייט ארומגעכאַפּט די איבעריקע אין
צימער און פּלוצים — ווידער אַזאַ מין אויסטערלישער געשריי האָט איבער־
געריסן די שטילקייט. דאָס האַרץ האָט אַזוי געקלאַפּט, אַז עס האָט זיך
אויסגעוויזן, אַז דאָס קלאַפּן פון בלוט וועט צעררייסן דעם מוח און דאָס האַרץ.
אין אַ מאָמענט שפּעטער איז דער געשטאַפּאָניק אריינגעקומען נאָך דעם
דריטן, נאָכדעם נאָכן פערטן און פינפטן קרבן.

איך בין געווען דער זיבעטער אין דער רייע. איך בין שוין געווען אין
גאַנצן דערשעפּט, איך האָב שוין ניט געפילט דעם שודער פון דער לאַגע. איך
האָב געוווסט, וואָס עס וואַרט אויף מיר, דערמאָנט די עלטערן, די פאַמיליע,
וועלכע איך וועל שוין קיינמאָל ניט זען, און נאָכדעם, שוין כמעט איננאַנצן
אַ גלייכגילטיקער, געגאַנגען נאָך מיין וועגווייזער... דער וועג איז געווען ניט
קיין ווייטער, דורכן קאָרידאָר, כמעט אַקעגן איז געווען אַ טיר. מיר זיינען
אריינגעגאַנגען און איך בין געבליבן שטיין, ווי אַ סלופּ. דאָס בילד, וועלכעס
איך האָב דערזען איז געווען אַזוי אומדערוואַרט, אַז עס האָט געווירקט ווי

מיט א שטיין אין קאָפּ אריין. איך האָב זיך פון פארוואונדערונג ניט געקאָנט רירן פונעם אָרט: אָט זיצן אַלע מיינע זעקס פאָרגענגער, וועלכע איך האָב שוין געהאלטן פאר לעבעדיק־אונטערגעשאָכטענע, זיי זיצן און פליקן אָפּ די פעדערן בא געשאָכטענע גענז און הינער...

נומער 46.

יאָקוב דוויטעל

## דריי פּאָגראָמען. אין תפיסה. ציאַנקאַלי

דעם 2־טן יולי 1941 ד. ה. אפן צווייטן טאָג נאָכדעם, ווי די דייטשן האָבן פארנומען לעמבערג, איז דאָ פאָרגעקומען דער ערשטער פּאָגראָם. א חוץ דייטשן האָט אין דעם פּאָגראָם אָנטיילגענומען די אונטערוועלט פון צווישן דער אָרטיקער באפעלקערונג. די יידן האָט מען ארויסגעשלעפּט פון די היימען און נאָכן בארויבן און צעממיתן געיאָגט, גרופּנווייז, אפן הויף פון תפיסה, אַף זאמארסטינאָווסקאַ. אין דער צייט בין איך געווען אין גאַס. איך האָב באוויזן זיך אויסצובאהאלטן אין א הויז בא א באקאנטן פּאָליאַק, פון וואַנעט איך האָב געזען, וואָס עס טוט זיך אַף דער גאַס.

איך האָב געזען א סך יידן שרעקלעך צעשלאָגענע, צעקאַליעטשעטע, ביז נאָקעט אויסגעטאָנענע פרויען און קינדער, אַלטע מענטשן, וועלכע זייענען אָפּגעגאַנגען מיט בלוט, און געפאלן אַף דער גאַס. די דייטשע „העלדן" האָבן זיך מחיה געווען מיט דעם דאָזיקן בילד און געמאכט פּאָטאָגראַפישע בילדער.

דעם 5־טן יולי 1941 איז פּאָרגעקומען דער צווייטער פּאָגראָם אַף יידן אין לעמבערג. דאָס מאָל האָט מען פארנומען עטלעכע טויזנט יידן, כלומרשט, אַף ארבעט. מען האָט זיי פארשלעפּט אפן אַלטן טענים־פּלאַץ, אַף פּעל־טשינסקאַ גאַס, לעבן געשטאַפּאָ. פון דאָנעט זייַנען זיי שוין צו זייערע היימען ניט צוריקגעקומען. מען האָט זיי דאָרט געהאלטן דריי מעת־לעת, אָן עסן און אָן טרינקען, שרעקלעך געפּייניקט און דעם 8־טן יולי ארויסגעפירט אַף „פּיאַסקי" אַף אומצוברענגען. איך האָב דעמאָלט פארלוירן א ברודער און צוויי פעטערס.

מיט 4 וואָכן שפּעטער, אין יאָרטאָג, ווען מען האָט דערמאָרדעט פּעט־ליורען, איז פאָרגעקומען דער דריטער פּאָגראָם אַף יידן. דאָס מאָל האָט מען

צוזאַמענגענומען יידן פון דער גאַנצער שטאָט: מענער, פרויען און קינדער. אַפן תפיסה־הויף, אַף דער לאַנצקעגאַס, וווּ עס איז פאָרגעקומען אַ פאַר־מעלע הריגה. מען האָט דערהרגעט מיט אייזערנע שטאַנגען, געטמיתט, קינדער זיינען אומגעקומען אַף די אויגן פון עלטערן, עלטערן אַף די אויגן פון קינדער. עס זיינען געפאַלן עטלעכע טויזנט קרבנות. איך האָב געזען צווישן זיי באַקאַנטע און קאָלעגן, און דער באַוווּסטזיין, אַז איך קאָן זיי מיט גאָרנישט העלפן, איז געווען שרעקלעך.

אין געשטאַפאָ זיינען געווען באַשעפטיקט אַ 600 יידן, די גרעסטע טייל רעקרוטירט פון צווישן דער אינטעליגענץ, וועלכע מען האָט בביזיון געצוווּנגען צו שווערער פיזישער אַרבעט. די דאָזיקע מענטשן האָבן געאַרבעט באַם אויסבויען די אויטאָ־גאַראַזשן. דער הויפט־תליון איז געווען דער „ס״ס־האַופשאַרפירער״ קייזער. זיין זאַך איז געווען מעגלעך צו דערליידיקן עטלעכע פון די שווער אַרבעטנדיקע יידן. נישט איינמאָל האָט מען אַוועקגענומען אַ קינד פון אַ טאַטן און ווען דער טאַטע האָט געבעטן רחמים פאַרן קינד, איז ער אויך אומגעקומען פון די הענט פונעם מערדער. נישט איינמאָל האָט אַ מאַמע, וועלכע איז געקומען פרעגן פאַר וואָס איר קינד איז נישט אַ היים געקומען פון דער אַרבעט, געטיילט דעם גורל פונעם קינד!...

נאָכדעם, ווי מען האָט פאַרענדיקט דעם הויפט־בוי פון דער תפיסה, נאָך דריי חדשים, האָט זיך אָנגעהויבן אַ ספּעציעלע אַרבעט. מען האָט געדאַרפט צעראַפּעמען די מצבות פונעם יידישן בית־עולם און ברוקירן מיט זיי די גרויסע הויפן און אויסמויערן די פאַרבויאונגען באַם געשטאַפאָ און באַ דער תפיסה. אַלס אויפזעערס האָט מען אַוועקגעשטעלט סאַדיסטן און אכזרים, וועלכע זיינען געשטאַנען מיט די זייגערלעך אין די הענט און געצוווּנגען אין דעם קורצסטן טערמין אויסצופירן אַן אַרבעט, וואָס איז געווען אוממעגלעך אַדורכצופירן, אפילו באַ די איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען פון די אומגליקלעכע אַרבעטער. די סאַדיסטן האָבן גענומען צו דער דאָזיקער אַרבעט אינטעליגענטלער, וועלכע האָבן נישט געהאַט די פיזישע אויסגעאיבטקייט צו אַזאַ אַרבעט. די אויסוואורפן זיינען דערגאַנגען דערצו, אַז זיי האָבן די אויסגעמאַטערטע, אויסגעהונגערטע מענטשן דערשאָסן און דערשטיקט. ספּעציאַליסטן אין דעם זיינען געווען ס״ס־אָבערשאַרפירער קאַרל אולמער, ס״ס־אָבערשאַרפירער גלייכער, ס״ס־מאַן מילער און אַנדערע.

נאָרמאַל זיינען אַלע צוויי וואָכן פאָרגעקומען אין תפיסה „אויס־זידלונגס״־אַקציעס פון יידן, וועלכע מען האָט געכאַפט און אַרעסטירט אין שטאָט. בעת אַזעלכע אַקציעס פלעגן פאָרקומען האַרצרייסנדיקע סצענעס.

מען פלענט אַף די אויטאָס אַרויפוואַרפן נאַקעטע פרויען און מענער און קינדער. נישט איינמאָל האָט זיך געטראָפן, ווען די אויטאָס זיינען ניט באַצייטנס אַרויסגעפאָרן, פלעגן די געשטאַפּאָ־לייט אָנרייצן אַף די אומגליקלעכע די הינט, אָדער, אין גרויסע פרעסט, זיי אָפּגיסן מיט קאַלט וואַסער א. ד. ג.

בעת די אויסזידלונגס-אַקציעס האָב איך אפּן הויף פון דער תפיסה געזען באַקאַנטע פּערזענלעכקייטן, מיינע באַקאַנטע צווישן דער אינטעליגענץ: דאָקטוירים, אינזשיניערן, אַדוואָקאַטן און פּראָפעסאָרן, וועלכע זיינען דאָן אַף אַ שרעקלעכן אופן אומגעבראַכט געוואָרן.

אַלס שטענדיקער תפיסה'ניק, האָב איך אַמאָל מיט געפאַר פאַרן לעבן גערעדט מיט די מענטשן. זיי האָבן געפרעגט, וואָס עס וועט מיט זיי זיין. איניקע, ווייסנדיק, וואָס ס'וואַרט אַף זיי, זיינען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, מען האָט זיך אויפגעהאַנגען אָדער איבערגעשניטן די אָדערן.

אין די דאָזיקע אויסזידלונגס-אַקציעס האָט זיך מיט אַ ספּעציעלן סאַדיזם און ברוטאַליטעט אויסגעצייכנט דער פאַרטרעטער פונעם שעף פון דער תפיסה, ס"ס־אָבערשאַרפירער, מערטענס. דאָס איז געווען אַן אויסגעשפּראָכענער סאַדיסט, די פאַרקערפּערונג פונעם טייוול אַליין, ער איז געווען דער שרעק פון דער גאַנצער תפיסה. ווען ער האָט דערזען אַ ניי־געקומענעם אַרעסטירטן, האָט זיך זיין מויל אויסגעקרימט אין אַ שמייכעלע. ער איז געווען דער אויספירער פון די טויט-אורטיילן. זיין ספּעציאַליטעט איז געווען שיסן אין נאַקן. ער האָט זיך אויך פאַרנומען מיט דרעסירן גרויסע הינט. די דאָזיקע הינט פלעגן צערייסן מענטשן אַף שטיקער. מאַרטענס איז אינגיכן משוגע געוואָרן און איז אַוועק אין אַן אַנשטאַלט פאַר משוגעים, פון דאָרט איז ער שוין אַף זיין פּאָסטן נישט צוריקגעקומען.

דעם 2־טן יוני 1943 בין איך, מיטן אויסרייד, אַז איך דאַרף קויפן די נייטיקע צו דער אַרבעט מאַטעריאַלן, אַוועק אין געטאָ. איך האָב זיך געוואָלט זען מיט דער פרוי און קינד. אין געטאָ האָט געהערשט אַ שרעקלעכע שטימונג. עס האָבן קורסירט קלאַנגען, אַז אין דער זעלבער נאַכט נאָך דאַרף פאָרקומען די ענדגילטיקע ליקווידאַציע פונעם געטאָ. מענטשן זיינען געלאָפן איבער די גאַסן, ווי משוגענע. איינער האָט געפרעגט באַם צווייטן, וואָס צו טאָן. דאָס טייערסטע און אָמערסטן געזוכטע אַרטיקל איז געווען ציאַנקאַלי. אַ קינד, וואָס איז געשטאַנען אַפּן ראָג און געשריען, אַז עס פאַרקויפט „סאַכאַרין", „סאַכאַרין", האָט אַ פרוי אין פאַרצווייפלונג איבערגעריסן: „ציאַנקאַלי גיט אונדז, מיר דאַרפן שוין מער גאָרניט..." אין דער זעלבער נאַכט האָט זיך אָנגעהויבן די ליקווידאַציע פונעם געטאָ, און שוין האָב איך מיינע נאָענטסטע מער נישט געזען.

נומער 74.

## מיט שטיינער אף די בייכער. איסגערייניקט דעם קעלער. א „פריוויליקער שיסער"

יידן האבן געארבעט פון פארטאג אן, געפירט אין טאטשקעס שטיינער און שטיינדלעך אף איין ארט. ארום צוויי א זייגער באטאג, און געווען איז עס א הייסער מאטערנדיקער זומער־טאג, און אן עסן, פארשוויצטע און

אויסגעמוטשעטע, האבן זיך די מענטשן אוועקגעזעצט אף א פאר מינוט אפרוען. עס האט דאס דערזען דער געשטאפאניק, וועלכער האט זיי געהיטן. ער האט געכאפט א שטיק שטעכל־דראט, וואס איז געלעגן דערנעבן, פארדרייט און גענומען שלאגן דערמיט די אומגליקלעכע איבערן פנים, איבערן קאפ, אזוי אז בלוט האט גענומען רינען. אייניקע האבן זיך געלאזט שלאגן אן א פראטעסט, אן א באוועגונג און אפילו זיך ניט צוריקגעצויגן פון די קלעפ. אנדערע האבן זיך אינסטינקטיוו צוריקגעצויגן פון אונטער די קלעפ. אט די דאזיקע האט דער געשטאפאוועץ צוזאמענגענומען באם בערגל און געהייסן צוזאמענטראגן די שווערסטע שטיינער און נאכדעם באפוילן זיי ארויפצולייגן יעדן א שווערן שטיין אפן בויך. די וועלכע האבן געקאנט איבערטראגן זייער געלעגן, מיט די שטיינער אפן בויך, שטיל; אנדערע האבן נישט געקאנט אויסהאלטן און ארויסגעגעבן הייזעריקע פארשטיקטע קרעכצן. נאכדעם האט ער געהייסן אלע אויפשטיין, דריי האבן אבער געמוזט זיך צוריקלייגן און ער האט גענומען טאנצן, שפרינגען אף די שטיינער, וועלכע זיינען געלעגן אף די בייכער פון די אומגליקלעכע, אין דער רייע, אף יעדן פון זיי. דאס בלוט האט גענומען שפריצן זיי פונעם מויל און פארגאסן דאס פנים. נאכדעם האט ער געהייסן זיי אויפשטיין, נעמען די שטיינער און אין לויף ארומדרייען זיך מיט זיי ארום דעם פלאץ. די קרבנות זיינען יעדער רגע געפאלן. דער געשטאפאוועץ האט זיי דאן געהייסן זיך ארויפדראפען אפן בארג. ער האט זיך אוועקגעשטעלט לעבן זיי מיטן רעוואלווער אין דער האנט. ער האט זיי ווידער געהייסן זיך אויסלייגן און מיט א קאפע מיטן שטיוול ארפגעשליידערט יעדן באזונדער אראפ. דאס האט ער איבערגעחזרט עטלעכע מאל.

***

אַף דער גאַס ליסאַ-קוליאַ 18 האָט געאַרבעט, אַלס הייצער אין זיי אויוונס אַ מענטש מיט אוניווערסיטעט בילדונג, אויך מיט העכערע מוזי־קאַלישע בילדונג. איינמאָל, אויס מורא פאַר אַן „אויסזידלונג" האָט ער זיך באַהאַלטן מיט זיין פרוי און איין־יעריק קינד אין קעלער. דעם קעלער האָט ער פאַרשלאָסן מיט אַ שלעסל פון דרויסן און אַליין זיך אַריינגעגליטשט אין קעלער אַריין דורך אַ קליין פענצטערל פון דער זייט פון גאָרטן. די פאַרבאַ־האַלטענע האָבן אָבער געקענט דאָרט שטאַרבן פון הונגער. דעריבער איז ער אין אַ פּאָר טעג אַרום, אין אַ פאַרנאַכט, אַרויסגעקראָכן און מיט מערן אין די אויגן געבעטן איינע פון די אַרבעטערינס, אַז זאָל זיי אַריינגעבן ברויט מיט וואַסער. עס האָט געדויערט אַ פּאָר חדשים. איינמאָל איז קאַליע געוואָרן די עלעקטרישע אינסטאַלאַציע אין הויז און איינער פון די געשטאַפּאָ־ליִיט, וועלכער האָט געוווינט אין דעם הויז האָט געוואָלט אַראָפּ אין קעלער פאַר־ריכטן דאָס עלעקטרישע ליכט. ער האָט געזוכט דעם עלעקטרישן שטראָם־לייטער פונקט אין דעם קעלער, וואָס איז געווען פאַרשלאָסן מיט דעם שלעסל. ער האָט אויסגעבראָכן די טיר און דערזען דאָרטן די פאַרבאַהאַלטענע יידן. מיט אַ געשריי: „יודן, יודן" איז ער צוריק אַריין צו זיך אין וווינונג, געכאַפּט דעם אויטאָמאַט און צוזאַמען מיט עטלעכע אַנדערע געשטאַפּאָ־ליִיט אַראָפּ אין קעלער אַריין. די שוצלאָזע פאַמיליע איז אַרומגערינגלט געוואָרן דורך אַ באַנדע צעיושעטע געשטאַפּאָווצעס, וועלכע האָבן זיי געשלאָגן, געקאָפּעט מיט די פיס, געשטויסן, געקלאַפּט מיט די אויטאָמאַטן איבער די קעפּ און שוין אין אַ האַלב באַוווּסטלאָזן צושטאַנד געשלעפּט צו דעם אויוון, כדי זיי אַרויסצופירן אַף טויט.

***

איינמאָל, ווען איך בין אַדורכגעגאַנגען דורך זאַמאַרסטינאָווסקאַ האָב איך געזען פאָלגענדיק בילד: אַן עלעגאַנט געקליידעטער געשטאַפּאָניק האָט געהייסן יעדער יידישע פרוי, וועלכע ער האָט באַגעגנט אַף דער גאַס, זיך אָוועקלייגן אין ראָוו, און געשאָסן אין איר פון אַ רעוואָלווער. אַזוי האָט ער דערשאָסן עטלעכע צענדליק מענטשן און די טויטע קערפּערס געלאָזט ליגן אין ראָוו. אַליין איז ער מיט דער גאַנצער רואיקייט אַוועקגעגאַנגען ווייטער.

נומער 96.

# פשעמישל

לידאַ גאָלדמאַן

## ליקווידאַציע פונעם קינדער־היים

איך האָב געאַרבעט אין קינדער־היים און שפּעטער, נאָכן ליקווידירן פון דער היים, אין נאָוועמבער 1942, אין שפּיטאָל. די געשיכטע פון דער קינ־דער־היים, דאָס איז דאָס שרעקלעכסטע פון צווישן אַלע טראַגישע געשעענישן אין געטאָ. ס׳איז ניט געווען קיין איין אַקציע, וועלכע זאָל קודם כל נישט טרעפן אין די קינדער, וועלכע האָבן זיך דאָרט געפונען. פאַר דער ערשטער אַקציע האָבן די מוטערס אַליין, מורא האָבנדיק פאַר די „אויס־זידלונגען", אָפּגעגעבן זייערע קינדער אין קינדער־היים, אין דער האָפענונג, אַז די קינדער וועט מען דאָך נישט טשעפּען. אָפּגעגעבן אין לעצטן מאָמענט, און אויב עס איז שוין קיין צייט נישט געווען, האָבן זיי איבערגעלאָזט די קינדער אויף דער גאַס אין דער האָפענונג, אַז מען וועט זיי דאָך ערגעץ אַריינ־נעמען. אָבער שוין די אַקציע אין אויגוסט האָט פאַרשלונגען די אַלטע לייט און די קינדער. מיר האָבן געמוזט די ערשטע און די צווייטע, אויפן באַפעל פון געשטאַפּאָ, אַרויספירן דירעקט אויפן פּלאַץ. עס זיינען דאָרט געווען די געשטאַפּאָ־לייט בענעוויץ, שטענגעמאַן און רייסנער. די איבערגעבליבענע קינדער האָט מען ווידער פאַרזאַמלט אין דעם הויז ביז סעפּטעמבער 1943, ווען מען האָט ענדגילטיק ליקווידירט די היים און ווידער האָבן מיר געמוזט אַרויספירן אַלע קינדער צוזאַמען מיט די ניי־געבוירענע אויפן אָרט, וווּ מען האָט זיי איינוואַגאַנירט.

ווען מיר זיינען צוריקגעקומען פונעם פּלאַץ האָבן מיר געטראָפן איין און איינציק קינד, וואָס האָט געבלאָנקעט אַליין אין פוסטן הויז, מען האָט דאָס פאַרזען און ניט מיטגענומען, איז עס אויף דערווייל אָפּגעראַטעוועט גע־וואָרן. אויפן צווייטן טאָג זיינען געקומען געשטאַפּאָ־לייט און פאַרנומען אַלץ, וואָס איז געווען אין אַנשטאַלט פון וועש, פון די קינדער־זאַכן א. ד. גל. גע־האָלפן זיי אין רויבן האָבן די אָרטיקע אוקראַינער פאַשיסטן, וועלכע האָבן צוגערויבט דאָס איבעריקע, וואָס עס האָט נאָך געהאַט עפּעס אַ ווערט.

נומער 325.

רוט גריגבערג

# אָפּגעריייניקט די בונקערס

דעם 2־טן סעפּטעמבער 1942, שוין פון 4 אַ זייגער פאַרטאָג האָט באַ־הערשט דאָס געטאָ אַן אומגעווייגלעכע באַוועגונג. דאָס געטאָ איז געווען אָפּ־געשלאָסן און אַרומגערינגלט מיט געשטאַפּאָ. אין אַ פּאַנישן שרעק און פאַרצווייפלונג איז מען אַנטלאָפן אין די בונקערס. ניט קוקנדיק דערויף, וואָס מען האָט פאַרזיכערט, אַז די אַרבעטער פון די וואַרשטאַטן וועט מען ניט נעמען, האָבן די אַרבעטער פון די וואַרשטאַטן, שוין אַנגעלערנט פון פריער, אַז די צוזאָגן פון די דייטשן טאָר מען ניט גלויבן, זיך נישט געשטעלט צו דער אַרבעט. איך האָב זיך אויך אויסבאַהאַלטן אין בונקער, אויף דעקערט־גאַס 7, וווּ איך האָב שוין געטראָפן אַ 100 מענטשן. אין בונקער איז צוגע־גרייט געווען וואַסער, קאַרביד א. א. וו. אַרום 6 אַ זייגער בין איך מיט מיין מאַן אַרויס פונעם בונקער, און שוין אין אַ שעה אַרום האָבן די געשטאַפּאָ־לייט אַנטדעקט דעם בונקער, ווי אויך אַ סך אַנדערע ערטער, וווּ עס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן יידן. די געשטאַפּאָ האָט ליקווידירט די בונקערס מיט האַנט־גראַנאַטן און מיט דער הילף פון רויעך־ליכט. די אַרויסגעשלעפּטע יידן פון די בונקערס האָט מען אַפן אָרט דערשאָסן און די קערפּערס פאַרברענט.

נומער 321.

# טאַרנאָוו

עניאַ פריילין

## אַקציע

דעם 24־טן יוני 1942 האָט מען אַרויסגעהאַנגען אַ באַקאַנטמאַכונג, אַז יעדער ייד זאָל זיך צוגרייטן אַ פּעקל פון אַ 10 קילאָ, צו דער „אויסזידלונג". בעת דער „אַקציע" האָט מען נישט געטאָרט צוגיין צום פענצטער, אָדער אַרויסקוקן אויף דער גאַס. די „אויסזידלונגסקאַרטן" האָבן באַקומען קודם־כל די אַרבעטלאָזע און די, וועלכע זיינען ניט פעאיק צו אַרבעטן: קינדער, פרויען אַלטע. די אַקציע האָט געדויערט אַ גאַנצע וואָך. אין ערשטן טאָג האָט מען פאַרנומען ייִנגלעך ביז 13 יאָר. די מענטשן, וועלכע זיינען געווען באַ־

שטימט אַף אַרויסצופירן האָט מען פאַרזאַמלט אין הויז בא דער קהילה. מען האָט געהערט אַ גערירטע שיסעריי. די דייטשן זיינען געגאַנגען איבער די הייזער, אַרויסגעשלעפט די מענטשן און געשאָסן אַפן בית־עולם. מען האָט מיט קלעפ געצוווּנגען די זין צו גראָבן גריבער פאַר די פאָטערס. אַ טייל מענטשן האָט מען אַריינגעוואָרפן אין שאַצקעס־שול, און נאָכדעם האָט מען אַריינגעלאָזט גאַז און דערשטיקט אַלע אין די פאַרמאַכטע צימערן. נאָכדעם זיינען געווען צוויי טעג, ווי ס'האָט זיך אויסגעדראַכט, רואיקע. אָבער מאָנטיק האָט מען ווידער צונויפגעיאָגט אַפן מאַרק־פּלאַץ אין טאַרנאָוו מענטשן. לאַנגע שעה'ן האָבן זיי געמוזט שטיין אַף די קני מיטן פּנים צו דער ערד. די געשטאַפּאָ־לייט האָבן אין דער צייט זיך פאַרגאָסן אין די שנעפּסן מיט בראָנפן. אין מיטן מאַרק איז געמאַכט געוואָרן ספּעציעל ווי אַן אַרענע, באַשטימט אַף צו הרגענען די קינדער. שעה'ן־לאַנג האָט מען געהרגעט קינדער, צו עטלעכע אַף אַמאָל. די איבערגעבליבענע האָט מען אַנגעשטופּט אין וואָגנס, אַזוי געדריקט, אַז אייניקע זיינען אומגעקומען אונטערוועגס און אַרויסגעפירט.

די „אַקציע" איז געווען פאַרענדיקט.

נומער 67.

יצחק איזראַעל

---

# פון דער קעלניע פון אַ דראָזשקע

כ'בין געפאָרן מיטן געשטאַפּאָ־מאַן ראָממעלמאַן פאַרזיגלען די שטיבער פון די „אויסגעגנידעלטע" יידן. ער איז אַריינגעגאַנגען אין אַ שטוב און אויב ער האָט געפונען דאָרט אַן אָנצוג, וועש, גאָלד, געלט, האָט ער אַלצדינג צוזאַמענגענומען אין אַ וואַליזקע. מיר זיינען צוריקגעפאָרן אין זיין ביוראָ. איך האָב אים נאָכגעטראָגן זיינע „טראָפּעען" און עס צוזאַמענגעלייגט אין זיין שאַפע.

ווען ער האָט באַגעגנט אַ ייד אין הויף האָט ער אים באַלד געשאָסן. איך בין מיט אים אָפט געפאָרן איבער דער גאַס. אויב אַ ייד האָט זיך אים נישט נעגריסט האָט ער אים לעגיטימירט, און אויב יענער האָט נישט געהאַט קיין שטעמפּל האָט ער אים דערשאָסן. אויב יענער האָט געהאַט אַ שטעמפּל פון אַרבעט, האָט ער געפרעגט, פאַרוואָס ער גריסט אים נישט? ווען דער ייד האָט געענטפערט, אַז ער האָט אים נישט באַמערקט, האָט ער גענומען בא מיר די

בייטש און מיט דער גראָבער זייט, אַזוי לאַנג געשלאָגן איבערן קאָפּ, אַז ס׳בלוט האָט גערונען. שפּעטער איז עס געוואָרן באַקאַנט צווישן די ייִדן און זיי האָבן שוין דערקענט מיין „העלד״ פון דער ווייטנס און זיך אָדער שנעל אויסבאַהאַלטן, אָדער שנעל געגריסט.

שרעקלעכע זאַכן האָבן זיך אָפּגעשפּילט אָפן דריטן טאָג פון די „אויסזידלונגען״, דאָנערשטיק. ווידער האָט מען נישט געטאָרט אַרויסגיין אויף דער גאַס. איך בין געזעסן אַ גאַנצן טאָג אין דער היים. אַלע מאָל איז אַריינגעקומען אַ ס״ס־מאַן און לעגיטימירט צי האָב איך אַ שטעמפּל פון אַרבעט. אין דעם טאָג ט׳מען אָפּגעפירט אַלע אַלטע לייט און קליינע קינדער צו זביליטאָווסקאַגורא, לעבן גוט זשאַביע, הינטערן קלויסטער. דאָרטן האָבן די „באַודינסט״ געגראָבן גריבער. אָפן צווייטן טאָג האָבן די אַרומיקע איינוווינער דערציילט, אַז זיי האָבן אַליין געזען, ווי מען האָט די לעבעדיקע קינדער געוואָרפן אין די גריבער און נאָך די קינדער נאָכגעוואָרפן גראַנאַטן. נאָכדעם האָט מען דאָס אַלץ אײַנאײַנעם פאַרשיט מיט ערד. מען האָט דערמאָלט אַרויסגעשיקט קיין ביעלזשעץ מער ווי 6000 ייִדן. אָפן אָרט האָט מען דערהרגעט 12000.

אַלע מאָל האָט ראָסמעלמאַן געבראַכט אָפן הויף פון דער קהילה עטלעכע ייִדן און זיי דאָרטן דערשאָסן. נאָך יעדער עקזעקוציע האָבן מיר געמוזט נעמען אַ פור און אָפּפירן אָפן בית־עולם די מתים. יעדער פורמאַן האָט זיך געוואָלט פון דער דאָזיקער אַרבעט אַרויסדרייען. מיר האָבן דאָס נישט געקענט טאָן, עס איז געווען פאַר אונדז שרעקלעך, אָבער עס איז געווען אַ פאַראָרדענונג, אַז דער ערשטער פרייער פורמאַן, אין דער ריי, מוז פאָרן. אין אַ צייט אַרום האָב איך געזאָגט דעם פּרעזעס, אַז עס זיינען געבליבן די בעסערשע וואָגנס, וועלכע מען קען אויסנוצן אַלס טויטן־וואָגנס. דער פּרעזעס האָט געזאָגט, אַז גוט, נאָר ער וועט פרעגן אין געשטאַפּאָ. מען האָט דערלויבט. איך האָב גענומען אַזאַ וואָגן און אין אים אויסגעריכטעט צוויי פּריטשעס און פון דעמאָלט אָן האָט דער וואָגן, וואָס האָט אַמאָל געפירט ברויט, איצט געדינט צום אַרויסצופירן די טויטע גופים פון די אויסגעהרגטע אָפן בית־עולם. דאָס בית־עולם איז געלעגן אויסערן געטאָ. געפאָרן איז שטענדיק איין באַגרעבער און איין פורמאַן, דער וועלכער איז געווען אין דער ריי.

ווען מיר האָבן געזען ראָסמעלמאַנען פאָרן מיט אַ לעבעדיקן ייִדן האָבן מיר שוין געוווּסט, און איינגעשפּאַנט דעם טויטן־וואָגן.

צוויי טעג פאַר דער צווייטער „אויסזידלונג״ האָבן מענטשן שוין עפּעס געוווּסט און אין געטאָ איז אַנטשטאַנען אַ מהומה. איינמאָל בין איך געשטאַנען אין טויער פונעם „יודענראַט״. עס איז דאָרט געשטאַנען פון

„ארדנונגסדינסט” א ייד, אן ארויסגעשיקטער פון דייטשלאנד, א צוויטער „א־ד־מאן”, אן ארטיקער און א פרוי, א יידישע, אין מדויער. נאכדעם זיינען זיי ארויסגעגאנגען אויסערן געטא. א געשטאפא־מאן האט זיי באלד צוריקגעבראכט, ארויפגעפירט צום פרעזעס און געפרעגט, ווער עס האט זיי ארויסגעלאזט. ווען דער פרעזעס האט געזאגט, אז ער קען נישט די פאמיליע פון דעם א״ד־מאן, האט דער געשטאפאניק ארויסגעגעבן א באפעל, אלע א״ד זאלן זיך אין א האלבער שעה צוזאמענעמען אפן הויף פונעם יודנראט. מען האט ארורכקאנטראלירט ווער פון די ארדנונגסדינסט עס האט געהאט דיזשור באם מויער און עס איז פעסטגעשטעלט געווארן, אז טאקע דער ייד — פון דייטשלאנד. ראממעלמאן האט געפרעגט, צי ער האט ארויסגעלאזט די פרוי אויסער דער געטא. ס'האט זיך ארויסגעוויזן, אז די פרוי איז ארויסגעגאנגען מיט דעם צווייטן א״ד־מאן. ראממעלמאן האט געהייסן אלע א״ד־לייט אוועקגיין און די צוויי מיט דער פרוי אפן ארט דערשאסן. איך האב געדארפט די מתים אפפירן אפן בית־עולם. פון דעם וואגן האט גערונען בלוט דעם גאנצן וועג. נאך פאר דעם, בעתן פארהער, האט ראממעלמאן געפרעגט די פרוי, פאר וואס זי איז אנטלאפן פונעם געטא. זי האט געזאגט, אז זי האט געהערט, אז עס וועט פארקומען אן אויסזידלונג. האט ער דאן געזאגט: „עס וועט נישט זיין קיין שום אויסזידלונג. איר יידן מאכט אליין אן א מהומה”.

און אפן צווייטן טאג האט מען ארומגערינגלט דאס געטא. איך בין א היים געפארן. איך האב געוווינט דעמאלט אף סטאראדאמבראווסקא. אין געטא האט געהערשט א פארצווייפלונג. די מענטשן האבן געוויינט, געזוכט בונקערס, געגראבן שנעל אין נערוועז באהעלטענישן. אבער די גרעסטע מי האט געיאגט איבערן געטא און נישט געוווסט וואס צו טאן. 9 א זייגער איז געקומען ראממעלמאן אין יודענראט אריין און געזאגט מען זאל אויסשרייבן א צעטל פון די אנגעשטעלטע אין די פירמעס, וועלן זיי באקומען שטעמפלען. מיר האבן זיך באראטן, איך מיטן ברודער, וואס מיר האבן צו טאן. מיר האבן באשלאסן צו זוכן א באהעלטעניש. אין יודענראט איז געווען א שטארקע באוועגונג. מענטשן האבן זיך געשטופט, געוויינט, פארצווייפלט געבעטן וועגן א שטעמפל. דער געשטאפאניק גרונאוו איז פון צייט צו צייט אריינגעפאלן אין יודענראט, איינמאל געשאסן אין דער לופט, איינמאל אין די מענטשן. די געשטאפאניקעס האבן געגעבן שטעמפלען וועמען עס האט זיך זיי געגלוסט. פון די פורמאנס האבן נאר 4 באקומען שטעמפלען. אפדערנאכט האב איך אלע „מעלדקארטען” אפגעפירט אין יודענראט. אלע האבן זיך געווארפן צו דער דבראשקע, יעדער האט געזוכט זיינע. עס איז אנטשטאנען א

געוויין, א געשריי, מענטשן האבן זיך געטרעטן מיט די פיס, ארויסגעריסן איינער באם צווייטן די מעלדקארטן, געפאפט פרעמדע, אראפגעריסן די פאטאגראפיעס, צוגעקלעפט זייערע. עטלעכע טויזנט מענטשן זיינען אריינגעפאלן אין זאל פון יודנראט. מען האט געקעמפט פאר א שטעמפל, א שטעמפל האט געהייסן לעבן. די געשטאפא־לייט, וועלכע זיינען געזעסן באם טיש האבן אלע מענטשן ארויסגעטריבן אפן מארק־פלאץ און באשטימט אף אויסזידלונג.

אלע האבן געקניעט מיטן פנים צו דער ערד. פון צייט צו צייט האט זיך עמיצער פון די קניענדיקע צוגעריסן צום טיש און באקומען דעם שטעמפל. מיין שוואגער האט זיך צוגעשלאגן צום טיש, אבער איינער פון די ס״ס האט אים אזא קלאפ געגעבן איבערן קאפ, אז ער איז שטארק צעטומלט געווארן און אנשטאט צוריק אין דער רייע איז ער אוועק אין אן אנדערער זייט. דאן האט דער ס״ס־מאן אויסגעשאסן און ער איז אומגעפאלן. איך האב דאס געזען פון דער קעלניע — פון מיין דראזשקע און האב אים מיט גארנישט געקענט העלפן.

איך האב געמוזט פירן עטלעכע הונדערט לעבעדיקע מענטשן אפן בית־עולם. אפן וועג האבן מענטשן צו מיר געשריען: „זאג דארט מיין פרוי, מיין טאטן, מיין שוועסטער — ווהין מען פירט אונדז און צו וואס!” איך בין געפארן צום נייעם בית־עולם, הינטער דעם סאמע מויער. די מענטשן זיינען אראפ פון די דראזשקעס. דארטן האט מען געגראבן גריבער. ווען איך בין צוריקגעקומען צום דריטן און פערטן מאל האב איך דערזען די מענטשן נאקעטע, אויסגעטאנענע, זיי זיינען געלעגן הינטערן מויער, דערשאסן. זיי האבן זיך נאך גערירט, נאך האבן די קערפערס געציטערט. אקעגן, אין א שטול ,איז געזעסן א געשטאפאניק און די „באודינסט” האבן געזוכט אין די קליידער פון די דערמארדעטע גאלד און געלט.

בעת דעם גרעסטן מארד־געיעג נאך מענטשן, האב איך אויסבאהאלטן מיין פרוי און קינד אין א בונקער אף מיין הויף. אין דעם זעלבן הויף איז געווען א באסיין מיט פיש און אין אים עטלעכע צענדליק קילאגראם קארפן. עס האט דארט אויך געוווינט א הענדלער מיט עופות און אין הינערשטייג זיינען געווען עטלעכע צענדליק הינער. איז אריינגעפאלן אף דעם הויף א געשטאפאניק און דערזען אזוי פיל הינער און פיש. ער האט פארנומען פאר זיך א גאנצן קויש און געוויזן דאס זיינע קאלעגן, וועלכע זיינען געווען באשעפטיקט באם שיסן די יידן. זיי האבן איבערגעריסן אף א ווילע זייער „באשעפטיקונג” און האבן אנגעהויבן קומען אף מיין הויף, און איך האב דארטן געהאט אויסבאהאלטן אלע מיינע נאנטסטע. איך בין שוין געווען זיכער, אז מען האט אויסגעפונען מיין בונקער. דערווייל זיינען זיי, בעת דער גרעסטער מארד־אקציע, אריינגעפארן נאך די קארפן און הינער.



***

בעת דער אויסזידלונג האָבן די געשטאַפּאָ־ליים פאַרנומען די קליידער און וועש פון יודנראַט. מיר האָבן עטלעכע שעה דורכאַנאַנד געפירט גאַנצע טאָגנען פון די דאָזיקע סחורות. די גאַנצע צייט האָב איך געהאַט בא זיך מיין טעכטערל. עס איז געווען אַ שטאַרק הייסער טאָג. יעדן מאָמענט האָט אַן אַנדערער געשטאַפּאָניק געוואָלט מיר אַראָפּשלעפּן דאָס קינד פון דער קעלניע, נאָר איך האָב זיך עפּעס אָפּגעבעטן. עטלעכע מאָל, ווען איך בין אַדורכגעפאָרן לעבן מיין פרוי האָט זי מיך געבעטן אַ ביסל וואַסער. עס איז געפאָרן מיט מיר אַ שיכורער זשאַנדאַרם. ווען מיר האָבן אויף סטאַראָמ־בראָווסקאַ געלאָדנט די זאַכן האָט דער זשאַנדאַרם געזאָגט, אַז ער וועט אונדז אַלע אויסהרגענען. עס איז געקומען דער פורמאַן מיט דעם טוימן־וואָגן, אינעווייניק זיינען שוין געווען דריי. האָט ער פאַרנומען אַ פערטן, האָט אים דער זשאַנדאַרם געזאָגט, ער זאָל שנעל אָפּפירן די דאָזיקע פיר און צו־ריקנעקומען נאָך „אונדזערע" צוויי... איך בין געווען איבערצייגט, אַז נאָך מיר און נאָך מיין פורמאַן און איך האָב געזאָגט צו האָלזערן: — איצט העלף איך דיר אַריינלייגן אַט דעם מת, ווער וועט דיר, אין אַ שעה אַרום, העלפן אַרויפלייגן מיך? איך בין געווען איבערצייגט, אַז דאָס איז מיין לעצטע שעה. אין אַ מינוט אַרום האָט דער זשאַנדאַרם געזאָגט, אַז די צוויי מתים ליגן דאָ אין דער נעבן, אין קעלער.

דער זשאַנדאַרם האָט מיר געהייסן פאָרן און דאָס קינד זאָל איך לאָזן. איך האָב זיך ניט אָנגערופן, נאָר ס'קינד האָב איך נישט געלאָזט און בין שנעל אוועקגעפאָרן. איך בין אַדורכגעפאָרן דורכן מאַרק. עס איז געשטאַנען באַם טויער „אָבערשאַרפירער" אָפּעלמאַן. ער האָט אַרויסגעצויגן דעם רעוואָלווער און מיך געוואָלט דערשיסן, ווייל ער האָט געמיינט, אַז איך וויל אַרויספירן דאָס קינד אויסער דעם געטאָ. איך האָב אים אָנגעהויבן בעטן, אַז דאָס איז מיין קינד, אַז איך האָב זי נישט אויף וועמען איבערצולאָזן און אַז זי האָט אַ שטעמפּל.

***

פון שאַצקעס־שול האָבן מיר, איך מיטן פורמאַן, אַליין אַראָפּגעטראָגן די זאַכן פון די דאָרטזשקעס. עס איז געווען אַ שווערער קויש און דער פורמאַן האָט אים געוואָלט בעסער אוועקשטעלן אויף די פּלייצעס. דער זשאַנדאַרם האָט אים אָנגעהויבן אַזוי אומרחמנותדיק שלאָגן, אַז ער איז אַוועקגעפאַלן אַ צעבלוטיקטער אויף דער ערד. מיין טעכטערל האָט דאָס געזען, זי האָט אָבער געוווסט, אַז זי טאָר נישט וויינען, איך האָב זי ווען דעם

געבעטן, האט זי אנגעהויבן בייסן די פינגערלעך פון די הענט: „טאטע, די זעסט, איך וויין נישט, איך האב נאר מורא וועגן דיר”. מיר זיינען צוריק־געפארן אין געטא.

איך האב געזען מיין ברודערס קינדער אויף די סני פאר דער עקזעקוציע, און ווען איך בין אדורכגעפארן האבן די קינדער געשריען: „פעטער, ראטעווע אונדז!” די פרוי האט אויך נאכגעשריען, געבעטן וואסער... איך האב קיינעם נישט געקאנט העלפן...

נומער 331.

# וויעליטשקא

ברונא האלענדער

---

## קאנטריבוציע און אויסזידלונג

ס'האט זיך יעדער באמיט וועגן דעם אזוי גערופענעם „איינזאץ”, וואס האט געדארפט שיצן פון „אויסזידלונג”, פון טויט. נאך א פאר טעג פאר דעם האט מען ארגאניזירט א יידישן שפיטאל. אין יולי 1941 האט מען אויף דער יידישער באפעלקערונג ארויפגעלייגט א קאנטריבוציע 100.000 זלאטעס, וועלכע מען האט אין א פאר טעג ארום געהעכערט אויף א מיליאן. עס איז שוין געווען אזא מנהג, אז פאר אן אויסזידלונג איז געגאנגען א קאנטרי־בוציע. די אויסגאבן פון דער אויסזידלונג, דאס אריבערפירן אין די גאז־קאמערן סיין ביעלזשעץ און טרעבלינקע האבן געדארפט דעקן די יידן אליין. די קאנטריבוציע איז אינגאנצן געדעקט געווארן. די יידן האבן אוועקגעגעבן דאס לעצטע פון זייער פארמעגן און נאכדעם פרייער אפגעאטעמט: אפשר וועט צוליב דעם די אויסזידלונג אדורכגעפירט ווערן מיט רחמנות. דערווייל האבן זיך באוויזן באקאנטמאכונגען, געווענדעט צו אלע יידן, אז זיי זאלן זיך שטעלן, ביז 7 א זייגער אינדערפרי, אויף דער לאנקע באם וואקזאל. די אויסזידלונג איז געווארן א פאקט. עס קומט פון ערגעץ נים סיין רעטונג. נישטא וווהין צו לויפן. די שטאט איז שוין זייט זיבן טעג ארומגערינגלט מיט פאליציי און זשאנדארמען. אויף דער לאנקע געפינען זיך טויזנטער מענטשן, יונגע און אלטע, געזונטע, סינדער און אלטע לייט. די גאנצע מאסע איז באשטימט צום גאז.

מען זעט נישט פון ערגעץ קיין געוויין, קיין וויי־געשריי. קיינער בעט ניט וועגן גאָרנישט. די ס׳מאַמעס האַלטן פעסט בא זיך די קינדער. אַ שרעק־לעכער פאַרגעפיל איז אויסגעדריקט בא אַלעמען אַף די פּנימער. עס שטייען מאַשינען־געווער. די ליינער פון דער אויסזידלונג, די ס״ס־לייט: קונדע און היינריך, זיינען צופרידן און דרייען זיך צווישן דער אומגליקלעכער מאסע....

נומער 172.

# ספּאַווינאַ

זאָפיאַ הראַדאָוואַ

---

## לעבעדיקע קברים. אַ רעפּאָרטאַזשקע *)

דאָס וועטער איז אַ גאַנצן טאָג געווען וואונדערשיין. די שטאָט איז גע־ווען פול מיט מענטשן. מען האָט געזאָגט, אַז עס זיינען פאַראַן אַ פּאָר טויזנט ייִדן. פּאָליציי־פּאָסטנס זיינען געשטאַנען אַרום דער שטאָט אַזוי געדיכט, אַז עס וואָלט — האָט זיך געדאַכט — קיין פליג נישט געקאָנט אַדורכפליען. אַ פּאָר טעג איז געווען פאַרהעלטנישמעסיק רואיק, ערשט אַרום דינסטיק האָט זיך אָנגעהויבן דער שרעקלעכער פיין פון די מענטשן. נאָך דער ערשטער קאָנטריבוציע איז געקומען אַ צווייטע און אַ דריטע. עס איז געקומען דער שרעקלעכער פריטיק. עס זיינען אַראָפּגעקומען קיין ספּאַווינע צוויי אויטאָס פול מיט תליונים. זיי זיינען געגאַנגען איבער דער שטאָט, שטאָלצע, אָנגע־בלאָזענע, ווי פּאַוועס. יעדער שטונדע האָבן זיי אַרויסגעגעבן פאַראָרדענונגען איינע שטרענגער פון דער צווייטער אַזוי, אַז די אָרטיקע מאַכט האָט זיך אַליין פאַרלוירן אין דעם געמיש פון די פאַראָרדענונגען.

ס׳איז קיינער אין דער נאַכט נישט געשלאָפן. פון פרייטיק אַף שבת האָט מען געהערט שיסן. הרייסטערע ייִדן האָבן זיך געלאָזט אַנטלויפן. די גרעסטע טייל פון זיי האָבן באַצאָלט דערפאַר מיטן לעבן. די איבעראַל באַקאַנטע דענטיסטקע, וועלכע מען האָט פּאָפּולער גערופן ,יולקאַ, האָט זיך באַהאַלטן צווישן די געדיכטע צווייגן פון בעז, האַלטנדיק אין דער האַנט אַ פּאָרטפעל.

---

*) פון די אָבסערוואַציעס פון אַ פּוילישער פרוי.

ווען מען איז געקומען נאָך איר האָט זי באַקומען אַ נערוון־אַטאַק, אָנגעהויבן הויך צו שרייען און זיך אַליין פאַראַכן. אַ דערשאָסענע איז זי אַוועקגעפאַלן מיטן פּנים אַף אַ קופּע מיסט, לעבן קלאָזעט, און איז אַזוי געלעגן צוויי טעג.

דורך דער ראַדזישעווסקאַ גאַס זיינען געגאַנגען יידן צו פיר אין אַ רייע. די מוטערס האָבן געטוליעט צו זיך די קליינע קינדער און גערעדט צו זיי: „שטיל, שטיל, מיין איינציק האַרץ מיינס"... די מענטשן זיינען געגאַנגען פאַמעלעך און שטיל. מען האָט זיי געהייסן אַריינגיין אין די אויטאָס, די קינדער האָט מען אָנגענומען בא די פיסלעך און זיי נאָכגעוואָרפן נאָך די, וועלכע האָבן זיך שוין געפונען אַף די אויטאָס. ווען דאָס אויטאָ איז געוואָרן פול, איז עס שנעל אַוועקגעפאָרן אין דער ריכטונג פון וואַלד, אַף פּאָדבאָרי. דאָרט זיינען שוין געווען צוגעגרייט טיפע גריבער. די טויטע קערפּערס פון די דערשאָסענע זיינען אַריינגעפאַלן גלייך אין די גריבער, און די, וועלכע זיינען נאָך געווען אַף די אויטאָס, האָבן געזען די בעסטיאַלישע מאָרדן פון די מענטשן. פאַרשטאַרטע און אָן שום מעגלעכקייט צו העלפן, זיינען זיי גע־שטאַנען און געוואַרט יעדער אַף זיין רייע... עס זיינען געווען פאַלן ווען קינדער זיינען אַריינגעפאַלן, אומטערגעשאָסענע אין גרוב, און נאָכדעם זיך געדראַפּעט צוריק אַרויף, פונעם גרוב. דאַן האָט דער תליון איבערגעדרייט די ביקס און מיט דער קאָלבע צעקלאַפּט דעם קינד דאָס קעפּל. ווען דער גרוב איז געוואָרן פול, ביז איבער די ברעגן מיט דערהרגעטע, האָט מען באַפוילן די אָנגעשיכורטע פון „באַודינסט" פאַרשיטן דעם גרוב, כאָטש די גופים אונטן האָבן זיך נאָך גערירט.

אַ גרופּע פון 4 מענטשן האָבן אַף זיך געצווינגן אַ באַזונדערע אויפמערק-זאַמקייט. אַ פאָטער און מוטער מיט צוויי וווּנדערשיינע מיידלעך. עס איז געווען דער איינהאַבער פון דאָרף מישלעניצע מיט זיין פאַמיליע. זיי זיינען געשטאַנען שטיל, צוגעטוליעט איינס צום צווייטן, געהאַלטן זיך צוזאַמען. עס איז צוגעגאַנגען צו זיי אַ געשטאַפּאָניק און געהייסן די מיידלעך זיך אָפּרוקן און די עלטערן אַרויפגיין אַפן אויטאָ. די טעכטער האָבן נישט געוואָלט פאַר-לאָזן די עלטערן און זיי זיינען אַלע אַרויף אַפן אויטאָ. ווען מען איז געקומען אַף דעם עקזעקוציע־אָרט און געהייסן אַלע זיך אויסטאָן נאַקעט, האָבן ווידער די מיידלעך אַקעגנגעשטעלט, זיך אַליין נישט אויסגעטאָן און נישט געלאָזט די עלטערן זיך אויסטאָן. די געשטאַפּאָ־לייט האָבן זיך אָבער זייער געאיילט, ביז 12 אַ זייגער האָט געזאָלט פאַרענדיקט ווערן די ליקווידאַציע פון די יידן אין שטאָט. מען האָט זיי געהייסן זיך אָנבויגן מיטן פּנים צו דער ערד, אָבער די עלטערע טאָכטער האָט צעריסן אַף זיך דאָס קלייד, אַרויס פון פאָרנט און

אויסגעשריען: „ניין, באַנדיטישע, און קוק מיר אין די אויגן אַריין, נידער־טרעכטיקער, זאָלן מיינע אויגן דיך פאַרפאָלגן דאָס גאַנצע לעבן, דו פאַר־שאָלטענער דייטש!" די געשטאַפּאָ־לייט האָבן אַנגעשטעלט דאָס געווער און דערשאָסן די גאַנצע פאַמיליע און נאָכדעם האָבן די „באַודינסט" אַוועק־געטראָגן די טויטע קערפּערס צום אַלגעמיינעם קבר.

## קברים, וואָס באַוועגן זיך

פון יעדער פּור האָט מען אַראָפּגענומען אַלטע, קראַנקע, מענטשן מיט גרויע האָר, אינאיינעם אַ 140 מענטשן. די דאָזיקע מענטשן האָט מען אָפּ־געפירט מיט לאַסט־אויטאָס אין וואַלד באַם דאָרף מיניעץ. אַראָפּגעלאָזט באַם וואַלד און געזאָגט אַ 30 מעטער אין דער טיף, צו די, פון צוויי וואָכן שוין אָנגעגרייטע קברים. די עקזעקוציע האָט אויסגעפירט אַ פּלוטאָן, מיט רע־וואַלווער-באַוואָפנטע „זאָנדערדינסט", וואָס איז באַשטאַנען פון 15 מענטשן. צו הילף האָט מען אויסגענוצט אַ גרופּע „באַודינסט", וועלכע האָט פאַרשיט די טויטע מיט ערד און קאַלך. אין יעדער פון די דריי קברים ליגן צו דריי שיכטן מתים. לויט דעם באַריכט פון דעמאָלסטדיקן סאָלטיס פון דאָרף און אויך פון די מיטגלידער פון „באַודינסט", וועלכע האָבן גענומען אָנטייל אין פאַרשיטן די קרבנות, זיינען כמעט אַלע געווען לעבעדיק באַגראָבן. די ערד האָט זיך גערירט און געהויבן נאָך עטלעכע שעה נאָך דער קבורה.

נומער 45.

# ראַבקאַ

חנין מתאָום

## אַ שאָס אין קבר אַריין

אין ראַבקע איז געווען אַ שולע פאַר געשטאַפּאָ. „אָבערשטורמפירער" ראָזענבאום, מען האָט געזאָגט פון בערלין, האָט דערשאָסן אַ יידישע משפחה, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ פאָטער, מוטער און צוויי קינדער, ווייל זיי האָבן געהאַט די זעלבע פאַמיליע וואָס ער.

בעת דער אַקציע אין ראַבקע איז דער „שטאַבשאַרפירער" באַגנערט אַרונטערגעגאַנגען הינטער זיינע קרבנות און געשאָסן זיי פון הינטן. די דער־

שאָסענע זיינען אָדער אליין ארייננעפאלן אין גרוב, אָדער ער האָט זיי מיטן פוס אראָפּגעשטופּט. עס האָט זיך איינמאָל געמאכט, אַז דער גרוב איז שוין געווען פארשיט און פון אינעווייניק האָט זיך נאָך געהערט א כאָרכלען און כריפּען. איינער פון דער אוקראַינישער וואך האָט זיך אָנגעבויגן און אויס־געשאָסן אין קבר אריין, אָבער דאָס כאָרכלען האָט נישט אויפגעהערט.

נומער 200.

# דעמביצאַ

ליאָנקאַ גערטנער

## בילדלעך פון אַן אַקציע

עס איז שוין געווען איין גרויסער מאסן־קבר. די ערד האָט זיך נאָך געהויבן פון די הונדערטער מתים. אנדערן פיין זיינען דורכגעגאנגען די, וועלכע זיינען נאָך געבליבן אפן ארט. מען האָט געגעבן „קענקארטעס“... — „איך האָב א שטעמפּל, אָבער מיין ברודער און שוועסטער האָבן נישט“. — די פאמיליעס זיינען געווען צעריסן. די אָן די שטעמפּלען זיינען געשטאנען בלאסע און רעזיגנירטע. די געשטאפּאָ־לייט מיט רעוואָלווערן אין די הענט האָבן נאָכגעיאָגט נאָך די מענטשן. עס איז נעפאלן א באפעל: — „אלע אָן די שטעמפּלען — אַף דער לאָנקע!“

די לאָנקע איז געוואָרן פול מיט מענער, פרויען און קינדער. איינער פון די געשטאפּאָ־לייט האָט זיך דאָ געמאכט א פארוויילונג. ער האָט הויך געזאָגט: „ווער עס וועט זיך צושטופּן צום טיש, וועט באַקומען א שטעמפּל“. מענטשן האָבן זיך גענומען שטופּן איינער איבערן צווייטן. יעדער האָט געקעמפט פארן לעבן. ס'האָבן זיך דערהערט געשרייען און קרעכצן פון מענטשן, וועלכע האָבן זיך געשטיקט, וועלכע מען האָט געטרעטן מיט די פיס. אומזיניק האָבן מענטשן זיך געשטופּט פאָרויס. פון אויבן האָט געקוקט אַף זיי דער דיקער געשטאַפּאָניק. א סאדיסטיש שמייכעלע האָט געקרימט די ווינקעלעך פון זיין מויל; די פאַרויטלטע אויגעלעך זיינע האָבן רוצחיש געקוקט. באם טיש זיינען געשטאנען יונגע מיידלעך: — „מיר, ביטטע“ — האָבן זיי קוים ארויסגעצויגן די הענט מיט די קענקארטעס. „וואס?“ האָט שאַרף אויס־געשריען דער געשטאַפּאָניק און אויפגעהויבן די הענט מיטן רעוואָלווער. עס

זיינען געפאלן צוויי שאָסן. די מיידלעך האָבן אפילו נישט באוויזן א קרעכץ צו טאָן און זייערע צוויי קערפערס זיינען שוין געלעגן אין א קאלוזשע בלוט אויף דער ערד. אין א מינוט ארום האָבן זיך שוין מענטשן ווידער געשטופט צום טישל און ווידער איז געפאלן א שאָס. דאָס מאָל האָט עס געטראָפן א יונגן מאן. ער האָט געוואלט ראַטעווען זיין שוועסטער, און געזאָגט, אז דאָס איז זיין פרוי. „דאָס איז נישט דיין פרוי!" האָט אויסגעשריען דער געשטאפּאָניק, און א קויל פונעם רעוואָלווער האָט אדורכגעלעכערט דעם יונגנמאן.

נאָך דער „אקציע" זיינען מענטשן ארויס פון די באַהעלטענישן, פון די בונקערס. און ווידער א נייע אקציע און נייע שטעמפּלען. דער וועג איז איינגעפאַך פארזייט מיט טויטע קערפערס. עס זיינען געלעגן יונגע און אלטע, פרויען און קינדער: „ס'וועט שוין קיינער פון זיי נישט אנטלויפן" האָט געזאָגט איין געשטאפּאָניק צום צווייטן — „ס'איז נישט נייטיק זיי צו ציילן, ווי מיינסטו?" און צופרידענע פונעם וויץ, לאכן זיי.

נומער 352.

# רזשעפּעניק

אברהם קאָהאַנע

## א סעודה נאָך דער שחיטה

דריי א זייגער פארטאָג זיינען זיי געקומען, אויפגעוועקט אלע יידן און געהייסן יעדן מיטנעמען 25 קילאָ פון די בעסטע זאכן. מען האָט אלע פארזאמלט אויף א גרויסן פלאַץ. 12 געשטאפּאָ־לייט זיינען אריין אין שענק און זיך געהייסן דערלאַנגען פּופּצן ליטער בראָנפן. 6 א זייגער האָבן זיי געהייסן אלע מענטשן אפּן פלאַץ זיך שטעלן אויף די קני. די זאכן האָט מען צוגענומען און צוזאַמענגעלייגט אויף די אויטאָס. אלע מענטשן האָט מען נאָכדעם אָפּגעפירט אין וואלד לעבן דאָברי. אפּן וועג האָט מען אומרחמנותדיק געשלאָגן. ס'האָט זיך אָנגעהויבן די עקזעקוציע. ווען מען האָט פארשיט די גריבער האָט מען נאָך געקענט הערן: „דאָס ברענט מיר די אויגן". מען האָט לעבעדיקע מענטשן געוואָרפן אין גרוב אריין. די קינדער האָט מען געשלאָגן מיט די קעפּלעך אין די ביימער. מען האָט צעריסן קליינע קינדער.

נאָך דער פארענדיקטער „אקציע" האָבן די אַרטיקע קריסטן פארבעטן די געשטאפּאָ־לייט אויף א גרויסער סעודה אין שטעטל אריין. נומער 57.

# לאַנצוט

רעגינאַ לאַנדאו

## קערפּערס פון קינדער פאַר די חיות אין צירק

אין סעפּטעמבער 1939 האָבן די דייטשן אונדז געהייסן פאַרלאָזן לאַנצוט, און זיך אַריבערפירן איבער דעם סאַן, אונטער דראָונג פון טויט-שטראָף. 6 אַ זייגער אינדערפרי האָבן מיר זיך אַלע געדאַרפט פאַרזאַמלען אויפן פּלאַץ און ביז 1 אַ זייגער פאַרלאָזן די שטאָט. איניקע זיינען ווירקלעך געגאַנגען אין דער ריכטונג צום סאַן, אַנדערע האָבן זיך צעשטויבט אין די אַרומיקע דערפער, מיינענדיק אַז עס וועט זיך נאָך אויסשטיין, עס וועט זיך עפּעס ענדערן. איך האָב זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ דאָרף. אין אַ צייט אַרום בין איך צוריקגעקומען קיין לאַנצוט, וווּ איך האָב מיין שטוב שוין געפונען אינגאַנצן אויסגערויבט.

איינמאָל איז געקומען געשטאַפּאָ פון יאַראָסלאַוו. מען האָט איינגע-אָרדנט אַ „כאַפּען" אויף די גאַסן, מען האָט געכאַפּט 24 מענטשן, מענער און פרויען. מען האָט זיי געהאַלטן אַרעסטירט עטלעכע חדשים און אין איין נאַכט אַרויסגעפירט אויפן בית־עולם און דערשאָסן. עס האָבן זיך אָפּגע-ראַטעוועט איין פרוי און איין מאַן, זיי האָבן געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז זיי זיינען טויט און נאָך דער עקזעקוציע, נאָך פאַרווונדעטע, — אַנטלאָפן. די פרוי האָט זיך געהיילט אין שפּיטאָל אין זשעשאָוו, האָט זי דאָרט אַ גע-שטאַפּאָניק אויסגעפונען און דערשאָסן. דער מאַן האָט זיך געראַטעוועט. געשטאַפּאָ האָט געזוכט אין לאַנצוט, געהייסן אויפגראָבן דעם קבר פון די דערמאָרדעטע, דער חשבון האָט געשטימט, ווייל אינצווישן זיינען צוגעקומען נאָך צוויי קרבנות אויך אַ מאַן מיט אַ פרוי.

ווען עס איז פאָרגעקומען די אַקציע אין לאַנצוט בין איך אַוועק אין אַ דאָרף. דעם גאַנצן טאָג בין איך געווען אויסבאַהאַלטן אין קאַרטאָפל־פעלד, אַ פּאָר טעג צווישן די קוקורוזעס אין פעלד. עטלעכע טעג בא אַ באַקאַנטן פויער און סוף כל סוף צווישן קאָרן אין פעלד. אין דער זעלבער צייט האָב איך אויסבאַהאַלטן מיין שוועסטערס צוויי קינדער, אַ מיידעלע פון 7 יאָר און אַ יינגעלע פון 9 יאָר, אין שטאַל פון זייער געוועזענער היים. די קינדער האָבן געהונגערט. איך האָב געגנבעט פאַר זייערטוועגן גרינס אין די גערטנער. אין

א פּאָר טעג אַרום האָט עמיצער געטמסט, דערציילט דער געשטאַפּאָ, ווו די קינדער באַהאַלטן זיך. מען איז געקומען און די קינדער פאַרנומען. דער פאַרהער האָט געדויערט פון 4 פאַרטאָג ביז 1 נאָכמיטיק. זיי האָבן נישט פאַרראַטן נישט מיך, נישט די אַנדערע יידן. א געשטאַפּאָניק האָט זיי אַרויסגעפירט אַפן בית־עולם. אַפן וועג האָט ער געטרייסט דאָס מיידעלע, זי זאָל נישט וויינען ווייל: — „זי וועט גיין אין הימל, און דאָרטן זיך טרעפן מיטן טאַטן, מיט דער מאַמען און מיט די מומעס..." די קינדער האָבן נישט גע־וואָלט אַריינגיין אין טויער פונעם בית־עולם. דער געשטאַפּאָניק האָט ווידער געוואָלט צווינגען די קינדער, זיי זאָלן אויסזאָגן, ווו עס געפינט זיך די מומע, נאָר די קינדער האָבן נישט געזאָגט. ער האָט זיי געשלאָגן, געקאַפּעט מיט די פיס. אַפן בית־עולם האָט ער די קינדער געהייסן גיין אין די קשאַקעס און געשאָסן צוערשט אין מיידעלע. זי האָט באַקומען 4 קוילן, דאָס ייִנגעלע — דריי. די טויטע קערפּערס האָט ער נאָכדעם אַריינגעוואָרפן צו די חיות אין צירק, וועלכער איז דעמאָלט, גראָדע געשטאַנען אַפן מאַרק אין לאַנצוט.

נומער 224.

ראָזאַ וואַגנער

---

## דאָס אַריבערגיין איבערן סאַן אין 1939

מיר קומען צום סאַן גאַנץ פרי, נאָך דריי טעג וואַנדערן. באַם טייך שטייען געשטאַפּאָ־לייט און וואַרפן מיט כוח אַריין מענטשן אין די, אַזוי גערופענע, לאָדקעס — דאָס זיינען געווען צוויי צוזאַמענגעקלאַפּטע ברעטער, פון וועלכע עס זיינען געפאַלן אין וואַסער אַריין פרויען און קינדער. אַרום, אין וואַסער שווימען א סך שוין דערטרונקענע פון די פריערדיקע טעג. באַם ברעג שטייען פרויען אין וואַסער און האַלטן די קינדער איבערן קאָפּ, זיי בעטן הילף און די געשטאַפּאָ־לייט ענטפערן דערויף מיט קוילן.

מיר האָבן זיך מיט דער משפּחה אַריינבאַקומען אין שטעטל ראַדאָמישל אַפן צווייטן ברעג סאַן. דאָ האָבן געוווינט 45 יידישע משפּחות און מיר זיינען פאַרבליבן צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע אַרויסגעשיקטע פון טאַרנאָ־בזשעג, א געוויסע צייט. הונגער איז שמוץ. ווייטער פאָרן האָט מען נישט געקענט, ווייל עס האָבן גראַסירט באַנדעס. דער שטח ביז ראַוואַ־רוסקאַ איז נאָך נישט געווען אָקופּירט. מיר האָבן אַלע געוואָלט זיך אַרויסבאַקומען פון דעם דאָזיקן גיהנום.

נומער 101.

איזידאָר הערץ

# ווי אַזוי דער געשטאַפּאָניק אָעסטער האָט פאַרפּייניקט אַ יינגל

דעם 21־טן יולי 1942 האָט מען פון באַראַנאָוו אונדז אַריינגעזעצט אין די וואַגאָנען קיין רעמביצע. דאָרט האָט מען אונדז פון די וואַגאָנען אַרויסגעלאָזט, דערביי מערדערלעך געשלאָגן. דער גאַנצער וואָקזאַל איז געווען פאַרלייגט מיט יידן. נאָך דעם האָט מען אונדז אָפּגעפירט אויפן שטאָטישן פּלאַץ, וווּ עס פּאַשען זיך די בהמות און דאָרט זיינען שוין געווען צוזאַמענגעטריבן אַ 45.000 יידן פונעם גאַנצן ראַיאָן פון רעמביצע. מען האָט אונדז אויסגעשטעלט צו 10 און געטריבן פון איין אָרט אויפן צווייטן, דורך באַריקאַדן, וועלכע עס האָבן אויפגעשטעלט די ס״ס־לייט. דערביי האָבן זיי באַלד אַרויסגעכאַפּט די עלטערע מענטשן און אויפן אָרט דערשאָסן. זיי האָבן געשלאָגן און געפּייניקט אכזריותדיק.

9 אַ זייגער אינדערפרי זיינען געקומען נייע ס״ס־לייט און גענומען אויסקלייבן געזונטע און שטאַרקע מענער. אַלע האָבן זיך גענומען שטופּן צו אָט די גרופּעס. זיי האָבן שנעל אויסגעקליבן 4 גרופּעס, אין אַלגעמיין 450 מענטשן. איין גרופּע האָט מען אַרויסגעשיקט קיין זשעשאָוו, די צווייטע קיין פּוסטקאָוו, די דריטע קיין טאַרנאָבזשעג און די פערטע איז געבליבן אין רעמביצע, אַלס „ריינים־גונגסקאָמאַנדאָ". די ס״ס־לייט האָבן זיך גענומען מאַסנווייז מאָרדן די יידישע קינדערלעך. זיי האָבן די קינדער אָנגענומען בײַ די פיסלעך, אָפּגעהאַקט די קעפּלעך, אָדער מיט די קעפּלעך געשלאָגן אין די עלעקטרישע סלופּעס, וואָס זיינען געשטאַנען לעבן דעם שאָסיי. די איבעריקע האָט מען אַריינגעזעצט אין וואַגאָנען און אָפּגעשיקט קיין בעלזשעץ אין די גאַז־קאַמערן.

מיך האָט מען אָפּגעשיקט קיין זשעשאָוו. איך געדענק, ווי אַ יינגל פון גאָרני־סאָנטש האָט געוואָלט אַנטלויפן. מען האָט אים געכאַפּט און איבערגעגעבן אין די הענט פון דעם געשטאַפּאָניק אָעסטער. ער האָט דעם יינגל צוזאַמענגעקאָוועט די הענט מיט קייטן און געצוווּנגען זיך צו זעצן אַזוי, אַז די פאַרקאָוועטע אין די קייטן הענט זאָלן אַריבערנעמען די קניעס. צווישן די הענט און די קניעס אַדורכגעצויגן אַ לאַנגן שטעקן און אויפגעהאַנגען דאָס אַזוי צוזאַמענגעלייגט יינגל צווישן צוויי בענק. נאָכדעם

אנגעהויבן שלאגן איבער די הענט אזוי, אז עס האבן אנגעהויבן אראפ־שפרינגען די נעגל און די הענט זיינען געווארן אינגאנצן בלוי. נאכדעם האט ער זיך גענומען שלאגן איבער די פיס. דאס יינגל האט אנגעהויבן חלש'ן, האט ער אפגעלאזט א ביסל די קייטן, האט אים דערלאנגט מיט א שטעקן איבערן קאפ, שפעטער אים דערמינבערט און אוועקגעשטעלט. ערשט איצט האט ער אים ארייגעשאסן צוויי קוילן אין קאפ אריין. נאך דעם אלעמען האט ער זיך אוועקגעזעצט, פארויכערט א פאפיראס און געקייסן אוועקרוימען דעם טויטן קערפער.

נומער 314.

# ראדזשיעכאוו

מאריצי באגוער

## „נאך אין קיל"...

איינמאל זיינען אין א פריוואט הויז, וווּ עס האבן זיך פארזאמלט א פאר מנינים יידן צום דאווענען, ארייגעפאלן געשטאפאוועס פון סטאניס־לאוואו. זיי האבן ארויסגעיאגט די יידן, וועלכע זיינען נאך געשטאנען אין די טליתים, 40 מענטשן זיינען דאס געווען, אפן שאסיי. דא האט מען זיי גע־צוואונגען צו שטופן דעם אומגעהויער גרויסן פרעס, מיט וועלכן מען האט צעדרויבלט די שטיינער און געפלאסטערט מיט זיי דעם שאסיי. די יידן זיינען געפאלן אונטער דער לאסט פונעם פרעס, דערשעפט פון דער ארבעט. מען האט זיי געשלאגן, געשמיסן און סוף כל סוף דערשאסן.

אין יולי 1941 האבן די געשטאפא־לייט זיך אויסגעקליבן פון א גרופע ארבעטער 4 יונגע יינגלעך, זיי ארויסגעפירט אפן מארק, ארויסגעריסן זיי די האר, אפגעשניטן די פינגער און ערשט נאכדעם דערשאסן.

אין יולי 1942 האט א געשטאפאניק געכאפט א 29־יעריקע פרוי, אין מאמענט, ווען זי האט געוואלט ארויסרייסן אין א גארטן עפעס א גרעזל. ער האט זי געהייסן אוועקפירן אין פאליציי־פאסטן, אליין איז ער אוועק צו איר א היים, ווו עס איז געווען איר מאן און דריי קינדער, מיידעלעך פון 2, 4 און 5 יאר. דער מאן האט זיך געכאפט באצייטנס און איז אנטלאפן. די גע־שטאפא־לייט האבן פארנומען די קינדער און זיי געבראכט אפן הויף פונעם פאליציי־פאסטן, וועלכער האט זיך געפונען אפן מארק אין פאלאץ פון גראף

באָדעני. די קינדער האָט מען אַריינגעוואָרפֿן צו די הינט אויף צו פֿרעסן און די מוטער האָט דאָס געמוזט צוזען. נאָכדעם ערשט האָט מען דערשאָסן אויך די מוטער און אויך זי אַריינגעוואָרפֿן די הינט צו פֿרעסן.

דער „אַרבייטסשעף" האָט געהייסן אויסשטעלן די יידן, לויט די אַרבעט־פּאַכן, אויף אַ גרויסן פּלאַץ, צוגענומען בײַ זיי די אַרבעטס־קאַרטעס און גע־הייסן אויסשטעלן צו 4 אין אַ רייע צום מאַרש. צווישן די מענטשן איז אַנטשטאַנען אַ פּאַניק. מען האָט די קאָלאָנע אַרומגערינגלט מיט פּאָליציי און געטריבן קיין קאַמיאָנקאַ־סטרומילאָוואַ, 32 קילאָמעטער ווייט. אויפֿן וועג האָט מען געשאָסן און אומדערבאַרעמיק געשלאָגן. אין וועג האָט מען צום טראַנס־פּאָרט צוגעגעבן נאָך גרופּעס פֿון די אַרומיקע דערפֿער. מען האָט אַלע צו־זאַמענגעטריבן איבער צוויי גרויסע טיפֿע גריבער, פֿון וועלכע עס האָבן זיך שוין געהערט קרעכצן און שאָסן. אויפֿן פֿעלד איז געלעגן פֿיל קליידונג. ווייט אויף די בערגלעך זיינען געשטאַנען די אַרומיקע פּויערים און געקוקט. אין גרוב האָט מען אַריינגעטריבן צו 6 פּערזאָן. יעדן פֿון די 6 האָט מען אַריינגעקוקט אין מויל אַריין און אויסגעהאַקט די גאָלדענע ציין.

איך האָב זיך אַרויסגעגליטשט און בין געפֿאַלן. אויף מיר האָבן אָנגעהויבן פֿאַלן די אומגעשאָסענע מענטשן. איך האָב זיך ניט גערירט. די דייטשן האָבן געשריען: „עס לעבע די דויטשע רעוואָלוציאָן", „עס לעבע די דויטשע טעכניק", און די קרבנות האָבן געבעטן: „נאָך איין קויל"...

עס איז געוועזן אָוונט. די דייטשן האָבן געשיקט נאָך פּויערים, זיי זאָלן פֿאַרשיטן די גריבער. עס איז געווען אַ מאָמענט ווען קיינער איז נישט געווען. איך האָב זיך באַצייטנס אַרויפֿגעהויבן, זיך אַרויסבאַקומען פֿון אונטער דעם באַרג מתים, זיך אַרויסגעדראַפּעט פֿונעם גרוב און צווישן גראָז צוגעפֿויזשעט ביז צום וואַלד.

נומער 388.

# קשיאָנזש־וויעלקי

חיים עהרליך

## 10.000 אויף די לאָנקעס

איך בין געווען צווישן עולם געטריבענע צו דער „אויסזידלונג". די קאָנוואָיענטן האָבן אונדז אומרחמנותדיק געשלאָגן, מען האָט אונדז נישט

געגעבן קיין וואַסער צום טרינקען. מיר זיינען געגאַנגען אַזוי, אַז אין 10 שעה זיינען מיר אָפּגעגאַנגען 30 קילאָמעטער. צום סוף זיינען מיר אָנגעקומען קיין סלאָמניקי, וווּ מען האָט אונדז געהאַלטן 4 טעג אויף נאַסע לאָנקעס, אָן עסן און אָן טרינקען. אויף די דאָזיקע לאָנקעס האָבן זיך געפונען 10.000 מענטשן פון די אַרומיקע ערטער. אין דער גאַנצער צייט האָט מען אונדז איבערגעבראַכט מיט שטעקנס אַזוי, אַז איך בין נאָך צוויי חדשים שפּעטער געווען קראַנק. עס זיינען געווען פיל פאַלן פון געבורט. ווען אַ געווינערין האָט געשריען פון ווייטיק איז באַלד צוגעלאָפן אַן ס"ס־מאַן און געשלאָגן מיט שטעקנס ביז בלוט.

נומער 247.

# טשאַרטקאָוו

## אַ טאַנץ אויף גלאָז

דאָס ערשטע מאָל האָט מען געכאַפּט אויף די גאַסן אין טשאַרטקאָוו 380 יידן, כלומרשט אויף אַרבעט. מען האָט זיי פאַרנומען אויפן הויף אין דער תפיסה און דאָרטן דערהרגעט. 50 האָט מען דערשאָסן פון מאַשינען־געווער, די איבעריקע האָט מען געהייסן צעקלאַפּן פלעשער און נאָכדעם טאַנצן אויפן גלאָז באָרוועס. זיי האָבן זיך געמוזט נאָכדעם אויסלייגן אויף דער ערד, די הענט פאַרלייגן אויפן קאָפּ און לעקן און שלינגען דאָס זאַמד און ליים פון דער ערד. די דאָזיקע פאַרווילונג האָט געדויערט עטלעכע שעה. די וועלכע זיינען געבליבן אויף דער ערד פאַרחלשט, האָט מען געלאָזט ליגן, די איבעריקע האָט מען אַריינגעיאָגט אין הויז און געיאָגט איבער די טרעפּ אַרויף און אַראָפּ און אין לויף זיי געמאָרדעט מיט העק. די טויטע קערפּערס האָט מען באַגראָבן אויפן הויף פון דער תפיסה. פונעם גרוב האָט מען געהערט קולות: „כ'לעב נאָך, כ'בין נאָר פאַרוווּנדעט, פאַרשיט מיך נישט"... מען האָט דעם קבר דאָך פאַרשיט און פאַרצעמענטירט.

נומער 225.

# טאַרנאָפּאָל

אליעזר שטערנפעלד

## פּאָגראָם

מאָנטיק, אַרום 5 אַ זייגער אינדערפרי האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז די „אַקציע" האָט זיך אָנגעהויבן. אַ גאַנצע נאַכט בין איך נישט געשלאָפן, עס האָבן מיך געביסן די לייז און פליי. איך בין געווען אַזוי מיד, אַז איך בין געפאַלן פון די פיס. ווייל פרייטיק און שבת האָב איך געהאַרעוועט אין פעלד באַם שניידן און דרעשן די תבואה.

מאָנטיק אינדערפרי האָבן זיך אָפּגעשפּילט שרעקלעכע זאַכן. איין אומאויפהערלעכער געשריי פון דער מאַסע מענטשן. די מיליציאַנטן האָבן געפירט די פרויען, קינדער און אַלטע לייט צום אומברענגען. מענטשן פרווון אַנטלויפן, די ס"ס־לייט שיסן, עס איז פול מיט מתים און בלוט. איך און מיינע קאָלעגן זיינען געבליבן אויפן אָרט, וווּ מיר האָבן געאַרבעט. מיר וואַרטן דאָרט ביז די „אַקציע" וועט זיין פאַרענדיקט. ווען עס איז שוין געווען פינצטער האָבן מיר זיך געלאָזט צום געטאָ. דער טויער איז געווען אָפן. אַלע טירן פון די שטיבער — אויפגעמאַכט, די שויבן אויסגעהאַקט, טויטע קערפּערס אויף די גאַסן, ריטשקעס בלוט און עס בלאָנקען אַ פּאָר פאַראייניזאַמטע פאַרגעסענע קינדערלעך...

נומער 407.

# סטאַניסלאַוואָו

באַרבאַראַ וואַרשאַווסקאַ

## „היטלער שענקט אײַך סלעבן"

6 אַ זייגער אינדערפרי האָט מען געפירט קאָלאָנעס מיט מענטשן מיט פעקלעך, קינדער אין די וועגעלעך, מען האָט געשטויסן די אַלטע לייט און זיי געשלאָגן מיט די קאָלבעס פון די ביקסן איבער די קעפּ. איין אַלטיטשקן האָט מען אויפן וועג צעבראָכן דעם שאַרבן. 16.000 ייִדן האָט מען געטריבן

אפן בית־עולם. דאָרט זיינען געווען צוגעגרייט גרויסע ראָוון. נאָכעטע מענטשן האָט מען אריינגעוואָרפן אין ראָוו, ווו זיי זיינען ערשטיקט געוואָרן און אומגעקומען מיט א געמוטשעטן טויט. די קינדער האָט מען איינפאך אַפגעדרייט די קעפּלעך.

עפּעס צוויי פרויען זיינען פונעם זינען אראָפּ און געלאָפן איבער די גאַסן מיט א געזאַנג. א גאַנצן טאָג האָט מען געשאָסן. אפדערנאכט האָבן די ס״ס־לייט געזאָגט צו דער לעצטער גרופּער מענטשן: „היטלער שענקט אייך ס׳לעבן״. בעת דער „אקציע״ בין איך געווען באהאַלטן אין קעלער. מיין שוועסטער און שוואָגער זיינען געבליבן אין שטוב, ווייל מען האָט געמיינט, אַז ארבעטס־דאָקומענטן שיצן פארן טויט. פּלוצים האָב איך דערהערט א געשריי פון מיין שוועסטער: „נתן, איך וויל לעבן, מען נעמט מיך אוועק, איך וויל לעבן!...

נומער 54.

# קיליקאָוו

דר. יעקב גראָסבאַרד

---

## די ערשטע טראַנספּאָרטן קיין ביעלזשעץ

טאָג אויף טאָג, אין די אפדערנאכטן, פלעגן זיך די ס״ס־לייט לאָזן ווויל־גיין אפן חשבון פון דער שוצלאָזער ייִדישער באפעלקערונג: זיי האָבן גע־שלאָגן, געשאָסן, דעמאָלירט די שטיבער. געיאָגט צום טייכל און געהייסן זיך אונטערזינקען אינגאנצן און ווער עס האָט ארויסגעשטעלט דעם קאָפּ, גע־שלאָגן איבערן קאָפּ מיט א שטיק האָלץ. זיי האָבן זיך געמאכט אזעלכע פארוויילונגען, נישט קוקנדיק אויף דער צייט פון יאָר — צי זומער, צי ווינטער.

אין אַפּריל 1942 האָט מען אָנגעהויבן ארויסשיקן די ערשטע טראַנס־פּאָרטן קיין ביעלזשעץ. זיי זיינען אדורכגעפאָרן דורך קוליקאָוו, משאַ־וואגאָנען אינגאנצן פארמאכטע, די קליינע פענצטערלעך פארקראַטעוועטע מיט שטעכל־דראָט, און יעדער וואַגאָן אָפּגעהיט דורך א געשטאַפּאָ. פון אָנהויב האָט מען זיך נישט אָריענטירט וווהין און צו וואָס מען פירט. עס זיינען געווען איינצלנע פאַלן, ווען עמיצער איז ארויסגעשפרונגען פונעם

וואגאָן. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, ווען די טראַנספּאָרטן זיינען שוין געווען גאָר אָפּטע און מען האָט שוין געוווּסט וווּהין מען פּאָרט, איז שוין דאָס שפּרינגען פון די וואַגאָנען געווען אַפן טאָג־אָרדענונג. עס זיינען שוין געווען פאַלן, ווען מען האָט צענומען דעם גאַנצן וואַגאָן. אָבער די מערהייט פון די מענטשן, וועלכע האָבן געהאַט די דרייסטקייט צו אַנטלויפן, זיינען געפאַלן פון די קוילן פון געשטאַפּאָ, אָדער, שווער פאַרוווּנדעטע, געשטאָרבן מיט אַ געמוטשעטן טויט פון די הענט פון די אוקראַינישע פאַשיסטן. די פעלדער אין דער לענג פון דעם באַן־שטח זיינען געווען פול מיט מתים.

צוויי קינדער, פון 3 און 6 יאָר האָבן זיך צוגעשלעפּט צו קוליקאָוו. דער עלטערער, 6־יעריקער האָט געהאַט פיל וווּנדן פון קוילן, ער האָט דערציילט, אַז די מוטער האָט אים אַרויסגעוואָרפן פונעם וואַגאָן, און ער איז געבליבן הענגען אַף די שטעכל־דראָטן, מיט וועלכע עס איז געווען פאַרקראַטעוועט דאָס פענצטער, און דער געשטאַפּאָניק האָט געשאָסן אין אים, ווי אין אַ ציל, ביז ער איז אַראָפּגעפאַלן. וויינענדיק האָט ער איבערגעחזרט: „מיט וואָס האָב איך זיך פאַרשולדיקט, אָדער וואָס איז שולדיק מיין קליין ברודערל?"

וואָס אַמאָל אָפטער זיינען געווען פאַלן פון הונגער־טויט, אָדער פון דערשעפּונג, און מענטשן געשוואָלענע פון הונגער זיינען געווען אַ נאָרמאַלע דערשיינונג.

אין 1943 איז אַ 13־יעריק יינגל אַרויסגעשפּרונגען פונעם צוג, וועלכער איז געגאַנגען קיין ביעלזשעץ. עס האָט אים אָפּגעריסן אַ פוס. ער איז געלעגן אַ וואָך אין וואַלד, די פאַסטעכער האָבן אים געבראַכט עסן. ער איז געשטאָרבן אין וואַלד פון די וווּנדן.

פון די 550 יידן פון קוליקאָוו בין איך איינער באַם לעבן געבליבן.

# ראַדאָמסק

מאַריאַ ווידאָווסקאַ

---

## קאָנצענטראַציע

דאָס ראַדאָמסקער געטאָ — דאָס איז אַן אָפּגרונט פון נויט. טויזנטער אָפּגעריסענע האַלב־ווילדע, צווישן זיי אַלטע לייט, פרויען און קינדער. קוים זיך דערשלעפּט צום געטאָ און דאָרט אַוועקגעפאַלן טויט פון דערשעפּונג. אַ

שניי און אַ זאַוויערוכע. מיט גרויס מי האָב איך דאָס קינד איינגעאָרדנט אין סיך. עס איז, דאַכט זיך, געווען דאָס איינציקע וואַרעמע אָרט אין ראַדאָמסק. אַ שרעקלעכער געדראַנג. מיר האָבן נישט געהאַט קיין אָרט, ווו צו שטיין. די פאַרפרוירענע מענטשן שטופּן זיך אין סיך אַריין. די זשאַנדאַרמען, באַוואָפנט מיט שטעקנס יאָגן זיי אַוועק. פון די קלענערע שטעטלעך האָלטן אין איין אָנקומען נייע מאַסן אומגליקלעכע. אַ מאַרש פון הונגעריקע מענטשן, וועלכע האָבן זיך פון סעפּטעמבער ביז נאָוועמבער אויסבאַהאַלטן אין די וועלדער און וועלכע דער הונגער און די קעלט האָט פון די וועלדער אַרויסגעיאָגט. איצט האָבן זיי זיך אָנטשלאָסן צו קומען אַהער, אין ראַדאָמסקער געטאָ, ווייל די דייטשן האָבן גערופן די אַלע פון די וועלדער זיך צוצושטעלן, זיי צוגעזאָגט, אַז עס דראָעט זיי גאָרנישט אויף דעם אָרט, וועלכעס איז באַשטימט פאַר די יידן, ד. ה. אין געטאָ. עס איז געווען אַרויסגענאַרט. די דייטשן האָבן איינפאַך געוואָלט צוזאַמענעמען אַלע יידן אויף איין אָרט כדי אַלע אינאיינעם אומצוברענגען.

אַ חודש שפּעטער האָט מען ליקווידירט דאָס געטאָ, אַרויסגעשיקט די יידן קיין טרעבלינקע אין גאַז־קאַמער.

נומער 217.

# סאַסאָוו

מיכאל פעהלמוטער

---

## אַ העפלעכער תליון

די טאַקטיק פון „האַופּטשטורמפירער" וואַרזאַג איז געווען אַן אַנדערע, ווי די טאַקטיק פון געשטאַפּאָ אין אַלגעמיין. ער איז געווען העפלעך און כלומרשט גוט געשטימט צו די יידן. ער האָט אָדורכגעפירט די „אויסזידלונגען" מיט אַ גוטפריינטלעכער מינע און אין אַ שטימונג פון צוטרוי. ער האָט איבערצייגט די יידן, אַז די „אויסזידלונג" איז נאָר אַן ענדערונג פון אַרבעטס־אָרט. מענטשן האָבן זיך גאָרנישט פאַרגעשטעלט, אַז מען גייט אויף טויט זיי האָבן אין דער פולער רואיקייט פאַרנומען זייערע זאַכן, און ווידערשטאַנד אַריינגעגאַנגען אין די אויטאָס. וואַרזאַג האָט אַפילו אָנגעטרויט די יידן אין די הענט אַריין זייערע רעוואָלווערן...

נומער 223.

# באָריסלאַוו

גינאַ ווייזער

## פּאָגראָם, העלדישקייט, נקמה, ליקווידאַציע פונעם יתומים־הויז

אַזוי איז פאָרגעקומען דער שרעקלעכער פּאָגראָם אַדורכגעפירט דורך די אוקראַינישע פאַשיסטן. פון אינדערפרי אָן האָט מען אַרויסגעשלעפּט מענטשן פון די היימען, געפירט זיי אין דער ריכטונג צו דער תפיסה, ווו עס זיינען, כלומרשט, געלעגן אוקראַינישע דערהרגעטע, און אויפן וועג האָט מען די יידן געטומיתט. אַדורכגעפירט האָבן דאָס יונגאַטלעכע, וועלכע זיינען געווען באַוואָפנט פאַרשיידן, הויפּטזאַכלעך מיט פאַרשאַרפטע העמערלעך, וועלכע מען באַנוצט צום צעהאַקן שטיינער. אַ סך האָבן געהאַט ביקסן. מען האָט געבראָכן ביינער, אויסגעהאַקט די ציין און די אויגן. אין משך פון 24 שעה, וואָס עס האָט געדויערט דער פּאָגראָם זיינען אומגעקומען 180 מענטשן. מיך האָט מען געפירט, געשלאָגן, ביז איך בין געפאַלן חלשות; מען האָט מיך באַגאָסן מיט וואַסער און שפּעטער ווידער געשלאָגן.

אין שפּיטאָל האָב איך געזען מיין בעסטע חברטע אַזוי צעממיתט, אַז איך האָב זי נישט דערקענט. די אויגן זיינען געווען אַרויסגעשלאָגן און דאָס פּנים איינגאַנצן שוואַרץ. זי איז געשטאָרבן נאָכדעם, ווי זי האָט זיך נאָך אַ פּאָר טעג אָפּגעמאַטערט.

די אוקראַינער האָבן אַריינגעטריבן יידן אין די סטאַדאָלעס און לעבעדיקערהייט פאַרברענט.

אויפן צווייטן טאָג נאָכן פּאָגראָם האָט דער אוקראַינישער בירגער־מייסטער אַרויסגעגעבן אַ פאַרבאָט צו הרגענען יידן, און דאַך זיינען פון דאָרף געקומען אוקראַינישע היטלער־לייט און מיט קאָסעס זיך געוואָרפן אויף די יידן. עס איז געווען אַזאַ שרעקלעך בילד, אַז נישט קוקנדיק דערויף, וואָס איך האָב שוין אויך נישט איינס געזען, וועל איך דאָס קיינמאָל נישט פאַר־געסן. אַ ווילדע האָרדע מיט שטעקנס, קאָסעס און דרענגער האָבן זיך אַ לאָז געטאָן קעגן שוצלאָזע פרויען און קינדער. די דייטשן, וועלכע זיינען דעמאָלט געווען אין שטאָט, נישט געשטאָפּט, נאָר די איינפאַכע זעלנער און אָפיצירן האָבן געהאָלפן די פאַרברעכער. איך האָב באַקומען אַ פּאַטש פון אַן אָפיציר

צו וועלכן איך האָב זיך געווענדעט נאָך הילף. אין אויגוסט 1942 איז געקומען די געשטאַפּאָ פון לעמבערג, מען האָט אַרויסגעפירט דעמאָלט קיין ביעלזשעץ 5000 פּערזאָן. איך מוז דאָ דערציילן וועגן טויט פון מיין זיידן. ער איז געווען אַ פרומער ייד פון 78 יאָר. ער האָט באַשלאָסן, אַז ער וועט זיך גישט לאָזן נעמען קיין לעבעדיקער, און כאָטש איין דייטש וועט ער דער־הרגענען. נאָך דער „אויסזידלונג" האָבן מיר אים געפונען אַ דערשאָסענעם, ער איז געלעגן בא זיך אין שטוב, ווי אַ קרייץ אַף דער פּאָדלאָגע. די דייטשן האָבן אים געטראָפן באם דאַוונען. אין איין האַנט האָט ער געהאַלטן דעם סידור און אין דער צווייטער אַ האַק. ער איז געווען אין טלית. די קויל איז געווען פלינקער פון זיין האַק, אָבער אַ לעבעדיקער האָט ער זיך נישט געלאָזט נעמען.

די צווייטע אַקציע איז שוין געווען אַן איינגעפּאַקטע מאָרד־אַקציע אַפן אָרט. דעם 15־טן פעברואר 1943 האָט די אָרטיקע „שופּאָ" דאָס אַדורכ־געפירט, 6 אינדערפרי. 600 מענטשן, און צווישן דעם — אַ סך קינדער האָט מען אַריינגעשטופּט אין בנין פונעם קינאָ און געהאַלטן דאָרט דריי טעג. אין דער צייט האָט מען אין שטאָט, לעבן דעם שעכט־הויז געגראָבן פאַר זיי אַ גרוב. די עקזעקוציע איז דאָ פאָרגעקומען, ווי אומעטום. מענטשן אויס־געטאָן־נאַקעט האָט מען אוועקגעשטעלט אַף אַ ברעט איבערן גרוב און מיט מאַשינען־געווער זיי אָפּגעקערט אין גרוב אַריין. קינדער האָט מען פון די אויטאָס אַראָפּגעוואָרפן, געכאַפּט זיי באם קעפּל און ניט פאַרווענדעט אַף זיי קיין קויל, מען האָט זיי איינפאַך צעשמעטערט די קעפּלעך, אָדער מיט די קאָלבעס פון ביקסן, אָדער בא די ווענט.

פון דער דאָזיקער אַקציע וויל איך דאָ פאַרצייכענען אַן עפּיזאָד. די פרוי פון איין אָנגעשטעלטן אין נאַפט־גרובן, מיט אַ צוויי־יעריק קינד איז געווען פאַרשלעפּט אין קינאָ־בנין. דער מאַן האָט אויסגעבעטן באם דירעקטאָר, אַז מען זאָל זי אַרויסלאָזן. אָבער ביז דער מאַן איז געקומען נאָך איר, איז זי שוין געווען אַליין. דאָס קינד האָט מען בא איר צוגענומען, ווייל אין דער צייט איז שוין באם שעכט־הויז פאָרגעקומען די הריגה. ווען מען האָט זי אַרויסגערופן צוזאַמען מיטן קינד און דייטלעך אויסגערופן מיטן צוויי־יעריקן קינד, האָט זי גענומען באם הענטל אַן 8־יעריק ייִנגעלע, וואָס איז גע־שטאַנען דערנעבן און דערקלערט די מערדער, אַז עס איז אַ טעות, ווייל דאָס איז איר קינד און איז מיט אים אַרויסגעגאַנגען.

איך מוז אויך דערציילן דעם פאַל פון לאַנעק האָפמאַן. דאָס ייִנגל איז געווען נאָך אין דער פערטער „אַקציע", אין טראַנספּאָרט קיין ביעלזשעץ. מען

האָט געשיקט נאָך אים אַפֿן וואָקזאַל, מען זאָל אים אַרויסנעמען. ער האָט אָבער געוואָלט מיטנעמען מיט זיך אַ קינד, אַ גאַנץ פֿרעמד קינד, וועלכעס האָט זיך צוגעטשעפּעט צו אים. אַזוי ווי מען האָט דאָס אים ניט דערלויבט, האָט ער באַשלאָסן צוזאַמען מיטן קינד צו גיין אַף טויט. אָבער אַפֿן וועג זיינען זיי ביידע אַרויסגעשפּרונגען פֿונעם וואַגאָן און צוריקגעקומען קיין באָריסלאַוו. לאַנגע האָט אויסבאַהאַלטן דאָס קינד און זיין מוטער אין וואַלד, אין אַ בונקער. אָבער דער וואַלד־וועכטער, אַן אוקראַינער, האָט אויסגעגעבן דעם בונקער. די מוטער מיטן קינד זיינען געגאַנגען אַף טויט. לאַנגע האָט געשווירן, אַז ער וועט נעמען נקמה. ער האָט נישט געהאַט קיין געלט אַף קיין געווער, האָט ער אויסגעגראָבן אין וואַלד אַ פֿרעכטיק באַהעלטעניש, האָט עס פֿאַרקויפֿט און פֿאַרן געלט געקויפֿט אַ רעוואָלווער. און איינמאָל האָט ער זיך פֿאַרבאַהאַלטן אין שטיבל פֿונעם וואַלד־וועכטער, אויסגעוואַרט אַף אים און דערשאָסן.

אין דער אַקציע אין באָריסלאַוו האָבן די געשטאַפּאַ־לייט אַרויסגעוויזן אַ באַזונדערע בעסטיאַלישקייט און פֿאַרווילדעוועטקייט. זיי זיינען פֿאַרפֿאָרן מיט לאַסט־אויטאָס צום יתומים־הויז, פֿאַרנומען די קינדער פֿון 4 ביז 12 יאָר און זיי צוגעפֿירט צום וואָקזאַל. נאָכדעם האָבן זיי אַריבערגעוואָרפֿן די קינדער פֿונעם אויטאָ אין וואַגאָן אַריין, ווי מען וואַרפֿט איבער שטיינער. בא דער גרעסטער טייל פֿון די קינדער זיינען געווען איבערגעבראָכן, צוליב דעם, די הענטלעך, פֿיסלעך, אַ סך האָבן געהאַט צעקלאַפּטע קעפּלעך. די גרופּע האָט מען אַרויסגעפֿירט הינטער דער שטאָט, עס זיינען דאָרט געווען אויס־געגראָבן גריבער און כמעט אַלע לעבעדיקערהייט באַגראָבן.

נומער 89.

# באָבניאַ

אַננאַ שטיינבערג

---

## מען האָט נישט געגלייבט

איך האָב געוווּסט, אַז די „אויסזידלונג" האָט דעם ציל אַרויסצושיקן קיין בעלזשעץ, ווייל עס האָבן מיר מיטגעטיילט וועגן דעם מיינע קרובים פֿון ראַוואַ־רוסקאַ, אַז אַלע טראַנספּאָרטן גייען קיין בעלזשעץ און, אַז מען דער-

ווארט דאָרטן טראַנספּאָרטן פון זיעליטשקאַ און פון באָכניע. מיין שוועסטער האָט געאַרבעט באַם קרייז־האַופּטמאַן אין ראַוואַ־רוסקאַ און ער האָט עס איר דערציילט וועגן די קרעמאַטאָריעס אין ביעלזשעץ. אָבער אַלע באַקאַנטע וועלכע איך האָב געוואָרנט האָבן נישט געגלויבט, אַז דאָס איז אמת.

דעם 10-טן נאָוועמבער 1942 איז פאָרגעקומען די אַקציע אין באָכניע. מען האָט פאַרנומען עטלעכע צענדליק פערזאָן פון דער שטאָט, אַ ביסל אַרעסטאַנטן פון וויסניטש און עטלעכע פון די אַרבעטס־גרופּעס פון די פעלדער אַרום באָכניע — אין אַלגעמיין אַ 500 פערזאָן. מען האָט געשאָסן אויף די גאַסן. 70 טויטע זיינען געלעגן אויף די גאַסן פון באָכניע. די אַקציע האָבן אַדורכגעפירט די געשטאַפּאָ פון קראָקע, די געשטאַפּאָ־לייט קונדע און היינריך און אויך די געשטאַפּאָ פון באָכניע. וועגן דער דאָזיקער אַקציע האָב איך מיך דערוווסט פון מיינע קרובים פריער און האָב זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ דאָרף.

נומער 253.

# בראָדי

ראַפאַל שלעגער

---

## מעלדונגען

פאַרן געטאָ איז געווען אַרויסגעהאַנגען אַ מאָדעל מיט אַן אויפשריפט פאַר פאָליאַקן:

„האַלט! פאַר אַריינגיין אין געטאָ אַ שטראָף מיט אַרעסט און 1000 זלאָטעס".

און אויף דער יידישער זייט:

„האַלט! — די גרעניץ פון געטאָ — פאַרן אַריבערגיין די גרעניץ — טויט־שטראָף!"

נומער 66.

# פשעמישליאַני

הענרינע פעפער

## לעבעדיקע פאַרברענטע

איך האָב זיך מיטן ברודער באַהאַלטן אין גאָרטן. איך האָב געזען, ווי די דייטשן האָבן אונטערגעצונדן די פאָלקס־קיך און אַרײַנגעוואָרפן אין פייער אַרײַן מענטשן, אַז זיי זאָלן לעבעדיקע פאַרברענט ווערן.
ס'זיינען געבליבן לעבן נאָר די, וועלכע זיינען אַנטלאָפן אין וואַלד אַרײַן.
נומער 233.

# זבאַראַזש

לעאָפּאָלד ביעדער

## פּאָגראָם

די דייטשן האָבן אויסגעטאָן דעם רב'ס מאַכטער נאַקעט, זי אַרײַנגעזעצט אין אַ פאַס וואַסער. נאָכדעם צעריסן אַ פערינע און זי באַשיט מיט פעדערן. זיי האָבן שמאַרק געלאַכט און זיך פאַרווײַלט אויף דעם חשבון. זיי האָבן אַ גאַנצע מחנה יידן אַרײַנגעזעצט אין וואַסער אין סטאַוו, אין דעם אַנגעטועכץ און געצוווּנגען צו שטיין אַזוי, זיך נישט רירן, עטלעכע שעה.
די פאַרורטיילטע צום אומקומען זיינען געווען אינגאַנצן נאַקעט. זיי האָבן געמוזט אַליין פאַר זיך אויסגראָבן אַ גרוב, נאָכדעם האָט מען זיי דערשאָסן. עפּעס אַ קינד, וועלכעס מען האָט אַרײַנגעוואָרפן לעבעדיק, האָט געוויינט. און מען האָט געהערט דאָס וויינען נאָך לאַנג נאָכדעם, ווי מען האָט דעם גרוב פאַרשיט. אין צווייטן גרוב האָט מען אַרײַנגעוואָרפן מענטשן, וועלכע זיינען געגאַנגען צו דער אַרבעט, אַזוי אין אַנגעטועכץ מיט די אַרבעט־מכשירים אין די הענט, מיטן פרישטיק, וועלכן זיי האָבן זיך צו דער אַרבעט מיטגענומען; מען האָט זיי פאַרשיט שטייענדיקע.
מען האָט אויסגעפּאַרטיקט אַ צעטל אין דער „הימטעלקאָמאַנדאָ" אַרײַן 530 יידן. מען האָט די מענטשן, וועלכע זיינען געווען אין דעם צעטל אַרויסגעשלעפּט פון די בעטן. אויב מען האָט דעם, וועלכן מען האָט געזוכט אין דער היים נישט געפונען, האָט מען גענומען אַן אַנדערן — אַ פאַרטרעטער. די צאָל האָט געמוזט שטימען. גלייכצייטיק האָט מען אַרויפגעלייגט אַ קאָנטריבוציע פון גאָלד און געלט.
נומער 238.

ווּיקטאָר לישוער

# נאָך דער אַקציע. בריוו פון וואַרשע

מיר האָבן זיך באַהאַלטן אין אַ בונקער. מיר האָבן קוים באַוויזן צו פאַרמאַכן די ברעט איבער אונדזערע קעפּ, ווי מיר האָבן דערהערט: „יודן הערויס!" און ווילדע געשרייען און אַ קלאַפּן מיט די קאָלבעס. די ערד איז אונדז געפאַלן אויף די קעפּ, מיר האָבן זיך געשטיקט אין דעם ענגן בונקער און אַזוי זיינען מיר אָפּגעזעסן אַ גאַנצע נאַכט. אינדערפרי האָט זיך פאַר אונדזערע אויגן פאַרגעשטעלט אַ שרעקלעך בילד פונעם שטעטל. פאַר-איינצלטע מענטשן האָבן געבלאָנקעט איבער די גאַסן, געוויינט און געשריען. אַלע שטיבער זיינען געווען אָפן און דער המון האָט גערויבעוועט.

איינמאָל זיינען אָנגעקומען צוויי אויטאָס. אין ערשטן איז געזעסן דער געשטאַפּאָניק ראָקיטאַ. די יידן האָבן געמיינט אַרויסגיין אויף דער גאַס. ראָקיטאַ האָט געהאַלטן אַ רעדע, אַז איצט וועט מען אויסטיילן מענטשן, וועלכע וועלן גיין אין לאַגער און אַרבעט. איינע פון די פרויען האָט געפרעגט, צי וועט מען קענען גיין אין לאַגער, ווו איר מאַן אַרבעט שוין פון לאַנג. דערויף האָט ער געענטפערט: „וועסט גיין אין אַ לאַגער, ווו עס זיינען פאַראַן סאַמע שיינע מענער און וועסט דיר קענען אויסקלייבן וועלכן וועסט וועלן"... אויף מאָרגן 8 אינדערפרי האָבן זיך די יידן צונויפגענומען. די גרעסטע טייל פון זיי האָבן געהאַט בײַ זיך ציאַנקאַלי און מען האָט זיך פאַרהאַלטן גאַנץ רויִק. אָבער ראָקיטאַ האָט זיך נישט באַוויזן, עס האָט זיך פּלוצים פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז פאַרן חסד צו באַזעצן אין לאַגער פאַרלאַנגט ער 25 טויזנט זלאָטעס פון אַ פּערזאָן. די מענטשן זיינען צוריק אַ היים געגאַנגען.

עס איז געקומען דער „שוואַרצער פרייטיק". נאָכמיטיק האָט מען אונ-טערגעצינדן די יידישע שטיבער און די שול. די זשאַנדאַרמען זיינען גע-גאַנגען פון שטוב צו שטוב, גערויבעוועט, געהרגעט פאַרגוואַלטיקט יונגע מיידלעך.

***

איך האָב באַקומען פונעם זון פאָלגנדיקן בריוו, פונעם וואַרשעווער געטאָ:

„מיין טייערער פאָטער! איך דאַנק דיר פאַרן בריוו און פאַרן געלט, וואָס דו האָסט מיר איבערגעשיקט. שטעלסט דיר גאָרנישט פאָר אין וואָס פאַר אַ

לאַגע דיין ברודער האָט מיך געטראָפן. שוין פון דריי טעג האָבן מיר, איך און מיין פרוי, נישט געהאַט קיין ביסן אין מויל, און מיר האָבן געפילט, אַז עס דערנענטערט זיך צו אונדז דער הונגער־טויט. עס איז מיר שווער וועגן דעם אַלעם צו שרייבן. ווען דו וואָלסט אונדז געקענט פון דאַנען אַרויסראַטעווען... ווען איך גיי דורך לעבן אַ שויפֿענצטער און זע ברויט, האַלט איך מיך איין מיט אַלע כוחות, נישט אויסצוהאַקן די שויב און אַרויסנעמען אַ שטיקל ברויט. ווען דו זעסט אונדז, וואָלטן מיינע אַלע ווערטער געווען איבעריק"...

דער צווייטער בריוו:

„מיין טייערער פּאַטער! אפשר וועסטו דאָך האָבן אַ מעגלעכקייט מיך אַרויסצונעמען פון דאַנעט. איך און מיין פרוי וועלן זיך נעמען צו דער ערגסטער אַרבעט. אין וואַרשעווער געטאָ געפינט זיך אַן ערך פון אַ האַלבן מיליאָן יידן. יעדן טאָג עטלעכע הונדערט לוויות, די מתים ליגן צו דריי־פיר וואָכן אָפן בית־עולם. אויב דו קאָנסט ראַטעווען אונדז, ראַטעווע!..."

נאָך די דאָזיקע בריוו האָב איך אַ פּאַרצווייפלטער געבעטן באַ באַ־קאַנטע, זיי זאָלן מיר ראַטן וואָס צו טאָן. עס האָט מיר קיינער ניט געקאָנט העלפן. דאָס שטעטל האָט מען נישט געטאָרט פאַרלאָזן. עס האָט געדראָט טויט־שטראָף.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָב איך באַקומען נאָך אַ בריוו, געשריבן פון מיין שנור:

„טייערער פּאַטער! דיין זון קען ניט שרייבן אַליין, ער איז צו שוואַך, ער איז אינגאַנצן געשוואָלן. ער האָט איצט 41 גראַד היץ, אַז ער וועט זיין שטאַרקער וועט ער דיר אַליין אָנשרייבן".

דאָס איז געווען די לעצטע ידיעה וועגן מיין זון פון וואַרשע. נאָכן הונגער איז געקומען די ליקווידאַציע פונעם געטאָ.

## בונקער

מיר האָבן געטראַכט וועגן אַ באַהעלטעניש. אויסצובויען אַ בונקער איז נישט געווען לייכט, ווייל אונדזער שטוב איז ניט געווען קיין באַזונדערע און האָט נישט געהאַט קיין קעלער. לעבן דער קיך איז געשטאַנען אַ קליין טישל. דאָס ברעטל צווישן די פיסלעך פון דעם דאָזיקן קיך־טישל האָט זיך לייכט אַרויסגענומען. אונטער אָט דעם דאָזיקן ברעטל האָבן מיר אויסגעגראָבן אַ לאָך און צוריק פאַרדעקט אַזוי, אַז אַ זייטיקער מענטש האָט גאָרנישט געקענט באַמערקן. מיר האָבן אָבער געמוזט מאַכן אַזוי, אַז די ברעטלעך פון דער

פּאָדלאָגע זאָלן אין ערגעץ נים אָפּקליגנען פּוסט, ווי עס וואָלט ערגעץ אונטער זיי געווען עפּעס לײדיק. מיר האָבן מיט שוועריקייטן צוזאמענגענומען א סך עמערס מיט ערד. סוף כל סוף איז דער בונקער געווען פאַרטיק. עס איז געווען אזא שמחה אין דעם לאָך אונטער דער פּאָדלאָגע, אז מיר מענטשן האָבן זיך געקאָנט אהין אריינרוקן. אין א זייט האָבן מיר געמאכט א פּאַרטיפונג און דאָרט אוועקגעלייגט א ברעט און אריינגעשטעלט אהין וואסער און א ביסל און אפילו א קליינעם טערמאָס. אזוי זיינען מיר אָפּגעזעסן פיל טעג און נעכט פון דער אומגליק-צייט.

נומער 385.

# באָליעכאָוו

סטעפאַניאַ רעזלער

## דער טאַנץ פון נאַקעטע

די דייטשן האָבן צוזאמענגעטריבן אלע יידן אין איין זאל אין דעם שול-בנין אין באָליעכאָוו. מען האָט געצוואונגען אלע אלטע יידן און יונגע פרויען זיך אויסטאָן נאַקעט. באם אַקאָמפּאַניאמענט פון טאַנץ-מוזיק און גראַמאָפאָן-פּליטן האָבן זיי געמוזט טאַנצן די נאַקעטע אלטע יידן מיט די נאַקעטע מיידלעך. בעת די טענץ האָבן די געשטאַפּאָ-לייט געשאָסן אין זיי, ווי אין פייגל...

נומער 231.

הערמאַן לעווקאָוויטש

## „קוטשימאָניע"

מיר האָבן געגראָבן „קוטשימוניעס", ד. ה. גריבער, מער-ווייניקער פון 2 מעטער אויף 2. אין די דאָזיקע באַהעלטענישן האָבן מיר זיך געדאַרפט אויסבאַהאַלטן. די „קוטשימוניע" האָט געהאַט אַן אויווועלב. מיר האָבן געטראַכט באַנאַכט, אז דער רויך זאָל נישט פאַראַטן די באַהעלטעניש. אויף דער ערד איבערן בונקער האָבן מיר, מען זאָל נים דערקענען, אוועקגעשטעלט אַן אונטערגעפוילטן ווארצל פון א בוים, אויסגעדרײַזשעט אזוי, אז פון אונטן

איז ער געווען ברייט און פון אויבן שמאָל מיט אַ קליינער עפענונג, וועלכע איז באַטאָג פאַרמאַסקירט געווען, ווי צופעליק, מיט שטויב פון דעם אויסגעפוילטן האָלץ. אַזוי האָט אויסגעזען דער קוימען. דער אַריינגאַנג איז געווען אַ ביסל ווייטער. צום „קומשימוניע" האָט געפירט אַ טונעל. ספּעציעלע דייטשע אָפּמיילונגען האָבן געהאַט פאַר אַן אויפגאַבע אויסצוזוכן מיט הינט די „קאָרטשימוניעס". בעת איינער אַזאַ אַבלאַווע האָט מען אַרויסגעשלעפּט פון אונטער דער ערד 1.500 יידן. אַ סך האָבן נישט געוואָלט אַרויסגיין פון די באַהעלטעניש, האָט מען אַריינגעשאָסן אינעווייניק און די מתים זיינען געבליבן דאָרטן. איינער פון מיינע קאָלעגן איז אויך געזעסן אין אַ „קומשימוניע" מיט דער גאַנצער משפחה. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט עמיצער שטיל געזאָגט: „מען שטייט איבער אונדזער קומשימוניע". די מוטער האָט נישט אויסגעהאַלטן, באַקומען אַ נערוונדערשיטערונג און טיבן געשריי אַלע פאַרראַטן. פון דער אַבלאַווע האָט מען נאָר איניקע יונגע לייט אַרויסגעשיקט אין די לאַגערן.

נומער 283.

יוסף גרינער — 15 יאר אלט. *)

## אַ דערפאַרענער...

ווען עס איז געקומען דאָס געטאָ אין ווארשע האָבן מיר זיך אַריבערגעצויגן אַף צעגליאַנע 10. עס איז געווען וואָס אַמאָל שווערער מיט עסן, האָט זיך אָנגעהויבן דער שמוגל דורך די דראָטן. איך האָב זייער אַ גוטן אויסזען, בין איך געגאַנגען עטלעכע מאָל אין טאָג אַף דער פּוילישער זייט. פון אָנהויב איז נישט געווען אַזוי שטרענג. די פּוילישע פּאָליציאַנטן האָבן מיך געקענט און געמיינט, אַז איך בין אַ קאַטאָליק, ווייל אַ סך קריסטלעכע יינגלעך האָבן דעמאָלט געשמוגלט אין געטאָ אריין.

דער הונגער אין געטאָ איז געוואָרן וואָס אַמאָל שטאַרקער און דאָס אַרויסגיין וואָס אַמאָל שווערער. מען האָט געהיטן אַלע טויערן און אַדורכגענג. מיט דער סחורה האָט מען געדאַרפט זיין זייער פאָרזיכטיק, ווען עס איז געווען אַ וועקסלונג פון דער פּאָליציי. עס זיינען געווען אַזעלכע, וועלכע מען האָט באַצאָלט; אַנדערע האָבן אָבער נישט געלאָזט צוטרעטן צו זיך און באַלד געכאַפּט, אָדער באַלד געשאָסן. אָפט איז די גאַנצע סחורה „פאַרברענט" געוואָרן. צוויי מאָל האָט מען בא מיר צוגענומען אַלץ, וואָס איך האָב געהאַט, און געהאַט האָב איך דעמאָלט טייערע סחורה: קאָרן און צוקער. איך האָב אָנגעווירן מיין גאַנץ געלט און געדאַרפט אָנהויבן פונסניי.

עס זיינען געווען קליינע יידישע יינגלעך, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין סך געלט אַף צו האַנדלען און האָבן נישט געהאַט קיין כוח צו שלעפּן. זיי

---

*) די פּראָטאָקאָלן זיינען צונויפגעשטעלט געוואָרן אין 1945. אין דער צייט פון געטאָ און פון די לאַגערן זיינען די עדות־קינדער, הייסט עס געווען יינגער מיט 3-4 יאָר. — ט. פ.

פלעגן שפּרינגען הינטער די דראָטן און איבערן מויער ווי וועווריקעס: אַרײַנגעכאַפּט קאַרטאָפל, אָדער תבואה אין דער פּאַזוכע, אונטערן העמד און אַריבערגעטראָגן. איך האָב געקאָנט אויף איינמאָל אַריבערטראָגן 20 קילאָ קאַרטאָפל, אָדער ציבעלעס.

אין געטאָ איז געווען אַזאַ הונגער, אַז מענטשן זײַנען געפאַלן. טויטע זײַנען געלעגן אויף די גאַסן. עס האָט שרעקלעך געהערשט טיפוס־קראַנקהייט און בײַ אונדז אין דער היים זײַנען אַלע קראַנק געווען און זיי זײַנען געלעגן אין שפּיטאָל אויף לעשנע. דעמאָלט זײַנען געקומען אויף מיר שווערע צײַטן, איך האָב געמוזט דערנערן אַלע. ווען די מאַמע איז געווען געזונט האָט זי געאַרבעט אין אַ קיך פאַר קינדער און פלעגט אין אָוונט אַ היים ברענגען זופּ. איצט האָב נאָר איך געאַרבעט אויף זיי. ס׳איז מיר געווען אַלצאיינס, כ׳האָב נישט אכטונג געגעבן, כ׳האָב געקאָנט כאַפּן אַ קויל, כ׳האָב געוווּסט, אַז איך מוז פאַר זיי אַ היים ברענגען ברויט און עפּעס צום עסן. איך האָב זיך אַזוי לאַנג געהאַלטן ביז זיי זײַנען אַרויס פונעם שפּיטאָל. דעמאָלט האָב איך זיך אָוועקגעלייגט קראַנק אויף טיפוס. נאָך דעם טיפוס בין איך געווען אַזוי שוואַך, אַז איך האָב שוין נישט געקענט שלעפּן אַפילו 10 קילאָ קאַרטאָפל.

דער טאַטע איז געשטאָרבן פונעם טיפוס.

ווען עס איז געווען די ערשטע אַקציע אין געטאָ, בין איך געווען אויף דער אַרישער זײַט. עס האָבן מיר געזאָגט מײַנע באַקאַנטע קריסטלעכע יינגלעך איך זאָל נישט גיין, ווײַל זיי האָבן געזען, ווי די דײַטשן האָבן געשאָסן אויף דער גאַס קליינע קינדער. איך האָב נישט געקאָנט אויסהאַלטן, איך האָב זיך געוואָלט עפּעס דערוויסן. אויפן דריטן טאָג האָב איך געפונען דעם ברודער, אין דער פירמע, וווּ ער האָט געאַרבעט. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן אויפן בוידעם שטאָק און האָט געהערט, ווי דאָס שוועסטערל האָט געשריען ווען מען האָט זי אַרויסגעשלעפּט פון דער היים. די מאַמע האָט מען אויך צוגענומען.

דער ברודער האָט מיר געהייסן אַנטלויפן, נישט צוריקגיין אין געטאָ. איך האָב געפונען אַרבעט לעבן מאַרטשין אין דאָרף פּשיפּסקאָוו. איך האָב געזאָגט, אַז קיין טאַטן האָב איך נישט און די מאַמע האָט מען צוגענומען אויף אַרבעט קיין דײַטשלאַנד... מען האָט מיר געגלייבט.

עס איז געווען דאָרט אַ מיידעלע, וועלכע האָט אויך געפּאַשעט קי, דאָס איז באַשטימט געווען אַ יידיש מיידעלע. איך האָב נישט געוואָלט פרעגן, זי זאָל נישט מורא האָבן, נאָר איך האָב זי באַלד דערקענט. עס האָבן די

שטאַצימלער זי געבשעפעט, האָב איך זיי אזוי אַנגעקלאַפּט, אַז זיי האָבן זי צו רו געלאָזט.

אַ האַלב יאָר האָב איך אזוי געבענקט נאָך דער היים, אַז איך האָב נים געקענט נישט עסן, נישט טרינקען. איך האָב געוויינט גאַנצע נעכט. איינמאָל האָב איך פאַרנומען מיינע זאַכן און אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע. איך בין אַוועק אַף לויטסקאַ 20 און זיך דערוווסט, אַז דער ברודער לעבט. מען האָט מיר געשאַפן אַ דורכלאַז־שיין און איך בין צוזאַמען מיט די אַרבעטער אריינגעגאַנגען אין געטאָ. דער ברודער איז געווען נאָך דער קראַנקהייט שטאַרק אויסגעמאַגערט. ער האָט געוויינט, ווען ער האָט מיך דערזען.

עס איז געווען פרילינג 1943. מען האָט גערעדט, אַז די „פּאַרטיי" גרייט צו אַן אויפשטאַנד אין געטאָ. דער ברודער איז אַוועק צום אויפשטאַנד. ער איז געקומען באַנאַכט אין אַ מונדיר און געהאַט אַ רעוואָלווער.

אין אַפּריל איז געקומען אַ גרויסע „אויסזידלונג" און ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער אויפשטאַנד. הייזער, גאַנצע גאַסן האָבן געברענט. מיר האָבן געוואָלט אַדורכגיין דורך דעם קאַנאַל צום קליינעם געטאָ, צו די טאָבענס־ווערקשטאַטן. די קליידער האָבן אַף אונדז געברענט, אַפן קאָפּ האָבן מיר אָנגעטאָן בלעכענע קעסלען. פון דער גענשע גאַס ביז לעשנע זיינען מיר געגאַנגען אַ טאָג מיט אַ נאַכט. דער ברודער איז געגאַנגען מיט אונדז. ער האָט געזאָגט, אַז אַלץ איז פאַרלוירן.

אין קאַנאַל זיינען געווען שרעקלעך גרויסע שטשורעס, אַלטע, גרויע, זיי האָבן געפּישטשעט, ווי משוגענע און זיך געוואָרפן אַף אונדז. ווער ס'האָט געהאַט געווער האָט געשאָסן אין זיי.

צוויי וואָכן זיינען מיר געווען בא טאָבענסן, נאָכדעם האָט מען אונדז אַלע פאַרנומען אַפן „אומשלאַג־פּלאַץ". דריי טעג און דריי נעכט זיינען מיר דאָרט געשטאַנען און געוואַרט אַף אַ טראַנספּאָרט. די פּאָליציאַנטן — לאַטוויער — האָבן אונדז געשלאָגן און געמאַטערט. די דייטשן האָבן געשריען: „ווער האָט גאָלד, וועט באַקומען אַ ביסל וואַסער", ווייל מענטשן זיינען געשטאָרבן פון הונגער און דורשט.

מען האָט אונדז אָפּגעפירט קיין פּאָניאַטאָוו, נאָר קוים זיינען מיר אַרויס פון די וואַגאָנען האָט מען אונדז געהייסן אריין צוריק. די מענטשן האָבן געוווסט, אַז מען פירט אַף טויט.

מען האָט אונדז געבראַכט אַף ליפּאָווע, פון דאָרט צופוס קיין מיידאַנעק. אין מיידאַנעק האָבן מיר באַקומען „פּאַשיאַקעס" (געשטרייפטע אָנגעטועכץ) און נומערן. אַף אַ פּלאַץ אָפּגעצוימט מיט שטעכל־דראָט זיינען מיר געשטאַנען

א גאַנצע נאַכט. עס איז געגאַנגען א רעגן. עס איז געווען עפּעס א „שטראָף־רעגן, דאָרט איז אַלצדינג געווען א „שטראָף".

אין לאַגער איז געווען שטראָף־אַרבעט, אינגאַנצן אַן אומנוצלעכע: גריבער אויסגראָבן און צוריק פאַרשיטן; שטיינער איבערטראָגן פון איין אָרט אַפן צווייטן און נאָכדעם צוריקטראָגן; מאַרשירן אַרום אין די רייען. קליינע יינגלעך זיינען געגאַנגען א גאַנצן טאָג אַרום אין א קרייז, אין א זון און אין א רעגן-צייט.

דער בלאָקמאַן האָט פאַר אונדז געהאַלטן א רעדע: „ווייסט איר וואָס דאָס באַדייט ק. ל.? איר מיינט אוודאי, אַז קאָנצענטראַציע־לאַגער? ניין, דאָס באַדייט „קיין לעבן". איר ווילט אפשר דאָ לעבן? וועל איך אייך באַווייזן! ווער עס וועט זיך פאַרשפּעטיקן צום אַפּעל, ווער עס וועט האָבן פאַרבאַהאַלטן א שטיקל ברויט, אָדער געלט, אָדער א צווייט העמד — וועט אויפגעהאַנגען ווערן. ווער ס'וועט זאָגן א ליגן, ווער ס'וועט זאָגן אמת, ווער עס וועט אַר־בעטן פּאַמעלעך — וועט אויפגעהאַנגען ווערן"...

מיין שוועגערין האָט געאַרבעט אין „גערטנערײ". ווען איך האָב זיך דערפון דערוווּסט האָב איך מיך אַריינגעדרייט אין דער „קאָמאַנדע", וועלכע האָט געאַרבעט אַף דער „קאָמאַנדיראָווקע". ס'איז געווען נישט לייכט זיך צו זען. זי האָט געפּויזשעט צו מיר אַף דער ערד אין דער בלאָטע, אָבער וואָס פאַר א גליק דאָס איז געווען, ווען מיר האָבן זיך געזען, געקענט זיך אַרומ־נעמען און צעקושן. נאָכדעם האָט זי באַקומען געשלאָגן, נאָר אויך פון ווייטנס האָט זי מיר געשיקט קושן און געלאַכט, געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז עס טוט איר נישט ווײ.

פון לובלין, פון דער אַרבעט איז אַנטלאָפן איינער, דערפאַר האָט מען געדאַרפט אויפהענגען פינף. א גאַנצן טאָג האָט מען געבויט א תליה, מען האָט געזאָלט אויפהענגען בעת דעם נאַכט-אַפּעל. איך האָב אַזוי מורא געהאַט וועגן מיין ברודער, איך בין געווען אינגאַנצן, ווי צעדולט. אַלע האָבן געמוזט קוקן, ווי מען וועט אויפהענגען. עס איז געקומען די „פּלאַצוווקע" (גרופּע) 69 מענטשן. מען האָט געהייסן אַלע זיך אויסטאָן נאַקעט. א באַפעל: — ניט אויפהענגען, נאָר שלאָגן. יעדער האָט באַקומען צו 50 שמיץ. מען האָט אוועקגעלייגט אַף א באַנק, צום שלאָגן האָט מען צוזאַמענגערופן אַלע „קאַפּאָ" פון די פינף פעלדער. מען האָט אוועקגעשטעלט צוויי „קאַפּאָס" איינעם פון איין זייט און דעם צווייטן פון דער צווייטער זייט און זיי האָבן געשלאָגן, ווי שמידן אין א שמידעריי. ווען די מענטשן האָבן געחלשט האָט מען זיי באַגאָסן מיט וואַסער, דערמינטערט און ווייטער געשלאָגן. אַלע אין מיר־

דאַנעק האָבן אין אַ צייט אַרום פֿון שלאָגן געהאַט שוואַרצע „הינטנס". ווען מען האָט אין אָפּגערעט אָדער אין באָד געזען עמיצן מיט אַ חייםן „הינטן", האָט מען געוווּסט, אַז דאָס איז עפּעס אַ נייער.

מען האָט מיך אויסגעקליבן און אָפּגעשיקט אין בלאָק נומער 19, ווו עס זיינען געווען קראַנקע און קינדער. דאָרטן זיינען פֿאָרגעקומען אַלע מאָל סעלעקציעס צום גאַז. בײַנאַכט האָט מען פֿאַרנומען 13 מענטשן, עלנטע מענער און ייִנגלעך און זיי אַריינגעהאַנגען אויף די דראָטן. איך האָב געוווּסט, אַז פֿון דאַנעט וועל איך גיין נאָר אויף טויט. איך האָב געהערט, אַז מען שיקט יונגע אויף אַרבעט. איך האָב אונטערגעקויפֿט מיט ברויט דעם וועכטער און בין אַנטלאָפֿן פֿון דעם באַזיקן בלאָק. איך האָב זיך איינגעשלאָסן אין דער גרופּע, וועלכע איז באַשטימט געווען אויף אַרויסצופֿאָרן.

מיר זיינען אַרויסגעבאָרן אין סקאַזשיסקאַ־קאַמיענאַ. דאָרט איז געווען אַן אַרבעטס־לאַגער. שמוץ און שווערע אַרבעט, נאָר מער פֿרייהייט. איך האָב געאַרבעט בײַ הידראַ־לייטונג, בײַ דער צענטראַל־באַהייצונג אין אַ פֿאַבריק פֿון אַמוניציע.

זומער 1944 האָט מען אונדז אָוועקגעיאָגט אויף צוויי חדשים קיין סולעיאָוו, 500 מענטשן, דאָרט האָט מען געגראָבן שוץ־גריבער. די טאָג־נאָרמע איז געווען: אַ גראָב די לענג 10 מעטער, ברייט 6 מעטער און טיף 2.80. מיר פֿלעגן באַקומען אַ ברויט אויף 5 מענטשן אַ טאָג און אַ ליטער זופּ. אין פֿעלד פֿלעגט זיך אונדז אַמאָל איינגעבן אויסצוגראָבן אַ 60־40 קאַרטאָפֿל, בײַנאַכט פֿלעגן מיר אָפּקאָכן אין אַן אייזוועלע אויסגעשטעלט פֿון ציגל און אין בלעכלעך. קיין וואַסער איז נישט געווען, פֿלעגן מיר אָפּשפּאָרן פֿון דער קאַווע און קאָכן אין דער קאַווע די קאַרטאָפֿל. געאַרבעט האָט מען 12 שעה. צו דער אַרבעט האָט מען געיאָגט, אין לויף, 5 קילאָמעטער דורך זאַמד, אָדער בלאָטע, און אַזוי צוריק האָבן מיר געמוזט אין לויף, אַריבעריאָגן אַ טייכל, ווו דאָס וואַסער איז אונדז דערגאַנגען ביז איבערן פּאַס.

מיר זיינען אָנגעקומען אין לאַגער אין בוכענוואַלד. דער לאַגער האָט זיך געצויגן 40 קילאָמעטער. מיר זיינען דאָרט געווען נאָר דריי טעג. מען האָט אונדז געגעבן נומערן. אין דריי טעג אַרום איז אַוועק אַ טראַנספּאָרט אין די זאַלץ־גרובנס אין שטראַספֿורט. איך האָב זיך פֿאַרשריבן אַלס ספּעציאַליסט פֿון צענטראַל־באַהייצונג.

אַ הונגער איז דאָרט געווען אַ שרעקלעכער. אינדערפֿרי — איין ברויט אויף 5 מענטשן און אַ קאַווע, און דערמיט האָט מען געדאַרפֿט אַרבעטן ביז 6 אין אָוונט, און דאַן אַ וואַסער־זופּ מיט דריי קאַרטאָפֿל. טאָג טעגלעך זיינען

געפאלן מענטשן פון הונגער און דערשעפונג. מען האט געפרווט אנטלויפן, ווייל מען האט שוין געוווסט, אז די מלחמה גייט צום סוף. אבער אז מען האט געכאפט אזעלכן, וואס האט געפרווט אנטלויפן האט מען אים אויפ־געהאנגען אף א סלופ, אף די הענט, פארקאוועט אין קייטן. אפן נאקן האט מען אים אוועקגעשטעלט די שיסל. אונטער די פיס האט מען אונטערגע־לייגט ציגל אבער אזוי, אז נאר די שפיץ־פינגער האבן זיי קוים דערגרייכט. אונטן האט מען צוגעקלאפט עפיציקע אייזנס, וועלכע האבן זיך ארייג־געשטאכן, ווי נאר דער אומגליקלעכער האט א ריר געטאן מיט די פיס. אזוי איז ער געשטאנען 24 שעה. אויב ער האט נאך געלעבט האט ער באקומען א טאטשקע זאמד און זי געמוזט שטיפן אין לויף אזוי לאנג ביז ער איז געפאלן.

דאס איז געווען א שרעקלעכער לאגער. אלע מאל נייע שטראפן און הונגער.

נומער 135.

מארצעל גרונער — 11 יאר אלט.

---

## זיך באגעגנט מיט דער מאמען

אין לאגער אין פלאשאוו האט דער טאטע מיך אריינגעגעבן אין דער פאבריק פון בערשטלעך, ווייל מען האט געזאגט, אז קינדער, וועלכע וועלן נישט ארבעטן וועלן דערשאסן ווערן. אין דער בערשטן־פאבריק האבן מיר געמאכט בערשטלעך צו שיך און צו קליידער, צו שמירן מיט פאסטע און צום פוצן ביז גלאנץ. עס איז געווען א נארמע — 50 שמיר־בערשטלעך א טאג. ווען איך האב מיר אליין קיין עצה נישט געקענט געבן מיט דער נארמע, האט מיר עמיצער פון די עלטערע געהאלפן.

עס איז אמאל געווען א גרויסער אפעל אין לאגער. איך געדענק נישט, וואס פאר א דאטע דאס איז געווען. אלע האבן זיך געמוזט אויסטאן, נעמען די קליידער אונטער די ארעם און גיין איבערן פלאץ און דער „לאגער-ארצט" בלאנקע איז געשטאנען און האט געקוקט. ווען עס איז אים עמיצער נישט געפעלן האט ער אפגעשיקט צום טישל, דארט האט מען פארשריבן דעם נאמען. נאכדעם זיינען די דאזיקע מענטשן געגאנגען די ערשטע אין טראנספארט.

די קינדער אַלע, אפילו די, וועלכע האָבן געאַרבעט האָבן געמוזט גיין אין קינדער־היים. אַלע האָבן דערפאַר מורא געהאַט, ווייל פונעם „קינדער־היים" האָט מען אַרויסגעפירט. די קינדער האָט מען אוועקגעשטעלט אין אַ זייט. עס איז געקומען דער ליטער פונעם לאַגער און גענומען אויסקלייבן קינדער. איז אָבער אָנגעקומען דער קאָמענדאַנט גוט און געשריען אַף אים, אַז ער האָט געלאָזט צו פיל קינדער און גענומען אַליין אויסקלייבן. די קינדער, צווישן וועלכע אויך איך בין געווען, האָט מען אָפּגעפירט אין קינדער־היים. מיר זיינען געשטאַנען אין הויף, הינטער שטעכל־דראָט. עס האָבן אַנדז געהיט דייטשקעס „שטורמאַנקעס". דער טאַטע איז געגאַנגען צום קאָמענדאַנט און געבעטן מען זאָל מיך איבערלאָזן. צו ערשט האָט זיך געט געבייזערט און געזאָגט, אַז ער וועט דערשיסן דעם טאַטן, נאָר נאָכדעם האָט ער דערלויבט מיך פון דאָרט אַרויסצונעמען. פון 400 קינדער האָט מען אַפּגעראַטעוועט 15. מיר זיינען געזעסן אין שטיבל באַם וועכטער און ווען די קינדער זיינען געגאַנגען צום טראַנספּאָרט, זיינען נאָך 15 צו אונדז אָנגעלאָפן. אונדזערע 30 זיינען געזעסן אין וועכטער־שטיבל צוויי וואָכן. מיר האָבן נישט געקאָנט אַרויסגיין אין לאַגער, ווייל די אַנדערע מענטשן, ביי וועלכע מען האָט צוגענומען די קינדער האָבן נישט געקענט קוקן אַף אונדז און אַזוי געוויינט טאָג און נאַכט.

מיר זיינען געקומען קיין אַשוויענטשים, צוערשט קיין „אוישוויץ 1", ווו מיר זיינען געשלאָפן, און אַפּן צווייטן טאָג זיינען מיר צופוס געגאַנגען קיין בזשעזשינקי (בירקענאַו). דעמאָלט האָט מען שוין ניט געברענט קיין מענטשן. אין איינציקע קרעמאַטאָריעס זיינען שוין געווען איינגעלייגט, נאָר מיר האָבן דאָס נישט געוווּסט אַף זיכער און געמיינט, אַז מיר גייען אַף גאַז. ערשט ווען עס איז געקומען דער טאַטואירער און אונדז גענומען אויסטאַטואירן נומערן, האָבן מיר שוין געגלויבט, אַז מיר גייען נישט אַף טויט. מיר זיינען געווען אַף „דע־לאַגער". איך אין בלאָק 29 און דער טאַטע אין בלאָק 9. נאָר מיר האָבן געקענט זיך באַגעגענען און ריידן צווישן זיך. אין די ערשטע טעג האָט דער טאַטע געאַרבעט באַ זייער אַ שווערער אַרבעט, ער האָט געשלעפּט אייזערנע שטאַבעס און שינעס און שווערע מיילן פון אַראָפּלאַנען. נאָך עטלעכע טעג פון דער אַרבעט האָט ער געהאַט אינגאַנצן אָנגעשוואָלענע פיס און האָט שרעקלעך אויסגעזען. ער האָט זיך אָנגעהויבן באַמיען און זיך אַריינבאַקומען צו די שוסטערס, צום אויסאַרבעטן פאַרשיידענע זאַכן פון לעדער. דעמאָלט איז שוין געווען לייכטער.

איך האָב שטענדיק געטראַכט וועגן דער מאַמעשי, וועגן דעם, ווו זי איז און צי וועל איך זי נאָך אַמאָל זען? מען האָט אונדז געזאָגט, אַז עס קומען אָן פאַרשיידענע טראַנספּאָרטן און אויך פון פּלאַשאָוו. ווי נאָר איך פלעג זען פרויען דורך די דראָטן בין איך געלאָפן קוקן, צי וועל איך נישט דערזען די מאַמעשי.

איינמאָל האָב איך געזען, ווי אַ „קאָמאַנדרע" פרויען טראָגן דורך דער גאַס ברעטער. איך בין צוגעגאַנגען צו די דראָטן און געקוקט, נאָר די מאַמעשי איז צווישן זיי נישט געווען. פּלוצים האָט איינע פון די פרויען אָנגעהויבן שרייען: מאַרצעל, מאַרצעל! איך האָב דערקענט די שטימע, ס'איז געווען די שטימע פון דער מאַמעשי! אָבער די מאַמעשי האָב איך בשום אופן נישט געקענט דערקענען. זי איז געווען באָרוועס און אין שמאַטעס אָנגעטאָן. זי האָט זיך נישט געקענט פאַרהאַלטן, זי האָט געמוזט גיין צוזאַמען מיט די אַנדערע, נאָר איך בין נאָכגעלאָפן אין דער לענג פון די דראָטן און מיר האָבן אַזוי גערעדט. עטלעכע מאָל האָבן די פרויען אַזוי געטראָגן די ברעטער און יעדעס מאָל בין איך אַזוי געלאָפן ווי לאַנג מען האָט געקענט און גערעדט מיט דער מאַמעשי. די מאַמעשי האָט שטאַרק געוויינט. איך האָב זי געטרייסט און געזאָגט: „וויין נישט, מאַמעשי, עס וועט נאָך באַשטימט זיין גוט!" נאָכדעם בין איך געלאָפן צו די שוסטערס און געזאָגט דעם טאַטן, אַז איך האָב געפונען די מאַמעשי. דער טאַטע האָט זיך באַמיט בא די שוסטערס וועגן אַ פּאָר שטיוול און איבערגעוואָרפן דער מאַמען צו יענעם לאַגער, ווייל בײדע לאַגערן זיינען געווען איינער לעבן אַנדערן. עס איז ניט געווען קיין לייכטע זאַך, נאָר עס האָט זיך איינגעגעבן. דאָס ערשטע מאָל איז איין שטיוול געבליבן שטעקן צווישן די דראָטן און ערשט ווען די „אויסענקאָמאַנדאָ" איז צוריק געגאַנגען פון דער אַרבעט האָט דער קאַפּאָ אַרויסבאַקומען דעם שטיוול.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן די ליקווידאַציע פונעם לאַגער. איך האָב געוואָלט גיין מיטן טאַטן, נאָר די קינדער האָט מען געהייסן „צוריק" און נאָר די, וועלכע זיינען געווען עלטער פון 15 יאָר האָט מען מיטגענומען. דער טאַטע האָט זיך געזעגנט מיט מיר און איך בין געבליבן אַליין. ווען די מאַמעשי איז אַוועקגעגאַנגען ווייס איך אַפילו נישט...

נומער 8.

# די מאַמעשי איז אַוועקגעגאַנגען און איך האָב געמאַכט קאָנווערטן

מען האָט אונדז געהייסן זיך אַריבערפירן אין געטאָ און די מאַמעשי האָט באַקומען אַרבעט אין „אָפּטימאַ“. די מאַמעשי האָט נישט געקאָנט באַקומען קיין שטעמפּל און האָט אונטערגעקויפט דעם פּוילישן פּאָליציאַנט באַם טויער, האָט ער זי אַרויסגעלאָזט און זי איז אַוועקגעפאָרן קיין וויעליטשקאַ. איך האָב זיך באַהאַלטן צווישן די קאַרטאָפל אין קעלער. איך בין דאָרט געווען אַ טאָג. דער פעטער האָט געקויפט פאַר 16 טויזנט זלאָטעס צוויי שטעמפּלען בײַ די דײַטשן. די מאַמעשי איז נאָך דער אַקציע צוריקגעקומען.

מען האָט פאַרקלענערט דאָס געטאָ און מיר האָבן זיך געמוזט ערגעץ איבערציִען. נאָכדעם איז ווידער געווען אַ „אַקציע“. ס'איז געווען אַ סעגרעגאַציע. מען האָט „געצענטלט“. מען האָט דערשאָסן יעדן צענטן מענטש. די מאַמעשי איז געגאַנגען צו דער סעגרעגאַציע און איך מיט דער מומען אין קאַנאַל אַרײַן. שטשורעס מיט מײַז זײַנען געלאָפן. מיר זײַנען געזעסן אויף אַ ברעט. מיר זײַנען געווען דאָרט אַ טאָג. אין דער „אַקציע“ האָט מען פאַרנומען אַלע קינדער, וועלכע מען האָט געזען. נאָכדעם האָט איין דײַטש מיך דערזען אויף דער גאַס, האָט ער אָפּגענומען די ביקס און מיך געוואָלט דערשיסן, נאָר איך בין אַנטלאָפן.

מען האָט אויסגעבויט באַראַקן און אַריבערגעפירט אַהין מענטשן, אָבער נאָר אַרבעטנדיקע. איך בין דעמאָלט אַריבערגעגאַנגען צום קאָמיסאַר פון געטאָ, גוטער, און געזאָגט, אַז די מאַמע איז אין די באַראַקן, אַז איך בין אַלט 13 יאָר (כ'בין אַלט געווען 10 יאָר) און אַז איך וויל אַרבעטן. איך האָב באַקומען אַרבעט אין דעם פּאַפּיר„געמיינשאַפט“. איך האָב געמאַכט קאָנווערטן. פון 6 אינדערפרי ביז 4 נאָכמיטיק האָב איך געמוזט מאַכן טויזנט קאָנווערטן. איך האָב געטראָגן אַן אַרעמבאַנד מיט אַ בלעכענעם נומער און אַ לאַטע Z (ציוויל). איך האָב געאַרבעט נאָר איין חודש. אין פאַבריק האָט מען געזאָרגט פאַר מיר. ווען עס פלעגט קומען געט האָט מען מיר אונטערגעלייגט פּאַפּיר אויפן בענקל, עס זאָל אויסזען, אַז איך בין גרעסער.

נומער 288.

זיגמונד ווײַנרעב — 9 יאָר אַלט.

# אַרויסגעגאַנגען אין גאַס און נישט צוריקגעקומען

די מאַמע האָט פֿאַרקויפֿט דאָס פֿינגערל און זיך געקויפֿט אַ פּוילישע „קענקאַרטע“. נאָכדעם איז זי געפֿאָרן קיין מאַקאָוו־פּאָדהאַלאַנסקי, זוכן אַ וווינונג און איך האָב געזאָלט נאָכדעם נאָכפֿאָרן צו איר. איך בין געבליבן אין געטאָ ביז אָקטאָבער און פֿאַר דער סאַמע אַקציע האָט מיך אַרויסגעפֿירט מײַן קוזין, וועלכער האָט געהאַט פּראָטעקציע באַם קאָמענדאַנט פֿון דער גראַנאַטענער פּאָליציי (פּוילישע פּאָליציי — ט. פּ.) מיר זײַנען געגאַנגען קיין לאַגעווניק אין דער ציגלעריי, דאָרטן האָב איך געדאַרפֿט וואַרטן באַם וועכטער פּ... מײַן קוזין האָט געהאַט אַן אַדורכלאָז־שײַן און געטראָגן אַן אַרעמבאַנד און איך בין אים נאָכגעגאַנגען אַ פּאָר שריט פֿון דער ווײַטנס. עטלעכע טעג בין איך געזעסן באַם וועכטער און די מאַמע איז געקומען צו פֿאָרן נאָך מיר.

מיר זײַנען געפֿאָרן קיין מאַקאָוו און די מאַמע האָט זיך דאָרט אײַנגעמאָלדן און מיר האָבן געהאַט לעבנסמיטל־קאַרטן, נאָר מיר האָבן שטענדיק געהאַט שרעק, ווײַל עס איז געווען אַ מענטש, וועלכער האָט אונדז געקענט פֿון קראָקע. אָבער עס איז אַדורך. די מאַמע האָט אָפֿט געמוזט פֿאָרן קיין קראָקע צו פֿאַרקויפֿן פֿאַרשיידענע זאַכן. פֿון דעם האָבן מיר געלעבט.

אין מאַי 1944 איז די מאַמע, מיטוואָך אַפּדערנאַכט אַרויסגעפֿאָרן און געזאָלט קומען דאָנערשטיק אָדער פֿרײַטיק. זי האָט געזאָגט, אַז אויב עס וועט איר געלינגען איצט צו פֿאַרקויפֿן, וועלן מיר שוין האָבן רו אַ שטיקל צײַט. דערווײַל, ווי זי איז אַוועקגעפֿאָרן, איז זי שוין מער ניט צוריקגעקומען. ווען די מאַמע איז אויך זונטיק נישט געקומען האָב איך געמיינט: אוי, שלעכט! און נאָך האָב איך געטראַכט, אפֿשר איז געווען שטאַרק ענג און די מאַמע האָט ניט געקאָנט זיך אַרײַנבאַקומען אין צוג. אָבער אין אַ פּאָר טעג אַרום איז געקומען נאָך מיר פּ. און דערציילט, אַז די מאַמע איז געווען בײַ אים, אַרויסגעגאַנגען אין שטאָט און שוין מער ניט צוריקגעקומען. ער האָט צוזאַמענגענומען עטלעכע זאַכן און מיר זײַנען צוריקגעפֿאָרן אין דער ציגלעריי. בײַ פּ. האָט זיך אויך אויסבאַהאַלטן מײַן קוזין, וועלכער איז געזעסן אין אַ קעמערל.

אַרום 24־טן יוני איז פּ. געפֿאָרן קיין מאַקאָוו, כּדי צו ברענגען די איבעריקע זאַכן. דערווײַל איז דאָרט אַלץ אַנטדעקט געוואָרן, אַז מיר זײַנען ייִדן

און דאָרט האָט מען אים איבערגעגעבן דער פּאָליציי. אין דער ציגלעריי האָט מען טעלעפאָנירט פונעם פּאָליציי־פּאָסטן פון מאַקאָוו און די פרוי פ. האָט זיך דערוווּסט. זי איז געקומען צולויפן צו מיר און צום קוזין, אַז מיר מוזן באַלד אַנטלויפן, ווייל מיט איר מאַן פ. וועט קומען פּאָליציי. מיר זיינען געגאַנגען ווו די אויגן האָבן געטראָגן אין פעלד, געבלאָנדזשעט איבער בערג און טאָל. נאָכדעם האָט דער קוזין געזאָגט, אַז מיר מוזן זיך צעשיידן, ווייל אַזוי וועט אונדז עמיצער דערזען. ער האָט געהייסן מיר איבערשלאָפן די נאַכט אין פעלד און אַפן צווייטן טאָג קומען אַף בראָדזינסקאַ גאַס. ער האָט מיר נאָך געוויזן דעם וועג פון באָרצי־פּאָלענצקיענאַ אַף זאַקשוווענ. דאָרט האָט געוואַקסן הויכע תבואה.

כ'האָב געהאַט אַ פּערטל ווייס־ברויט, האָב איך אויפגעגעסן. דאָס ווינטער־היטל האָב איך מיר אונטערגעשפּיליעט אונטער דער נאָמבע, זיך איינגעוויקלט אין דער בלוזע און אַזוי געשלאָפן. אָבער אַפן צווייטן טאָג האָב איך דעם קוזין אַף בראָדזשינסקי־גאַס נישט געטראָפן און אים שוין מער נישט געזען. איך מיין, אַז מען האָט אים געכאַפּט. איך בין געגאַנגען איבער די גאַסן פון פּאָדגוזשע און דערזען אַ קרוב פון מיין באַלעבאָסטע, פון מאַקאָוו, וועלכער איז אַרויסגעשטיגן פון אַ דראָזשקע. איך בין אַנטלאָפן, איך האָב מורא געהאַט פאַר אים. נאָך שוין אַפן צווייטן טאָג האָב איך אים ווידער געטראָפן. ווו איך בין געגאַנגען האָב איך אים געטראָפן. איך ווייס נישט, צי זיינען דאָס געווען אַנדערע מענטשן צו אים ענלעכע, צי האָט זיך מיר אויסגעדאַכט. איך בין געווען שטאַרק הונגעריק און אויסגעמאַטערט. נאָך אַ נאַכט בין איך געשלאָפן אַף זאַקשוווקע. נאָך אינדערפרי בין איך שוין געווען קוים אַ לעבעדיקער. איך האָב געטראָפן אַ טראַמוויי־אַרבעטער און ער האָט מיר אַן עצה געגעבן, איך זאָל גיין אין „זשלאַבעק" (זווינגלינג־היים) אַף פּאָלנע גאַס אין דעמבניקי. דאָרט האָט מען מיר געזאָגט, אַז מען נעמט אָן נאָר קליינע קינדער און איך בין געגאַנגען ווייטער...

# „מיר איז געלונגען דעמאָלט צו דערגרייכן די מאַמע"

קיין אַשוויענטשים זיינען מיר געפאָרן 3 טעג. ס'איז געווען זומער 1943, נאָר די דאַטע געדענק איך נישט. מען האָט אונדז אויסגעלאָדן אַף דער ראַמפּע אין בירקענאַו (בזשעזשינקי) און אויסגעשטעלט אין קאָלאָנעס. עס זיינען געקומען יידן פון „קאַנאַדע" און עסקאָרטירט דעם טראַנספּאָרט אין באָד אַריין. „קאַנאַדע" דאָס זיינען געווען די מאַגאַזינען מיט זאַכן, וואָס זיינען געבליבן נאָך די פאַרגאַזירטע יידן. די יידן, וועלכע האָבן דאָרטן גע־אַרבעט האָט מען גערופן, די „מענטשן פון קאַנאַדע". מיר האָבן געזען די קוימענס פון די קרעמאַטאָריעס און געפרעגט די מענטשן וואָס דאָס איז. זיי האָבן געזאָגט, אַז דאָס זיינען „בעקערייען". מיר זיינען געשטאַנען אין דער ריי. ס'האָט קיינער נישט געוווּסט אַף אַן אמת וווהין מיר גייען: צי אין באָד, צי אין גאַז אַריין. יעדער האָט אויפגעגעסן אַלץ וואָס ער האָט געהאַט מיט זיך, ווייל עס האָט געקענט זיין שוין דאָס לעצטע מאָל עסן, איז בעסער אויפ־צועסן. ס'האָט קיינער נישט געוויינט, נאָר אַלע האָבן פּאָליטיקירט. צו ערשט זייען געגאַנגען פרויען. 5 טעג האָבן מיר נישט געוווּסט, וואָס עס איז מיט זיי געוואָרן. נאָכדעם האָב איך דערזען די מאַמעשי אין שכנותדיקן בלאָק.

איך האָב מיך אַריינבאַקומען, צוזאַמען מיט אַנדערע יינגלעך, אַף אַר־בעט אין „ראָללקאָמאַנדאָ". עס זיינען געווען צוויי ראָללוואַגנס און עס איז געווען אַ סך אַרבעט. עס איז צוגעקומען אַ דריטער ראָלוואַגן. די גרעסטע אַרבעט איז געווען ווען עס זיינען אָנגעקומען טראַנספּאָרטן. איך געדענק אַ טראַנספּאָרט פון טערעזיענשטאַט, אַ סך פון די מענטשן זיינען שוין אָנגע־קומען טויטע, דערשטיקטע, אָדער געשטאָרבן פון דערשעפּונג. זייערע טויטע קערפּערס האָבן מיר אַף די ראָלוואַגנס אָפּגעפירט אין די קרעמאַטאָריעס צום פאַרברענען. אַף צוריקוועג פון קרעמאַטאָריע האָבן מיר גענומען האָלץ אין די בלאָקן אַריין. עס פלעגט זיך אונדז אַמאָל איינגעבן צו באַקומען פאַרן האָלץ ברויט פון די בלאָקמענער. אַף די ראָלוואַגנס איז מען געפאָרן איבערן גאַנצן לאַגער. האָב איך מיך לייכט געקענט זען מיט דער שוועסטער און מיט דער מאַמעשי.

ווען איך האָב נאָך געהאַט אַ מעגלעכקייט האָב איך אָפּגעפירט פאַר דער מאַמעשי און שוועסטער ברויט. מיר איז שטענדיק געווען לייכטער, ווייל אין

אונדזער לאַגער „דע" האָט מען געקענט עפּעס „אָרגאַניזירן". די מענטשן פון דער „זאָנדערקאָמאַנדאָ", וואָס האָבן באַדינט די גאַז־קאַמער און די קרע־מאַטאָריעס האָבן צוויי מאָל אין וואָך באַקומען „צולאַגע" אַ צווייטע פּאָרציע ברויט. עס פּלעגט שטענדיק זיין עפּעס אַ הונגעריט לעבלעך ברויט. די פון דער „זאָנדערקאָמאַנדאָ" האָבן זיך אין דעם ברויט ניט געניטיקט. זיי האָבן גע־אַרבעט בא די קרעמאַטאָריעס און גענומען נעמען, וואָס זיי האָבן געוואָלט פון די וואַליזקעס פון די מענטשן, וועלכע זיינען געגאַנגען אין גאַז. זיי האָבן דעמאָלט געהאַט געגנוג פון עסן. נאָכן ברויט פלעגן זיי קומען, אָבער אונדז האָבן זיי אויך דערלויבט דאָס ברויט צו „כאַפּן". די יינגלעך האָבן שוין גע־ווּסט ווען די „זאָנדערקאָמאַנדאָ" קומט צו פאָרן נאָכן ברויט און געהיטן די מינוט. ווער עס איז געווען שטאַרק און געשיקט גענוג, דער האָט געקענט „כאַפּן" אַ ברויט אָדער צוויי. אַז עס האָט זיך איינגעגעבן האָט מען געקענט נאָכדעם אָפּפירן דער שוועסטער און דער מאַמען אַ ברויט. אָבער נישט שטענדיק האָט זיך איינגעגעבן. מען האָט געדאַרפט זיך היטן פאַרן בלאָקמאַן. איינמאָל האָט ער מיך געכאַפּט ווען איך האָב שוין געהאַט דאָס ברויט, און האָט מיך אַזוי צעשלאָגן מיט אַ שטעקן, אַז איך האָב דריי טעג נישט געקענט גיין. אָבער דאָס האָט סיי ווי נישט געהאָלפן: ווען עס איז געווען אַ „צולאַגע" האָב איך שטענדיק געקעמפט פאַרן ברויט.

צוויי מאָל אין די אָשוויענטשימער צייטן בין איך געווען אויף סעלעק־ציעס. דאָס ערשטע מאָל צוויי וואָכן נאָך אונדזער אַהערקומען, איידער מען האָט אונדז איבערגעפירט פונעם ציגיינער־לאַגער „ע" אין לאַגער „דע". אין לאַגער „דע" זיינען איבערגעגאַנגען נאָר מענטשן פעאיקע צו אַרבעט. דעמאָלט האָט דער דאָקטאָר באַשטימט צום פאַרברענען 280 מענטשן, און דערונטער 60 קינדער. איך בין געווען צווישן זיי. צו ערשט איז געווען אַ „בלאָקשפּערע", מען האָט נישט געגעבן אַרויסגיין, נאָכדעם „אַלעס אַנ־טרעטן!" — אַלע צום אַפּעל, ביז איין פּאַס נאַקעטע, און דער דאָקטאָר איז געגאַנגען און געקליבן. נישט אונטערזוכט די מענטשן, נאָר אַזוי, געגאַנגען און געקוקט. ווער עס איז געווען שטאַרק מאָגער, עלטערע מענטשן, ווער עס איז אים נישט געפעלן און אויך קלענערע קינדער האָט ער אוועקגעשטעלט אין אַ זייט. איך בין געווען אַ גאַנץ גרויסער, נאָר איך האָב זייער שלעכט אויס־געזען און עס האָבן מיר אַרויסגעשטאַרצט די ביינער. די מענטשן האָבן זיך באַמיט צו שטיין גלייך און צו געפעלן דעם דאָקטאָר, מען האָט געהאַלטן הויך דעם קאָפּ און אַרויסגעשטעלט די אויגן. עס האָט אויסגעזען זייער לעכערלעך. נאָכדעם זיינען די, וועלכע אַף לעבן, געגאַנגען צוריק, און מיר אין אַ באַזונדערן בלאָק.

מיר האָבן שוין אַלע געוווּסט, וואָס עס וואַרט אויף אונדז. איך האָב ניט געוואָלט גיין אין גאַז, איך האָב מיר געטראַכט, עס איז בעסער מען זאָל מיך דערשיסן נאָך איך וועל אַנטלויפן. מען האָט אונדז געבראַכט זופּ. עס האָט זיך באַ דעם מיר געמאַכט אַ געשטופּעריי, עפּעס אַ מהומה. איך בין אַרויפֿגעשפּרונגען אויף דער פּריטשע, פֿון דער פּריטשע אויף דער סופּיט־בעלקע, אויסגעקלאַפּט מיטן פּוס אַ פֿענצטער און אַרויס אויפֿן דאַך. נאָך מיר זיינען אַרויסגעשפּרונגען נאָך אַ פּאָר יינגלעך. איך בין אַריין אין בלאָק צום טאַטעשי און דאָרט זיך אויסבאַהאַלטן. אויפֿן צווייטן טאָג איז מיר געלונגען זיך אַריבערצושמוגלען, צוזאַמען מיטן טאַטן, אין „דע״־לאַגער.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, ווען מיר האָבן געאַרבעט באַ די ראַלוואַגנס איז געווען אַ סעלעקציע פֿון יינגלעך. מען האָט פֿאַרנומען אַלע יידישע יינגלעך פֿונעם „דע״־לאַגער און אַריינגעזעצט אין בלאָק 11. עס איז געווען אַ שטראָףבלאָק און מיר האָבן געוווּסט, אַז קיין גוטס וואַרט אונדז נישט. אין דעם זעלבן טאָג זיינען מיר אַלע אַנטלאָפן און זיך אויסבאַהאַלטן אין פֿאַרשיידענע בלאָקן. נאָר ס׳האָט אונדז נישט געהאָלפֿן. דער בלאָקמאַן, מיט לעאָנען פֿון דער פּראָוויזאַציע האָבן איינגעאָרדנט אויף אונדז אַ געיעג און האָבן אונדז אַלע געכאַפּט. יעדער פֿון אונדז האָט באַקומען צו 20 שמיץ און צוויי מאָל אין די ציין אַריין. פֿון די 50 יינגלעך, וועלכע זיינען דעמאָלט געווען אין בלאָק 11 האָט מען אויסגעקליבן נאָר דריי, וועלכע זיינען געווען יינגער פֿון 9 יאָר און זיי האָט מען פֿאַרברענט. אַ חוץ זיי זיינען געווען נאָך קליינע יינגלעך, זווילינגס, נאָר זיי האָט דר. מענגעלע איבערגעלאָזט, ווייל ער האָט געניצט זיי בלוט צום אַנאַליז.

אין צוויי וואָכן אַרום — אַ נייע סעלעקציע. דאָס מאָל האָט מען אונדז פֿאַרנומען אין „וואַש־ראַום״. פֿון דאָרט זיינען מיר אין דער רייע אַריינגעגאַנגען אין אַמבולאַטאָריע. אין אַמבולאַטאָריע איז געווען דר. מענגעלע, דער וועלכער האָט שמענדיק געמאַכט די סעלעקציע, און ער האָט געקוקט צי מיר האָבן די מאָס. מען האָט געדאַרפֿט האָבן 1.50 מ. ווען נישט איז מען נעגאַנגען אויף גאַז. איין ייד האָט געהאַלטן איבער אונדז די ליניע פֿון דער מאָס, און ווען מענגעלע האָט ניט געקוקט האָט ער זיך באַמיט זי אויסצובויגן, האַלטן שיעף. יעדער פֿון אונדז האָט זיך באַמיט מיטן קאָפּ צו דערגרייכן די מאָס, מען האָט זיך געשטעלט אויף די שפּיץ־פֿינגער. ס׳האָט אָבער קיין סך נישט געהאָלפֿן: 32 יינגלעך האָבן נישט דערגרייכט די מאָס און זיי האָט מען אָפּגעפֿירט אין אַ באַזונדערן בלאָק. מיר האָט זיך דעמאָלט איינגעגעבן צו דערגרייכן די מאָס...

די מאַמע מיט דער שוועסטער האָט מען איבערגעפירט אין פ. ק. ל. (פרויען קאָנצענטראַציאָנס לאַגער) און עס איז געוואָרן שווער זיך מיט זיי צו זען. איך האָב געבעטן דעם בלאָקמאַן, ער זאָל מיר פון צייט צו צייט דערלויבן צו גיין מיט דער קאָמאַנדאָ פון די קאַנאַל־רייניקער. דעמאָלט וואָלט איך געקענט זיך זען מיט זיי. דעצעמבער 1944 האָט מען די שוועסטער אַרויסגעשיקט מיט אַ טראַנספּאָרט קיין דייטשלאַנד, און דעם טאַטן — אַ ביסל שפּעטער. די מאַמעשי איז געבליבן ביז צום לעצט, אָבער צוויי טאָג פאַר דער ליקווידאַציע פונעם לאַגער בין איך קראַנק געוואָרן אַף מאָזלען און געהאַט אַ הויכע טעמפּעראַטור. איך בין געלעגן אין „קראַנקענבאו". איך ווייס ניט וואָס עס איז געוואָרן מיט דער מאַמעשי, ווייל ווען איך בין אויפגעשטאַנען איז זי שוין ניט געווען, מען האָט זי אוודאי אוועקגעשלעפּט מיטן לעצטן טראַנספּאָרט.

ווען די דייטשן האָבן אָנגעהויבן אַנטלויפן האָבן מיר מורא געהאַט, אַז זיי זאָלן אונדז נישט מיטנעמען מיט זיך, אָדער זיי זאָלן אונדז נישט דערשיסן. האָבן מיר דריי, איך און ניימאַן פון ביאַליסטאָק און אַ רוסיש יינגל — טשאַבאַן, זיך געמאַכט אַ באַהעלטעניש אונטער דער פּאָדלאָגע. מיר האָבן דאָרט געהאַט אַ זאַפּאַס מיט עסן, ווייל די מאַגאַזינען זיינען דעמאָלט געווען צעשלאָפּט און מען האָט געקענט אַלץ נעמען. אין דער באַהעלטעניש זיינען מיר געזעסן צוויי טעג. ווען די רוסן זיינען געקומען, זיינען מיר דריי געגאַנגען קיין קראָקע.

נומער 4.

אַדאַם לאַנדרעסבערג — 15 יאָר אַלט.

---

## ווען די פרייז פון ציאַנקאַלי איז שטאַרק געשטיגן

אין אויגוסט 1942 האָט מען די מאַמעשי געכאַפּט אַף דער גאַס, ווען זי איז געגאַנגען צו דער אַרבעט מיט נאָך עטלעכע פרויען, און מען האָט זי אָפּגעפירט אין יאַנאָווער לאַגער. פון דאָרטן האָט מען זי אָפּגעשיקט מיט אַ טראַנספּאָרט קיין בעלזשעץ און מער האָב איך שוין קיינעם נישט געזען און נישט געהערט וועגן דער מאַמעשי. וועגן בעלזשעץ האָט מען צוערשט געזאָגט, אַז דאָס איז אַן אַרבעטס־לאַגער, ערשט נאָכדעם זיינען געווען קלאַנגען, אַז אַלע גייען אַהין אַף טויט.

איך בין געבליבן מיטן טאטן און מיר האבן געוווינט אין שטאט ביז סעפטעמבער 1942. בעת דער גרויסער סעפטעמבער אקציע האט מען אונדז פארנומען אין דער אוקראינישער מיליץ. דער טאטע האט געהאט גוטע פאַפּירן, האט מען אים באפרייט; מיך האט מען פארהאלטן. נאר דער טאטע האט זיך נישט געוואלט צעשיידן מיט מיר און מיר זיינען אוועק ביידע אין יאנאווער לאגער. דארט איז געלונגען דעם טאטן אויסצובעטן מיך און מיר זיינען צוזאמען צוריקגעגאנגען אין אונדזער וווינונג. דער טאטע איז ווייטער געגאנגען צו דער ארבעט, איך פלעג אלץ איינקויפן און קאכן. דאס האט מיר פארנומען דעם גאנצן טאג און איך האב נישט געהאט קיין צייט אף גארניט עפעס אנדערש.

אין סעפטעמבער האבן מיר געמוזט איבערגיין אין געטא. מיר האבן נישט געהאט קיין דירה, מיר זיינען געווען אן געלט און אן זאכן. מיר זיינען געשלאפן אף די טרעפ, אדער גאניקעס. נאכדעם האט דער פעטער אונדז אריינגענומען אפן בוידעם פונעם הויז, ווו ער האט געוווינט. עס איז געווען דעמאלט שרעקלעך. עס האט געהערשט די טיפוס־עפידעמיע, מענטשן זיינען געפאלן ווי די פליגן, טויטע זיינען געלעגן אף דער גאס. איך געדענק נישט גענוי די דאטעס און ווייס נישט ווען וועלכע פאקטן עס זיינען פארגעקומען, נאר איינציקע קאן איך אנגעבן גענוי. איך ווייס ניט פארוואס, נאר איך האב עפעס מאדנע פארלוירן דעם זכרון. איצט איז מיר שוין א ביסל בעסער, נאר עס זיינען געווען מאמענטן, דעמאלט ווען איך האב זיך אויסבאהאלטן, אז איך פלעג מיך אויפכאפן באנאכט און בשום אופן זיך נישט געקענט דערמאנען, ווי אזוי ס'האט געהייסן די מאמעשי.

מען האט אונדז אפגעשטעלט אף א פלאץ, ווו מען האט צוזאמענגענומען די אלע, וועלכע זיינען שוין אדורכגעגאנגען דאס לעגיטימירן זיך, דארט האט מען ווידער סעגרעגירט און ווידער האט מען מיך אוועקגעריסן פון דער גרופע, אבער אויך איצט איז מיר געלונגען זיך דורכצושמוגלען צו דער גרופע ארבעטנדיקע. נאכדעם האט מען אונדזער גרופע פארנומען אין איינעם פון די בלאקן פון שווארץ'ס ווארשטאטן און דא איז פארגעקומען די לעצטע סעגרעגאציע, אבער אזא גענויע, אז איך האב שוין גארניט געקענט אויסטאן.

מען האט מיך צוגענומען, און דער טאטע האט אף דייטש אויסגעשריען: „דאס איז מיין זון!" דעמאלט האט מען דעם טאטן צוגענומען צוזאמען מיט מיר צו די אנדערע, וועלכע זיינען געווען באשטימט צום טראנספארט אף טויט. דער טאטע איז געשטאנען אין א זייט. נאר עס איז געקומען דער דירעקטאר פון „רויסטאף" נאך זיינע מענטשן און צוגענומען

דעם טאַטן צו די אַרבעטנדיקע און איך בין געבליבן אַליין. דאָס אַלצדינג איז פֿאָרגעקומען אין אַזאַ איילעניש און פאַרווירונג, אַז איך האָב אַפֿילו נישט באַוויזן זיך אָפּצוגעזעגענען מיטן טאַטן.

מען האָט אונדז באַלד צעטיילט אַף גרופּן און אַרויסגעפֿירט פֿונעם לאַגער. דאָ האָט מען אונדז אַריינגעזעצט אין אָפֿענע טראַמוויי-וואַגאָנען און אָפּגעפֿירט אפֿן קלעפּאַראָוו-וואָקזאַל. איך ווייס ניט וויפֿל עס זיינען געווען מענטשן, איך ווייס נאָר אַז זייער אַ סך. אייניקע קינדער זיינען געווען אין-גאַנצן קליינע, אָן עלטערן. איין קינד, אַ פּיצעלע, איז פּלוצים געשטאָרבן אין וואַגאָן. מען האָט געהייסן אויסטאָן די שיך און די מאַנטלען. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט צוזאַמען מיט אַנדערע אַף דער פּאָדלאָגע און אַראָפּגענומען די שיך. איך בין געווען באָרוועס און אָן אַ מאַנטל אין וואַגאָן. אין דעם וואַגאָן זיינען מיר געווען 140 מענטשן. בײַ דער וואַנט זיינען געלעגן די קראַנקע אַף טיפֿוס, די גוסס'דיקע און קליינע קינדער. אייניקע האָבן גע-דאַוונט, אַנדערע — געוויינט. אַלע האָבן מיר געוווסט איינס: מיר פֿאָרן קיין ביעלזשעץ. מיר זיינען געשטאַנען אין וואַגאָן פֿון 12 באַטאָג ביז 11 אין דער נאַכט. דעמאָלט איז פֿאָרגעקומען דער אַרויספֿאָר. לעבן בזשוכאָוויצע האָבן מיר זיך אָנגעהויבן גרייטן צום אַנטלויפֿן. ס'איז מיר געווען אַלצאיינס. איך האָב געוווסט, אַז איך גיי אַף טויט, איך האָב נישט געוואָלט שטאַרבן און אויב שוין שטאַרבן, איז ניט אין ביעלזשעץ אין גאַז. איך בין אַלט געווען דעמאָלט 12 יאָר, נאָר איך האָב געהערט און גוט געוווסט, וואָס עס וואַרט אַף מיר. דער ערשטער איז אַרויסגעשפּרונגען דורכן פֿענצטערל, וואָס איז געווען זייער הויך, אַ קליין ייִנגעלע, נאָך אים, עפּעס אַ מאַנספּאַרשוין, דער דריטער — איך. פֿונעם צוג האָט מען אָן אויפֿהער געשאָסן, ווייל יעדעס מאָל איז עמיצער געשפּרונגען, נאָר עס איז געווען פֿינצטער און עס איז געווען שווער צו טרעפֿן. איך בין אַרויסגעשפּרונגען און באַלד פֿאַרלוירן דאָס באַוווסטזיין. איך האָב אָנגעקלאַפּט מיטן קאָפּ אין עפּעס אַן האַרטער זאַך, וואַרשיינלעך אין אַ סלופּ. עס האָט מיך אויפֿגעוועקט אַ דורכדרינגענדיקע קעלט.

עס איז שוין געווען נאָוועמבער, אַ קאַלטע נאַכט. איך בין געווען באָרוועס און אָן אַ מאַנטל. דאָס גאַנצע לייב האָט מיך ווי געטאָן, ווי איין ווונד. אַפֿן פּנים האָב איך געפֿילט פֿאַרגליווערט בלוט. עס איז געווען אפֿשר דריי אַ זייגער פֿאַרטאָג. איך האָב געטראָפֿן צו דער ערשטער כאַלופּע און אָנגעקלאַפּט. ס'האָט מיר קיינער נישט געעפֿנט. אַזוי בין איך געגאַנגען פֿון כאַטע צו כאַטע ביז ענדלעך איין טיר האָט זיך געעפֿנט. אַן אוקראַינישער פּויער האָט מיר אַ לויכט געטאָן מיטן לאַמטערנדל אין פּנים אַריין און שוין

געוווסט ווער איך בין. ער האָט שוין, ווארשיינלעך, געקענט אזעלכעע פּליטים פון אַנדערע טראַנספּאָרטן. ער האָט מיך ארייַנגעפירט אין דער סטאַראָלע און דערלויבט זיך דורכצושלאָפן אין היי. ער האָט מיר געזאָגט, אַז איך בין דריי קילאָמעטער פון זשולקעוו. אינדערפרי האָט ער מיר געבראַכט אין סטאַראָלע ארייַן פרישטיק און וואַסער צום וואַשן זיך. ער האָט מיר געהייסן אַ קוק טאָן אין שפּיגעלע, איך האָב געהאַט דאָס פּנים פול מיט פאַרטריקנט בלוט. איך האָב געהאַט איין גרויסע וווּנד אויפן שטערן, נאָך וועלכער איך האָב ביז איצט אַ סימן, און אַ סך קליינע ווונדן איבערן גאַנצן פּנים. דער גאַנצער קערפּער האָט מיר ווי געטאָן אַזוי, אַז איך האָב מיך קוים געקאָנט רירן, אָבער איך האָב געמוזט גיין ווייטער.

ווען איך בין צוריקגעקומען קיין לעמבערג האָבן מיר געוווינט אין געטאָ אין די קאַזאַרמעס פון די „רוישטאָף” ווארשטאַטן, וווּ ס'האָבן געוווינט אַלע אַרבעטער פון דער דאָזיקער פירמע צוזאַמען מיט די קינדער. די קינדער האָבן געהאַט ספּעציעלע לעגיטימאַציעס. די „אַקציעס” אין געטאָ האָבן געדויערט כמעט אומאויפהערלעך. מען האָט געכאַפּט יונגע מענטשן אין יאַנאָווער לאַגער ארייַן, מען האָט געכאַפּט אַלטע לייט צו די טראַנספּאָרטן קיין בעלזשעץ.

קינדער האָט מען אויך געכאַפּט און נישט קוקנדיק אויף דער לעגיטימאַציע האָט מען זיך געדאַרפט היטן און אויסבאַהאַלטן, ווייל אָפטער האָט גאָרניט געהאָלפן.

אין יאַנואַר האָט זיך אָנגעהויבן די שרעקלעכסטע, די בלוטיקסטע אַקציע קעגן אַלע נישט אַרבעטנדיקע. דער טאַטע איז אַרויסגעגאַנגען צו דער אַרבעט און איך בין געזעסן אין בונקער צוויי טעג. נאָכדעם זיינען מיר אַרויסגעגאַנגען אויף דער גאַס. אומעטום זיינען געלעגן נאַקעטע טויטע. מען האָט דערשאָסן דעמאָלט אין געטאָ אַ 2000 מענטשן. עס זיינען געפאָרן שליטנס אָנגעלאָדן מיט נאַקעטע טויטע קערפּערס, צוגעדעקט מיט פּלאַכטעס, אויפן יאַנאָווער בית־עולם, וווּ מען האָט זיי באַגראָבן.

אין דער צייט איז אין „רוישטאָף” פאָרגעקומען אַ רעדוקציע פון די אַרבעטער און מען האָט דעם טאַטן רעדוצירט. מענטשן האָבן זיך דעמאָלט באַמיט צו קריגן „ווע”, דאָס איז געווען אַ סימן „וועהרמאַכט”, ד. ה. אַז מען אַרבעט פאַרן מיליטער. דער טאַטע האָט זיך באַמיט און נישט געקענט באַקומען, האָט ער זיך געקויפט אַזאַ פאַלשע „ווע”. דאָס האָט מען געטראָגן אויף דער ברוסט פון פאָרנט. ווער עס האָט געהאַט פאַר וואָס האָט זיך געקויפט סם, אָבער די פּרייז אויף ציאַנקאַלי איז דעמאָלט שטאַרק געשטיגן. איין

פּאַרציע האָט געקאָסט ביז דריי טויזנט זלאָטעס. אַ „ווע" האָט יעדנפאַלס געקאָסט ביליקער — באַ אַ 300 זל. אַ שטיק און דער טאַטע האָט זיך געקויפט אַזעלכעס, ווייל ער האָט נישט געהאַט מער קיין געלט.

דעם 27־טן יאַנואַר 1943 האָט מען דעם טאַטעשי געכאַפּט, באַם אַרויסגיין, און פֿעסטגעשטעלט, אַז ער האָט אַ פאַלשע „ווע", מען האָט אים פאַרנומען אין תפיסה אף זשעראָמסקע גאַס און אין צוויי טעג אַרום איז געקומען דער קאָמענדאַנט פון יאַנאָווער לאַגער און אים צוגענומען אין לאַגער אַריין. איך בין געבליבן אַליין מיט אַ קוזינע, וועלכע איז געווען עלטער פון מיר מיט אַ יאָר און דאַן האָב איך באַשלאָסן צו אַנטלויפן פונעם געטאָ.

איך בין אַוועק אף סערבסקע גאַס צום געוו. דינסטמיידל פון מיין פעטער. דאָרט איז שוין געווען מיין קוזינקע און פון אָנהויב זיינען מיר דאָרט געוועזן אין צווייען. אין אַ צייט אַרום זיינען מיר שוין געווען 5 מענטשן. מיר האָבן געוווינט אין איין צימער מיט אַן אַלקערל. אונדזער באַלעבאָסטע איז געווען אַן איינזאַמע פרוי, האָט מען נישט געטאָרט לאָזן דערקענען, אַז אַ חוץ איר וווינט נאָך עמיצער אין שטיבל. דעריבער זיינען מיר געזעסן אַ גאַנצן טאָג און נישט גערעדט נאָר געשעפּטשעט, אַז מען האָט געדאַרפט, און אויב עס האָט עמיצער אָנגעקלאַפּט האָבן מיר זיך אַלע באַהאַלטן אין אַ ווינקל הינטערן קרעדענץ. זיצן האָבן מיר געקענט נאָר אין איין ווינקל אף דער קאַנאַפּע, ווייל פון דער צווייטער זייט האָט מען געזען דאָס פענצטער פון אַקעגן איבער. מיטן ברענגען עסן פאַר אונדז זיינען אויך געווען שוועריקייטן, ווייל פאַר איין מענטשן האָט מען דאָך נישט געדאַרפט אַזוי פיל האָבן און דאָס האָט געקאָנט ווערן פאַרדעכטיק.

ווען איך בין, נאָך אָנדערהאַלבן יאָר זיך אויסבאַהאַלטן, אַרויסגעגאַנגען פון דעם באַהעלטעניש האָב איך נישט געקאָנט מאַכן קיין עטלעכע טריט אָן אַ שטעקן. איך בין אַרויס מיט אַן אַנעמיע און בלאַס, ווי אַ מת.

נומער 60.

# דער ניט דערשאָסענער

ביידע, איך מיטן טאַטן, זיינען מיר אוועק צו אַ באַקאַנטן פּויער אין דאָרף פּאָלוואַרקי. עס איז געווען נישט ווייט פון שטאָט, איין קילאָמעטער וועג. דאָרט האָט דער טאַטע געאַרבעט אין פעלד און בײַ דער ווירטשאַפט און איך האָב געפּאַשעט די קי. אָבער דער טאַטע האָט געמוזט צוריק אין שטאָט אַריין און געאַרבעט בײַ די דייטשן אויפן פּלי־פּלאַץ און איך בין געבליבן אין דאָרף.

די ערשטע גרויסע „אַקציע" איז געווען זומער 1942. אין דעם טאָג בין איך אַ היים געקומען מיט מיין באַלעבאָס פון פעלד און די באַלעבאָסטע זאָגט, אַז מען שיסט יידן אין שטעטל און, אַז אויפן הויף פון אונדזער שכן האָט מען דערשאָסן אַ ייִדן, וועלכער האָט זיך דאָרטן אויסבאַהאַלטן. האָט מען מיר געגעבן ברויט מיט קעז, אַ טעפּל מיט אַ זאַק, און געהייסן גיין אין פעלד אַריין שניידן גראָז, וועט מיך קיינער נישט דערקענען. די אַקציע האָט געדויערט דריי טעג און אין דער צייט ביז איך די גאַנצע טעג געווען אין פעלד און ערשט ווען ס'איז געוואָרן גוט פינצטער האָט מיך דער „וויעס" — דער פעטער (אַזוי האָב איך גערופן דעם באַלעבאָס) גענומען אַ היים און איך בין געגאַנגען שלאָפן אויפן בוידעם, אויפן היי. דעמאָלט האָט מען אין בראָד געשאָסן די, וועלכע זיינען אַנטלאָפן, די קראַנקע און אַלטע, און די איבעריקע זיינען געגאַנגען אין טראַנספּאָרט קיין בעלזשעץ.

אין דער דאָזיקער „אַקציע" האָט מען מיר צוגענומען אין טראַנספּאָרט, דעם טאַטעשי, און צוויי ברידער אין לאַגער קיין סאַסאָוו. די מאַמעשי מיט צוויי ברידערלעך זיינען געבליבן אין שטאָט. איך בין אַלץ געווען אין דאָרף. אַלע האָבן מיך דאָרט געקענט און געוווּסט, אַז איך בין אַ ייִד, אָבער דער „וויעס" האָט מורא געהאַט נאָר פאַר צוויי שכנים, ווייל זיי האָבן אַרויסגעגעבן אַ סך יידן. אָבער זיי האָבן אַרויסגעגעבן נאָר די, וועלכע האָבן געהאַט אַ סך געלט, אָדער גאָלד, און ווען מיר האָבן זיי געוווּסט, אַז איך בין אַן אָרעמער.

די צווייטע „אַקציע" איז פאָרגעקומען אין אָקטאָבער 1942 און זי האָט געדויערט צוויי טעג. איך בין אָפּגעזעסן די צייט אין שטרוי אויפן בוידעם. אין צוויי טעג אַרום איז געקומען אַ ייִד, אַ שוסטער, וועלכער האָט פאַריכט דעם

פעטער די שטיוול און געזאָגט, אַז אין שטאָט איז שוין רואיק, אַז מען קען שוין גיין. בין איך געגאַנגען, ווייל איך האָב געוואָלט וויסן, וואָס עס איז מיט דער מאַמעשי, אָבער די שטוב איז געווען פאַרשלאָסן, עס איז קיינער נישט געווען. מענטשן האָבן מיר געזאָגט, אַז די מאַמע מיט די ברידערלעך האָט מען צוגענומען אין טראַנספּאָרט. איך בין שוין געווען אַליין.

מיט צען טעג שפּעטער האָט זיך אָנגעהויבן נאָך אַן „אַקציע". אַלע ייִדן האָט מען געכאַפּט. איך האָב שוין ניט געקענט בלייבן בײַ מײַנע באַלעבאַטים, ווייל מען האָט געזוכט אין די הייזער און אין דערפער. איך האָב געפונען קאַלעגן, וועלכע האָבן זיך אויך אויסבאַהאַלטן אין דאָרף, צוזאַמען זײַנען מיר געווען דריי ייִנגלעך און צוויי מיידלעך. מיר האָבן זיך באַהאַלטן אין דעם זעלבן דאָרף אין אַ צעבראָכענער טישלערײַ און דאָרטן געזעסן אין אַ לאָך. איינער פון אונדז איז געגאַנגען, אין אָוונט, נאָך עסן אין דאָרף אַרײַן. מיר זײַנען דאָרט געווען 7 טעג. נאָכדעם האָט אונדז עמיצער געמסרט. עס זײַנען געקומען צוויי אוקראַאינישע מיליציאָנערן, מיר האָבן נישט געקענט אַנטלויפן, ווייל זיי האָבן אונדז אַזוי פלוצים פאַרכאַפּט. מיר האָבן געבעטן, געוויינט זיי זאָלן אונדז לאָזן, און זיי האָבן געזאָגט: „וואָס דאַרפט איר דאָ זיצן, דאָ טאָר מען נישט, איר וועט גיין אין געטאָ"...

זיי האָבן אונדז געבראַכט אין געטאָ אין אַזאַ מרובן הויז לעבן טײַך. דורך דער אָפֿענער טיר האָבן מיר דערזען אַ שטוים מיט שמאַטעס, אָבער דאָס זײַנען געווען טויטע גופים פון מענטשן. האָבן מיר ווידער אָנגעהויבן בעטן און איין מיליציאָנט האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער קאָלבע מיין קאָלעגע און אויסגעשריען: „איר, פאַרשיווע ייִדן, ווילט לעבן!" און אויסגעשאָסן אין אים. דאָס ייִנגל איז אַוועקגעפאַלן. איך האָב אַ טראַכט געטאָן, אַז איך וויל ניט זען, ווי מען וועט אויסשיסן מײַנע קאָלעגן, און בין אַרויסגעגאַנגען פאָרויס, זאָל מען מיך באַלד דערשיסן. דער מיליציאָנט האָט מיך אַ שטויס געטאָן און אויסגעשאָסן. איך בין געפאַלן און אָנגעקלאַפּט מיטן קאָפּ אַף עמיצנס שטיוול. ס'האָט מיך שטאַרק וויי געטאָן און איך האָב אַ טראַכט געטאָן: „צי איז דאָס טויט?" מען האָט געזאָגט, אַז ווען מען דערשיסט, טוט נאָר איינמאָל וויי און שוין, און איך האָב געפילט, אַז איך ליג אַף דער ערד און האָב אַ צעקלאַפּטן קאָפּ. איך האָב געהערט נאָך עטלעכע שאָסן און נאָכדעם איז געוואָרן שטיל. איך האָב געדאַוונט, געבעטן צו דער מאַמעשי און געטראַכט, אַז אויב איך לעב, איז בעסער זיך אויפצוהייבן, זאָל מען מיך דערשיסן, ווייל אין קענגפאַל וועט מען אונטערצינדן די שטוב, אין וועלכער מיר געפינען זיך איצט און איך וועל אַ לעבעדיקער ברענען. און דעם האָב

איך דערהערט, אַז לעבן מיר סאָפּעט עמיצער. איך האָב אונטערגעהויבן דעם קאָפּ און אַ קוק געגעבן. דאָס האָט געאָטעמט מיין קאָלעגע, וואָס איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט געכאַפּט די קויל. ער איז אויך געווען נישט דער־שאָסן. ער האָט געזאָגט שטיל: „ליג און ריר זיך נישט", נאָר איך האָב נישט געוואָלט וואַרטן, איך האָב געוואָלט באַלד אַנטלויפן. די צוויי מיידלעך זיינען געווען אַזוי דערשאָסן, אַז זיי האָבן נישט געהאַט קיין קעפּ, זיי זיינען געווען אינגאַנצן צעשטמערט. אַף מיין קאָפּ און האַלדז איז געווען דער מאַרך פון זייערע קעפּ. דער מאַנטל מיינער איז געווען פאַרבלוטיקט. מיר האָבן אַף שנעל אַראָפּגענומען די מאַנטלען און די שיך און זיך געלאָזט גיין דורכן טייך. מיר זיינען צוזאַמען אַנטלאָפן און געבלאָנדזשעט אַ גאַנצע נאַכט און אַפן צווייטן טאָג זיינען מיר אָנגעקומען ביידע אין אונדזער דאָרף.

איך בין ווידער אַוועק צום „וויטשע" און בין שוין דאָרט פאַרבליבן. איך האָב נישט געוואָלט, אַז מענטשן זאָלן וויסן, אַז איך באַהאַלט מיך אויס בא אים און ביז דעם שניט בין איך געזעסן באַטאָג און באַנאַכט אין פעלד, אין דער תבואה. אַהין האָט מען מיר געבראַכט עסן און איינמאָל אין דער וואָך, באַנאַכט בין איך געגאַנגען זיך אָפּוואַשן און איבערטאָן. ווען דער פראָנט איז שוין געווען נאָענט, אין מערץ 1944, האָב איך שוין נישט געקענט מער זיין אין דעם דאָזיקן דאָרף. דער פעטער האָט געהייסן גיין צום פראָנט, אפשר וועל איך מיך דערשלאָגן צו די סאָוויעטן. איך בין געגאַנגען צום דאָרף בערלין און דאָרט געטראָפן צו אַ כאַטע, וווּ עס זיינען געזעסן סאָוויעטישע פּאַרטיזאַנען. איך האָב געזאָגט, אַז איך בין פון דובנע, אַז דעם טאַטן האָט מען פאַרטריבן קיין דייטשלאַנד און די מאַמע איז דערהרגעט געוואָרן פון אַ באַנדע. די פּאַרטיזאַנער האָבן געהייסן דער באַלעבאָסטע, זי זאָל מיר געבן עסן און זי זאָל מיך נעמען צו דינסט, אַף אַרבעט. באַלד ווי זיי זיינען אַוועק, האָט די באַלעבאָסטע אָנגעהויבן אויספרעגן, צי בין איך ניט קיין ייד. איך האָב זיך נישט געוואָלט מודה זיין און האָב דורכגעלייענט אַלע פּוילישע „פּאַטשיע־שעס", וועלכע איך האָב שוין געקענט פון אויסנווייניק. איך בין דאָרט געווען עטלעכע טעג און די באַלעבאָסטע האָט מיר געגעבן אַ ריין העמד איבערצוביַיטן און געהייסן זיך אָפּוואַשן. איך האָב זיך נישט גע־וואָלט אויסטאָן אינגאַנצן. אָבער זי האָט אַזוי געשריען אַף מיר, אַז איך מוז, און דאָ האָט זי דערקענט, אַז איך בין אַ ייד... זי האָט געזאָגט, אַז זי האָט מורא, ווייל דאָ זיינען דאָ „באַנדעראָווצעס" (באַנדעס אוקראַינער פאַשיסטן), איך זאָל גיין ווייטער צום פראָנט. איך בין געגאַנגען צום דאָרף בולדורי. דאָס איז געווען דריי קילאָמעטער פונעם פראָנט.

אין אַ פּאָר טעג אַרום זיינען געקומען די ערשטע סאָוויעטישע פּאַטרולן.

נומער 66.

רוזשע יאַקובאָוויטש — 9 יאָר אַלט.

# באַ פויערים

מען האָט אָנגעהויבן כאַפּן פרויען און אַלטע לייט און קינדער. און מען האָט זיך געדאַרפט כּסדר אויסבאַהאַלטן. דער טאַטע האָט איינגעבעטן דעם דייטש באַ וועלכן ער האָט געאַרבעט אין וואַלד, ער זאָל אים דערלויבן מיטצונעמען מיך און די מאַמעשי אין וואַלד אַריין, און דאָרטן זיינען מיר אָפּגעווען די צייט פון די גרעסטע „כאַפּעררייען". נאָכדעם האָבן די דייטשן אויסגעבויט אַ לאַגער אַרומגעצוימט מיט דראָט און אַלע האָבן געזאָגט, אַז דאָס בעסטע וועט זיין צו אַרבעטן אין לאַגער, ווייל דאָרט וועט מען קיינעם נישט דערהרגענען. אָבער אין לאַגער האָט מען ניט געוואָלט נעמען קיין קינדער, כאָטש די מאַמעשי האָט שטאַרק געבעטן דעם דייטש ער זאָל דערלויבן מיך מיטצונעמען.

איינמאָל באַנאַכט, מיר זיינען נאָך געווען אין שטאָט ,איז געווען אַ כאַפּעריי, אַ „לאַפּאַנקע" אויף פרויען און קינדער און די מאַמעשי האָט מיך פאַרנומען און דורכן פאַרקאַן און דורך די דראָטן זיינען מיר אַנטלאָפן פון לאַגער.

איינמאָל האָבן מיר זיך אויך אויסבאַהאַלטן אין וואַלד, באַם טאַטעשי, אין אַזאַ גרוב. אין לאַגער האָב איך מיך געמוזט אויסבאַהאַלטן, אַז דער דייטש זאָל מיך ניט זען. בין איך אָדער געלעגן אויף דער פּריטשע, און ווען איך האָב דערהערט, אַז עס גייט עמיצער האָב איך מיך באַהאַלטן אונטער דער פּערינע, אָדער איך בין אַריינגעקראָכן אין אַזאַ לאָך אונטערן אויוון. עס איז מיר געווען זייער לאַנגווייליק, אַ גאַנצן טאָג האָב איך געמוזט זיין אַליין, ווען דער טאַטע מיט דער מאַמען זיינען געגאַנגען צו דער אַרבעט אין וואַלד. איך האָב נישט געטאָרט אַפילו איינמאָל אַרויסגיין פונעם באַראַק, און די טירן האָבן אַ גאַנצן טאָג געמוזט זיין אָפן.

איינמאָל האָט מען אָנגעהויבן כאַפּן. אַלע האָבן געזאָגט, אַז דאָס איז אַן „אַקציע". דער טאַטעשי האָט זיך נישט געוואָלט באַהאַלטן, ער האָט געזאָגט, אַז אים דראָעט גאָרנישט, און ער האָט פאַרמאַכט צו אונדז די טיר. מיר זיינען געזעסן מיט נאָך פרויען אין אַ באַהעלטעניש אין דער וואַנט אַ גאַנצן טאָג און אַ נאַכט. מען האָט געהערט, ווי מען שיסט אין לאַגער.

נאָכדעם איז געקומען צו אונדז אונדזער אַ באַקאַנטער פּאָליאַק און געזאָגט, אַז עס האָט זיך שוין אַלץ באַרויקט, אָבער דער טאַטעשי איז ניט צוריקגע-קומען. מיר האָבן נישט געוווּסט, צי מען האָט דעם טאַטעשי דערשאָסן, צי פֿאַרנומען.

דער דייטש, וועלכער האָט גענומען דעם וואַלד האָט אויסגעבויט בײַ זיך באַראַקן אין איך מיט דער מאַמעשי מיט נאָך פֿרויען זײַנען געגאַנגען אַהין אַף אַרבעט. מיך האָט די מאַמעשי שטענדיק פֿאַרשטעלט און פֿאַרדעקט, ווען מיר זײַנען אַהין געגאַנגען, אַז די דייטשן זאָלן מיך נישט זען, ווייל איך בין געווען אַ קליינע. דאָרט אין קעלער פֿלעג איך אויסקלײַבן די פֿאַרפֿוילטע קאַרטאָפֿל און די מאַמעשי האָט מיך שטענדיק פֿאַרשטעלט, מען זאָל מיך נישט זען. אָבער דער דייטש, בײַ וועלכן די מאַמעשי האָט געאַרבעט האָט געוווּסט, אַז איך בין דאָ און האָט מסכּים געווען דערויף. ער האָט נאָר געזאָגט, אַז ער טאָר נישט האַלטן קיין קינדער און אויב די פּאָליציי וועט קומען וועט מען מיך סיי ווי דערשיסן.

אײַן ווידער האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַקציע אַף פֿרויען און קינדער און קראַנקע און די מאַמעשי האָט מיך אָפּגעגעבן צו אַ פּויערטע קיין אַראַמפּאָל. דאָס איז געווען זייער נאָנט און די מאַמעשי פֿלעגט צו מיר קומען און איך פֿלעג גיין צו דער מאַמעשי. האָבן זיך אַלע אָנגעשטויסן, אַז איך בין אַ יידיש קינד. איינמאָל בין איך געווען בײַ דער מאַמעשי, איך בין געגאַנגען צוריק אין דאָרף און באַגעגנט פֿורן מיט דייטשן. איך האָב נישט פֿאַרגעזען גאָר נישט קיין שלעכטס, און דאָ זאָגן מענטשן, אַז די דייטשן האָבן אַרומגע-רינגלט דאָס וועלדל און וועלן אויסשיסן די יידישע פֿרויען. איך האָב שטאַרק דערמאָלט געוויינט און מורא געהאַט וועגן דער מאַמעשי. מײַן באַלעבאָס האָט מיך געטרייסט, אַז עס איז אפשר נישט אמת. אָפֿן צווייטן טאָג איז ער גע-גאַנגען זען און געקומען, און געזאָגט, אַז אויב איך וויל זען די מאַמעשי דאָס לעצטע מאָל, זאָל איך גיין מיט אים, ווייל די מאַמעשי ליגט דערשאָסן אין טיך. נאָר איך האָב נישט געוואָלט זען די מאַמעשי דערשאָסן.

נומער 31.

# אין בוטשאַטש

די ערשטע אַקציע איז געווען אין האַרבסט 1942, איך געדענק ניט גענוי די דאַטע, עס איז געווען באַלד נאָך סוכות. דעמאָלט האָט די דײַטשישע אַרויסגעשיקט די שוועסטער צו אַ באַקאַנטע פויערטע אין דער קאָלאָניע שיעמינטשע און זי איז דאָרט געווען 9 טעג, און איך מיט דער מאַמען זײַנען געזעסן אין בונקער. דעמאָלט האָט מען פון בוטשאַטש קיין בעלזשעץ אַרויסגעשיקט 1500 מענטשן און 200 האָט מען דערהרגעט אויפן אָרט. נאָכדעם איז מײַן שוועסטער אַרויסגעפאָרן, אויף אַרישע פּאַפּירן, קיין לעמבערג און מיך האָט די מאַמעשי אַרויסגעשיקט צו דער פויערטע אויף דער קאָלאָניע. מיר האָבן איר אַריבערגעפירט אַ סך אונדזערע זאַכן, עטלעכע זעק. אָבער עס איז צו איר געקומען איר ברודער, וועלכער איז אַנטלאָפן פון דײַטשלאַנד, ער איז געווען אַ שרעקלעכער אַנטיסעמיט און אַ הויז דעם, אַ גנב, אַ פינצטערער טיפּ. איך האָב נישט געטאָרט דאָרטן בלײַבן קיין איין טאָג אַפילו. איך בין צוריקגעקומען קיין בוטשאַטש פונקט אַ טאָג נאָך דער „אַקציע". איך ווייס נישט וויפל מענטשן עס זײַנען דעמאָלט אומגעקומען, אַ בייל האָט מען אַרויסגעפירט און אַלע קראַנקע אויף טיפוס האָט מען דערשאָסן אויף די בעטן אין שפּיטאָל. די דאָזיקע צווייטע אַקציע איז פאָרגעקומען אין נאָוועמבער.

אין דער צווייטער העלפט דעצעמבער זײַנען מיר אַרויסגעפאָרן מיט דער מאַמעשי צו אונדזער פויערטע אין דער קאָלאָניע און זי האָט אונדז געהאַלטן צוויי וואָכן. זי האָט אונדז געמאַכט אַזאַ באַהעלטעניש אין שטאַל, וווּ עס איז געווען אַ קופּע פון הזרים און וווּ עס זײַנען געלעגן קאַרטאָפל. דאָרטן פלעגן מיר זיך באַהאַלטן, ווען עס האָט עמיצער געקלאַפּט. נאָך צוויי וואָכן האָט די פויערטע געזאָגט, אַז זי קען אונדז מער ניט האַלטן, ווײַל מען האָט שוין אָנגעהויבן ריידן וועגן דעם אין דאָרף.

מיר זײַנען צוריקגעקומען צו דער „נאַזענאַקציע", מען האָט געכאַפּט מענטשן אויף די גאַסן. איך בין אוועקגעגאַנגען צו אַ באַקאַנטן, וועלכער האָט געהאַט אַרישע פּאַפּירן און אַ וווינונג הינטער דער שטאָט. דאָרט בין איך איבערגעשלאָפן די נאַכט. אַקעגן דעם הויז וווּ איך בין געווען זײַנען געווען אויסגעגראָבן גריבער און אַהין האָט מען, 10 אַ זייגער, געבראַכט די ערשטע פּאַרטיע ייִדן, צום אויסשיסן. מיר האָבן געקוקט דורכן פענצטער ווי מען

האָט אַלץ געזען. איך ווייס נישט וויפל עס איז געווען מענטשן, נאָר עס האָט אויסגעוויזן, אַז מאַסן. אַלע האָבן זיך געמוזט אויסטאָן נאַקעט און זיך אויסשטעלן אין דער רייע איבערן גרוב. דאַן האָט מען פון מאַשינענגעווער זיי אויסגעשאָסן און עס איז נעגאַנגען אַ צווייטע רייע. איך האָב געזען מיט מיינע אייגענע אויגן, ווי אַן אַלטיטשקע האָט זיך אויסגעגליטשט און איז אומגעפאַלן, האָט זי אַ געשטאַפּאָניק אָנגעכאַפּט בא די האָר, זי אויפגעהויבן, איר אויסגעשאָסן גלייך אין פּנים אַריין און נאָכדעם מיטן פוס אַ קאָפּע געטאָן אַזוי, אַז זי האָט זיך אַראָפּגעקייקלט פון אויבן אין גרוב אַריין.

איך ווייס נישט וויפל מענטשן עס זיינען דעמאָלט אומגעקומען, אָבער גאַנצע מאַסן זיינען געגאַנגען אַף טויט. דאָס איז געווען אין בומשאַטש די ערשטע עקזעקוציע בעת וועלכער מען האָט געשאָסן אַפן אָרט. פריער פלעגט מען שיסן נאָר די, וועלכע האָבן געוואָלט אַנטלויפן, אָדער אַלטע לייט.

דעם 13־טן אַפּריל איז פאָרגעקומען די פערטע אַקציע. דעמאָלט האָבן מיר געהאַט דיזשורן די גאַנצע נאַכט, אַז די אַקציע זאָל אונדז נישט פאַרכאַפּן אומגעריכט, אָבער דאָס מאָל האָט זיך די אַקציע אָנגעהויבן 4 אַ זייגער פאַרטאָג און בעלד האָט מען דערשאָסן, דורכן פענצטער, דעם דיזשורנע, וועלכער איז געלאָפן ארויף, אַף די טרעפּ, אונדז אָנזאָגן דאָס געפאַר. ווען עס האָט אונדז דער דאָזיקער שאָס אויפגעוועקט האָבן אַלע גענומען, אין איילעניש, לויפן אין דעם באַהעלטעניש. איך בין געלאָפן אין בלויזן העמד און דאָרט איז געווען אַזאַ קעלער, וווּ עס האָט גערונען פון די ווענט. די געשאַפּאַ־לייט האָבן גענומען דעמאָלט מענטשן גלייך פון די בעטן, נישט דערלויבט זיך אָנצוטאָן, נאָר אין וועש, געטריבן.

ווען ס'האָט זיך באַרויקט אין דער זעלבער וואָך בין איך אַוועק צו אונגעריער פויערנ'ע שוין אַף שטענדיק, ווייל מיר האָבן געוווסט, אַז בומשאַטש דאַרף בלייבן „יודענריין". דעם 23־טן אַפּריל איז געקומען צו מיר די מאַמעשי. צו ערשט זיינען מיר געזעסן אַפן בוידעם, נאָר מיר האָבן מורא געהאַט, אַז מען קען אונדז דאָרט דערזען, ווייל איינמאָל האָט אַ גנב זיך אַריינגעגנבעט אַפן בוידעם, האָט מען פאַר אונדז געמאַכט אַ באַהעלטעניש אין וועלכן מען האָט געקענט אַרויפגיין פונעם בוידעם דורך אַ לייטער. עס איז געווען אַ באַהעלטעניש, אָפּגעטיילט מיט אַ ווענטל פון דער קאַמער. עס האָט געהאַט 40 צמ. די ברייט. אין צווייען האָבן מיר זיך דאָרט נים געקענט אויפהאַלטן. זיינען מיר געשלאָפן אין דער רייע, אַ ביסל די מאַמעשי, אַ ביסל איך און בייטאָג זיינען מיר געזעסן אַפן בוידעם.

ווינטער, ווען עס איז געווען שטארק קאלט האב איך אפטמאל נישט געקאנט אויסהאלטן און אריינגעגאנגען אין שטוב אפן אויוון. פון אונדזער באהעלטעניש איז געווען א לאך גלייך אפן אויוון און מען האט זיך דורך דעם לאך געקענט אריינשטופן. איינמאל בין איך אזוי געלעגן, איז אומגעריכט פלוצים אריינגעקומען דער חתן פון אונדזער באלעבאסטעס טאכטער. איך בין געווען אין בלויזן העמד און באוואקסן מיט האר ביז די פלייצעס. ער האט זיך דערשראקן און איז אנטלאפן. ער האט דערציילט אין דארף, אז אין שטוב בא אונדזער פויערטע איז דא א „דידקא" — א טייוול, א דיבוק... און דעריבער האט אונדזער פויערטע אזוי פיל געלט... דעמאלט האט מען מיך שוין נישט געקענט פארלייקענען, די באלעבאסטע האט געזאגט, אז איך בין אן אידיאט, און מען האט מיך צו רו געלאזט.

מיר זיינען געווען בא דער דאזיקער פויערטע 11 חדשים. דעם 22-טן מערץ 1944 זיינען געקומען די רוסן און איך בין מיט דער מאמעשי געגאנגען אין שטאט אריין. איך בין געווען שטארק קראנק. איך האב איבערהויפט נישט געקאנט גיין, די פיס זיינען מיר געווען אנגעשוואלן.

מיר זיינען געווען אין בוטשאטש און דא זיינען גרויסע דייטשע מחנות געגאנגען פון קאמיעניעץ-פאדאלסק און די רוסן האבן זיך געמוזט, דעם 5-טן אפריל, צוריקציען פון דער שטאט, אז מען זאל זיי נישט ארומרינגלען. ווער עס האט געהאט פארשטאנד איז אף שנעל אנטלאפן צו מזרח. איך בין שוין געזעסן אף דער פור מיט דער מאמעשי, און פלוצים האט די מאמעשי עפעס זיך באטראכט, אליין אראפ פון דער פור און מיך איבערגעלאזט. איך האב נישט געקאנט אראפשפרינגען, ווייל איך האב געהאט קראנקע פיס. מענטשן האבן געשריען, מען זאל פארן.

די מאמעשי איז דעמאלט אומגעקומען צוזאמען מיט אנדערע. פון טויזנט יידן זיינען נאר 100 געבליבן. די איבעריקע האבן די דייטשן אויך דאס מאל אויסגעהרגעט.

נומער 64.

איזידאר וייטאן — 13 יאר אלם.

---

## משארטקאוו און קאפיטשינצע

אין משארטקאוו איז שוין געווען א געטא. מיר האבן דארט געהאט סרובים און עס איז געווען זייער שווער אין געטא מיט לעבנסמיטל. די

מאמעשי איז איינמאל נעגאנגען אפטראגן די קרובים עסן. די מאמעשי האט אויסגעזען, ווי אן אריערין און אפן ווענ האט זי ניט געטראגן דעם ארעמבאנד, זי האט אים נאר געטראגן ווען זי איז ארייגעגאנגען איז געטא. זי האט שוין געהאט אין געטא אלץ דערליידיקט און געגאנגען צוריק אהיים, קיין קאפיטשינצע דורך דער שטאט, ווי עס האט זי פארטשעפעט א געשטאפאניק, ווייל די מאמעשי האט געטראגן א זייער שיין אויסגענייט פעלצל און ער האט דאס געוואלט בא איר צונעמען. די מאמעשי האט נישט געוואלט נעבן און גענומען זיך ארויסרייסן. דאן איז איר ארויסגעפאלן פון טאש דער ארעמבאנד מיטן מגן-דוד און דער געשטאפאניק האט דערזען. די מענטשן פון אונדזער דארף האבן דערציילט, אז ער האט געשלאגן די מאמעשי אזוי שרעקלעך, אזוי שטארק... און מער האבן מיר די מאמעשי שוין ניט געזען. ער האט זי פארשלעפט אין דער געשטאפא און איך וויים נישט וואס עס איז מיט איר געווארן. נאך איין יידישע פרוי, וועלכע איז דעמאלט געזעסן אין געשטאפא און נאכדעם ארויסגעגאנגען איז געקומען צו אונדז און דערציילט, אז ווען מען האט די מאמעשי געבראכט צושלעפן אין דעם קעלער איז זי ניט געווען ענלעך צו קיין מענטשן, זי איז געווען אין גאנצן שווארץ פון שלאגן. איך האב דעמאלט געוואלט דערהרגענען די פרוי, וואס האט דאס אונדז דערציילט, איך האב זי געוואלט הרגענען מיט א שטעקן, דער טאטעשי האט מיך אפגעהאלטן, ווייל איך האב נישט געקאנט פארטראגן, דאס וואס זי האט אונדז דערציילט. צי האט זי ניט פארשטאנען, אז איך האב דאס ניט געקענט איבערטראגן, אז דאס טוט מיך אזוי וויי!

אין יוני האט דער יודענראט ארויסגעשיקט מענטשן אף ארבעט אין פעלד אין די פאלווארקן, וועלכע זיינען געווען אונטער דער דייטשער פארוואלטונג. מען האט ארויסגעשיקט 23 מענטשן איז פאלווארק סאמאלאס־קאווצע, הוסיאטינער קרייז, און איך בין אהין געפארן מיטן טאטעשי. די ארבעט אפן פאלווארק איז געווען זייער א שווערע, יעדער האט געארבעט פאר דריי. געהיט האט א פארוואלטער, אן אוקראאינער און ער האט זייער געמאטערט די יידן. איך אליין האב געפאשעט 56 שאף אן א הונט און אן יעדער הילף. די פיס האב איך געהאט אפגעשלאגן פונעם לויפן פון גאנץ פרי ביז שפעט אין אוונט.

אין דער צייט ווען איך בין געווען אין פאלווארק איז פארגעקומען די ערשטע אקציע אף יידן. עס איז געווען אין יולי. מען האט פארנומען 1500 מענטשן אין א טראנספארט קיין בעלזשעץ, מיר האבן געמיינט גלאט אזוי, — א לאגער. ערשט שפעטער האבן זיך מענטשן דערוווסט, אז פון דארט קומט קיינער קיין לעבעדיקער, אז דאס איז גאז און א קרעמאטאריום.

אָנהויב יוני, דאָנערשטיק אינדערפרי, האָט די פּאָליציי אַרומגערינגלט קאַפּיטשינצע און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שיסעריי. צו אונדז איז אַריינגעפאַלן אונדזער אַ באַקאַנט יינגל און אויסגעשריען, אַז מען דאַרף אַנטלויפן. ס'האָט קיינער ניט פאַרשטאַנען, וואָס עס טוט זיך דאָ, מען האָט נאָר געהערט שאָסן, איינמאָל ווייטער, איינמאָל נענטער. דער טאַטעשי האָט געשריען: שנעלער! שנעלער! איך האָב אַרויפגעצויגן די הויזן, די בלוזע און אַ היטל אַרויס אַף דער גאַס. ס'האָט זיך מיר געדאַכט, אַז דער טאַטעשי מיטן ברודער מיט די שוועסטער לויפן נאָך. איך האָב זיך גאָרנישט אומגעקוקט. ערשט הינטער דער שטאָט בין איך אַריינגעפאַלן אין קראַפּיווע, עפּעס אונטער אַן אַלטן פּלויט, און דערזען, אַז די מענטשן וועלכע זיינען מיט מיר געלאָפן זיינען געווען פרעמדע. איך האָב ניט געוווּסט, וווּ עס איז דער טאַטעשי און די קינדער...

איינגעבויגן בין איך געלאָפן פון דער שטאָט אַרויס. הינטער מיר האָב איך געהערט שיסן פון מאַשינענגעווער. איך בין אַזוי געלאָפן 4 קילאָמעטער, ביז אָרישקאָוויץ. אין אָרישקאָוויץ האָט געוווינט מיין ניאַניע. בא איר בין איך געווען ביז זונטיק. אָבער איך האָב נים געהאַט קיין ידיעות פון מיינע און איך האָב שוין ניט געקענט אויסהאַלטן פון אומרואיקייט. זונטיק אינדערפרי בין איך געקומען קיין קאַפּיטשינצע, די שטוב האָב איך געטראָפן ליידיק. מען האָט דערשאָסן אַלע, דעם טאַטעשי, דעם ברודער און ביידע שוועסטער. אַלץ פון שטוב האָט מען אויסראַבירט. עס זיינען געבליבן די נאַקעטע ווענט.

אין שטאָט האָט מען דערשאָסן 4000 מענטשן. אין וואַלד, אַ האַלבן קילאָמעטער פון קאַפּיטשינצע, האָט מען געהייסן גראָבן גריבער. מען האָט אויסגעגראָבן 7 גרויסע קברים און דאָרט זיינען געלעגן אַלע דערהרגעטע און אויך מיין טאַטע און ברודער און שוועסטער.

איך בין געקומען קיין קאַפּיטשינצע 10 אינדערפרי און שוין 12 האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ שיסעריי. איך בין אַריינגעפאַלן צווישן צוויי דייטשע אויטאָס מיט פּאָליציי אַפן שאָסיי. איך האָב געוווּסט, אַז אויב איך וועל אַנטלויפן וועט מען מיך דערשיסן. איך בין געגאַנגען רואיק אינמיטן שאָסיי און זיך אַפילו פאַרהאַלטן בא איין אויטאָ, ווי אַ פּאַסטוך, אַזעלכער, וואָס וויל אַלצדינג זען. איך האָב אָנגערירט דעם אויטאָ, די דייטשן האָבן מיך אַוועקגעטריבן און דאַן בין איך מיר געגאַנגען ווייטער.

נומער 7.

לעאָן געוואַנטער — 13 יאָר אַלט.

# אין וואַלד

דער כאַטע האָט שוין דעמאָלט געוואָלט אומבאַדינגט געפינען עפּעס אַן אָרט, מען זאָל זיך קענען באַהאַלטן און האָט זיך אָפּגערעדט מיט אַ פּוילישן פּויער. ער האָט געוווינט אַף לענגי באַם דניעסטער אין אַ גאַנץ אָפּגעזונדערטער כאַטע. דאָרט האָבן מיר זיך אויסגעגראָבן אַ בונקער מיט אַן אַראָפּגאַנג פון דער שטוב. מען האָט אין שטוב אויפגעהויבן אַ ברעטל און מען איז אַראָפּגעגאַנגען מיט אַן אויסגעגראָבענעם קאָרידער ביז צו דער שאַפּע. דאָרט בין איך געווען מיט די עלטערן און מיט אַ ברודער און נאָך צוויי ייִדן פערד־הענדלער. מיר זיינען דאָרט געווען אַ חודש. נאָכדעם ס'זיך באַרואיקט און מיר זיינען צוריקגעקומען קיין בוקאַטשאָוויצע. מיר האָבן געמוזט גיין קיין ראָהאַטין, ווייל אַלע ייִדן פון בוקאַטשאָוויצע האָט מען אַרויסגעוואָרפן.

מיר זיינען דאָרט נישט לאַנג געווען, און עס איז געשען דער גרעסטער אומגליק. ס'האָט עמיצער געמסרט דעם טאַטן, אַז ער האָט נישט אָפּגעגעבן אַלע ווערטערינאַרע אינסטרומענטן. אַפדערנאַכט איז קיין ראָהאַטין אָנגעקומען געשטאַפּאָ און פאַרנומען די עלטערן און דעם ברודער. איך בין אין דער צייט צופעליק געווען באַ שכנים און געבליבן גאַנץ. פון אָנהויב האָט מען מיר נאָרניט געוואָלט זאָגן, נאָכדעם האָב איך מיך דערוווּסט, אַז מען האָט זיי דעמאָלט באַלד אַלע דערשאָסן. מען האָט געפונען מיין פאָטאָגראַפיע און געוווּסט, אַז איך געהער נאָך צו דער משפחה. מען האָט מיך געזוכט און אַפילו געדראָעט דעם „יודענראַט“, אַז אויב איך וועל זיך נישט מעלדן וועט מען דערשיסן 300 מענטשן. אָבער איך האָב זיך די גאַנצע צייט אויסבאַהאַלטן.

באַנאַכט בין איך געגאַנגען צום פּויער, באַ וועלכן עס זיינען געווען אונדזערע זאַכן און ער האָט מיך אַריינגענומען. איך בין געזעסן באַ אים אַפּן בוידעם עטלעכע חדשים, ביז מען האָט אָנגעהויבן כאַפּן מענטשן אין דאָרף, אַף אַרבעט קיין דייטשלאַנד. מענטשן האָבן געבונטעוועט, נישט געוואָלט גיין, דעמאָלט האָבן די אוקראַינער מיט די דייטשן אונטערגעצונדן דאָס דאָרף. מיין באַלעבאָס מיט דער פאַמיליע זיינען אַנטלאָפן אין אַ צווייטן דאָרף, אָבער מיך האָבן זיי נישט געקאָנט מיטנעמען, ווייל איך האָב נישט געהאַט קיין שום פּאַפּירן און אַרום האָבן מיך אַלע געקענט. אין דעם דאָזיקן

דאַרף האָבן זיך אויסבאהאלטן פיל יידן. איך האָב זיך צו זיי צוגעלאָנטשעט און מיר זיינען אוועק אין וואלד. אין וואלד זיינען שוין געווען זייער פיל יידישע בונקערס, גוט קאָנסטרואירטע מיט דאָפּלטע ארויסגענג. עס איז געווען א פארבינדונג צווישן אונדז. 5 יידן האָבן געהאט ביקסן. די דייטשן און אוקראַינער האָבן מורא געהאט אריינצוגיין אין וואלד. די דייטשן האָבן עטלעכע מאָל געמאכט אָבלאַוועס אף אונדז, זיי האָבן אָבער מורא געהאט זיך אריינצולאָזן טיף אין וואלד אריין אזוי, אז זיי האָבן אונדז גאָרניט געכאַפּט...

נומער 131.

דוד טענענבאַום — 14 יאָר אַלט.

---

# איבערגעטאָן, ווי א מיידעלע

דער טאַטע האָט באַזאָרגט א באַהעלטעניש בא א געוויסן פּאָליאַק, אין זשימנאַ-וואָדאַ, הינטער לעמבערג. דעם 5-טן דעצעמבער זיינען מיר ארוים, די מאַמע און איך, אין דער באַגלייטונג פון דעם דאָזיקן פּאָליאַק קיין זשימנאַ־וואָדאַ. מיר זיינען געווען בא אים כמעט 3 חדשים. נאָכדעם זיינען עטלעכע צענדליק הייזער פון זשימנאַ־וואָדאַ געוואָרן א געטאָ, צווישן די אויך דאָס הויז, וווּ מיר זיינען געווען. אזוי ווי מיר זיינען אָפיציעל געמעלדן האָבן מיר באַקומען א שיין אף ארויסצוציען זיך. דעמאָלט איז מיין מאַמען איינגעפאַלן אין קאָפּ אריין א געדאַנק מיך איבערצוטאָן, ווי א מיידעלע. מיר האָבן באַזאָרגט די נייטיקע פּאַפּירן און געפונען א וווינונג אין זשימנאַ־וואָדאַ. דאָס וואָס איך האָב געהאט קורצע האָר האָט די מאַמע דערקלערט דערמיט, וואָס איך בין נאָך א קראַנק פון די אויערן, און דאָס וואָס איך בין נישט געגאַנגען אין שול אריין האָט די מאַמע דערקלערט דערמיט, וואָס איך בין נערוון־קראַנק.

אין שכנות מיט אונדז האָט געוווינט מיינער א שול־קאָלעגע. איך בין געווען אזוי געענדערט, אז ער האָט מיך נישט דערקענט, כאָטש ער האָט מיך געזען עטלעכע מאָל.

נומער 255.

## נומערן: 30013 — 74717 — 14406

בעת דער צווייטער אויסזידלונג האָבן מיר געהאַט שכעמפֿלען. די באָבעשי — אויך. מיר זיינען געווען אַפֿן פּלאַץ איין טאָג, מיר האָבן געמוזט האַלטן די לעגיטימאַציעס מיט די שטעמפּלען. מיר איז געווען אַלצאיינס, צי מען וועט מיך נעמען, צי ניין, ווייל מען האָט אַוועקגענומען מיין בעסטע חברטע און איך האָב געמיינט, אַז מיר וועלן גיין צוזאַמען. נאָר מיך האָט מען נישט גענומען די באָבעשי האָט מען דעמאָלט בײַ אונדז צוגענומען, ווייל זיי האָבן געזאָגט, אַז זי איז צו אַן אַלטע. איך געדענק, אַז אַפֿן פּלאַץ דעמאָלט האָט מען אָפּגעלאָזט גרויסע הינט און זיי האָבן געביסן קינדער.

איינמאָל באַנאַכט האָט מען אונדז אויפֿגעוועקט, אַז דאָס געטאָ איז אַרומגערינגלט. די מאַמעשי האָט אָנגעהויבן וויינען, נאָר מיך האָט זי אָנגעטאָן און גאַנץ פֿרי זיינען מיר אַרויסגעגאַנגען אַפֿן פּלאַץ. מיר זיינען געלאָפֿן נאָך שכעמפּלען, נאָר די געשטאַפּאָווצעס האָבן געשאָסן אין די מענטשן און מיר האָבן זיך אַלע פֿאַרלוירן. נאָר מיר האָבן זיך אינגיכן ווידער געפֿונען און מען האָט אונדז געהייסן זיך אויסשטעלן אין רייען, באַזונדער פֿרויען און באַזונדער מענער. אַלע האָבן אָנגעהויבן ריידן, אַז מען וועט אַלע קינדער אויסשיסן. דער טאַטעשי האָט מיך אַריינגענומען אונטערן מאַנטל און אַלע האָבן זיך געמוזט שטעלן אַף די קני. אַנדערע קינדער האָט מען פֿאַרנומען אין איין גרופּע, אַרומגעבונדן די גאַנצע גרופּע מיט שטריק און אַרויסגעפֿירט הינטערן פֿאַרקאַן. מען האָט אַלץ געהערט שיסן. אין אַ צייט אַרום איז געקומען דער געשטאַפּאָניק געט, אַדורכגעגאַנגען פֿאַר דער רייע פֿרויען, און געציילט: איינס, צוויי דריי — ביז 10 און די צענטע אַרויסגענומען. די קינדער האָט מען צוגענומען אַלע.

מיך האָט מען נישט באַמערקט. נאָכדעם האָט מען געהייסן אַלע פֿרויען גיין אין באַראַק צו די שניידערס. מיין מאַמעשי איז אויך געווען די צענטע, נאָר זי האָט אָנגעהויבן בעטן דעם געשטאַפּאָניק בלאַכע, ער זאָל זי לאָזן, און ער האָט איר דערלויבט איבערצובלייבן. נאָכדעם האָט בלאַכע אָנגעהויבן אַרויסקלייבן יעדן צענטן צווישן די מענער, אָבער ער האָט געמוזט איבעררייסן, ווייל ער איז געגאַנגען אָפּנעמען אַ טעלעגראַמע, וואָס איז געקומען אַף זיין נאָמען. דעמאָלט בין איך אַרויס פֿון אונטערן טאַטנס מאַנטל, געעפֿנט די טיר

פונעם בּאַראַק, ווו עס זיינען געווען די פּרויען און די מאַמעשי האָט מיך באַהאַלטן אונטערן טיש, אונטער אַ שטויס מיט מאַנטלען. איך בין געווען באַהאַלטן אין באַראַק מיט נאָך קינדער אין משך פון 12 טעג. אונטערן טיש אַף איין פּאַליצע בין איך געלעגן, אַף דער צווייטער — יעזשיק אַ. עס האָט אונדז געשטיקט, ווייל דער טיש איז געווען באַהאַנגען מיט פּלאַכטעס און קיין לופט איז צו אונדז נישט דערגאַנגען. איך האָב געהאַלטן אין איין בעטן וואַסער און די מאַמעשי האָט מורא געהאַט, אַז מען זאָל ניט דערהערן, אַז עס איז דאָ אַ קינד.

מיר זיינען געפאָרן קיין פּלאַשאָוו. דאָרט האָבן די מאַמעשי און דער טאַטעשי געאַרבעט אין „אָסטאַינסאַיטונג־ביכעריי" און איך בין אַרומגע־גאַנגען איבערן לאַגער. איך האָבן באַקומען אַ נומער 30013. איך האָב באַקומען טעגלעך אַ פּערטל ברויט, אַמאָל אַ שטיקל מאַרגאַרינע; אַף מיטיק אַן אַרבעטס־זופּ, אַמאָל אַ קרויט, אָבער דער בעסטער זופּ איז געווען אַ „יו. ס־ז."־זופּ (פון דער יידישער סאָציאַלער הילף). מיר האָבן אויך באַקומען „יו. ס. ז"־ברויט. איך בין קיינמאָל נישט געווען הונגעריק.

איך האָב געזען, ווי אַנדערע שטופּן וואַגאָנען מיט שטיינער און זיינען געווען שטאַרק מיד. דער „קאַפּאָ" האָט געשלאָגן די מענטשן, ווען זיי זיינען געווען מיד און געוואָלט אַ ביסל זיך אָפּרוען. אָפּטמאָל, ווען מען פלעגט ברענגען אויטאָס מיט מענטשן פלעגט מען זיי אָפּפירן אַפן בערגל „הויאָוואַ גורקאַ". דאָרט דערנעבן איז געווען אַ טיפער גרוב. מען האָט אַהין געיאָגט מענטשן און געשאָסן. פון פּלאַשאָוו האָט מען מיך מיטן טאַטעשי פאַרנומען קיין גראָס־ראָזען און די מאַמעשי איז געבליבן, אין פּלאַשאָוו.

קיין גראָס־ראָזען זיינען מיר געפאָרן צוויי טעג. דער לאַגער איז געווען אַ שטאַרק גרויסער, פול מיט באַראַקן. ס"ס האָבן געהיט, אַרום און אַרום זיינען געווען שטעכל־דראָטן מיט עלעקטרישן שטראָם. דאָרט האָב איך באַ־קומען דעם נומער 74714. איך האָב אים געטראָגן אַף דער ברוסט אין דער לינקער זייט. איך האָב דאָרט גאָרנישט געטאָן און דער טאַטע האָט געאַרבעט באַ דער „שטובענדינס", געריינט די באַראַקן, געוואַשן די פּאָדלאָגעס. איך בין געווען צוזאַמען מיט אים. מען האָט דאָרט שטאַרק געשלאָגן מיט לאַ־פּאַטעס איבערן קאָפּ. מען האָט געטראָגן „פּאַשיאַקעס" — קליידער אין שנייפן. איך נישט. איך האָב פאַרגעסן, ווי לאַנג מיר זיינען דאָרטן געווען. מען האָט דאָרט קיינעם ניט געשאָסן, נאָר מענטשן זיינען געשטאָרבן אין שפּיטאָל און פון שלאָגן. ווער עס איז קראַנק געוואָרן איז געגאַנגען אין שפּיטאָל און כמעט קיינמאָל שוין נישט צוריקגעקומען, ווייל מען

פלעגט דאָרט געבן איינשפּריצונגען און געמעסטן די מענטשן. די טויטע קערפּערס האָט מען געברענט אין די קרעמאַטאָריעס, איך האָב געזען. עס איז געווען אַ קליינער אויוון מיט אַ הויכן קוימען. דאָס אַש האָט מען אַריינגעוואָרפן אין אַ טײַכל, וואָס האָט געפלאָסן דורכן לאַגער.

פון גראָס־ראָזען האָבן מיר געמוזט אַרויספאָרן, ווײַל מען האָט דאָרט נישט געוואָרט זײַן מיט קינדער און ווען מען האָט אָנגעבראַכט נאָך 8 קינדער האָט מען אונדז אַלע צוזאַמען אָפּגעשיקט קיין אָשוויענטשים. איך בין געפאָרן צוזאַמען מיטן מאַמעשי. מיר האָבן געמיינט, אַז דאָ וועט מען אונדז שוין דערהרגענען.

מען האָט אונדז אַרויסגעשיקט קיין בירקענאַו (בזשעשינקי). דאָס איז 6 קילאָמעטער פון אָשוויענטשים. עס איז פאַראַן דאָרט איין אויוון און דרײַגאַז־קאַמערן פאַר לעבעדיקע מענטשן. אין די קאַמערן האָט מען פאַרגאַזירט די מענטשן און נאָכדעם געברענט אין די אויוונס. מען האָט גענומען כלומרשט צום באָדן, געגעבן זייף און די זאַכן געהייסן אָפּגעבן צו דעזינפעקציע. מען האָט געעפנט די עלעקטרישע טירן, מענטשן זײַנען אַרײַנגעגאַנגען און שוין מער קיינמאָל ניט אַרויסגעגאַנגען. אַזוי האָט מען געמאַכט אָפּמער מיט די טראַנספּאָרטן מענטשן פון דער פרײַ, אָדער פון טערעזינע און זיי האָבן נישט געוווּסט אַף וואָס זיי גייען און וואָס עס וועט מיט זיי ווערן.

איך מיטן מאַמעשי האָבן געאַרבעט בײַ אַעראָפּלאַנען. מען האָט מיר אויסטאַטואירט אַף דער לינקער האַנט אַ נומער 14406־בע. דאָס האָט מיר וויי געטאָן. מען האָט געטראָגן קליידער אין קליינע אָדער גרויסע שטרײַפן.

זונטיק איז געווען אַ האַלבער טאָג אַ פרײַער און דעמאָלט פלעגט קומען דער טאַטע און מיך נעמען אַף אַ שפּאַציר. דער טאַטע האָט זייער שלעכט אויסגעזען. אין דעם לאַגער האָב איך באַקומען קרעץ. איך האָב מיך אָנגעשטעקט פון אַן אַנדערן ייִד, פון אונגאַרן, מיט וועלכן איך בין געשלאָפן. איך האָב אויך באַגעגנט די מאַמעשי. עס איז געווען איין טאָג פאַרן אַרויסשיקן דעם מאַמעשי. די מאַמעשי האָט גוט אויסגעזען, זי איז געקומען פון פּלאַשאָוו. זי האָט זיך שטאַרק געפרייט. איך האָב זי געזען אין „פרויענלאַגער". זי האָט געמיינט, אַז זי וועט בלײַבן מיט אונדז צוזאַמען און האָט זיך געפרייט.

ווען מען האָט אָנגעהויבן ריידן, אַז די רוסן קומען אָן, האָבן זיך די מענטשן שטאַרק געפרייט, אַז זיי וועלן אַרויס אַף דער פרײַ. די דײַטשן זײַנען אַרומגעגאַנגען דענערווירטע און געשלאָגן די מענטשן. איטלעכער עס זײַנען געקומען די סאָוויעטן האָט מען אַרויסגעטריבן דעם גאַנצן לאַגער צו פוס.

מיך האָט מען נישט מיטגענומען, ווייל איך וואָלט נישט געקאָנט גיין צו פוס און מען האָט מיך אריינגעגעבן אין „קראַנקענשטובע". אַלע קראַנקע האָט מען געלאָזט, מען האָט זיי געוואָלט דערשיסן, נאָר ניט באוויזן.

נומער 183.

מענדל ראָזענקראַנץ — 17 יאָר אַלט.

---

## משאַרטקאָוו — טלוסטע

די אַקציע האָט זיך אָנגעהויבן דעם 4־טן דעצעמבער אינדערפרי. עס האָט זיך דערויף קיינער נישט געריכט. די גאַסן און די שטיבער זיינען אַרומגערינגלט געוואָרן דורך דער פּאָליציי און מען האָט אָנגעהויבן פאַרזאַמלען די מענטשן אין שול. דער טאַטע האָט אונדז באַהאַלטן אַפן בוידעם: די מאַמעשי, צוויי מיינע שוועסטער און מיך. אַליין איז ער געגאַנגען אַ קוק געבן, וואָס עס טוט זיך אין שטאָט. דעמאָלט האָט מען אים געכאַפּט און מיר האָבן אים שוין מער ניט געזען.

אין יולי, אָדער אויגוסט 1942, גענוי געדענק איך נישט, האָט מען דערקלערט אַ רעגיסטראַציע פון אַלע יידן. עס זיינען אַף די הייזער געווען אָנגעקלעפּט פּלאַקאַטן, אַז מאָנטיק אינדערפרי דאַרפן זיך אַלע צושטעלן אַפן מאַרק־פּלאַץ און דאָרט וועט פאָרקומען די רעגיסטראַציע. מאָנטיק אינדערפרי זיינען די מענטשן געקומען אַפן מאַרק־פּלאַץ, נאָר נישט אַלע, ווייל אייניקע האָבן נישט געגלויבט, נישט געהאַט קיין צוטרוי צו די דייטשן און זיך אויסבאַהאַלטן אין די בונקערס. איך האָב זיך אויך באַהאַלטן מיט דער מאַמעשי און מיט די שוועסטער. דער „קרייזהאַופּטמאַן" דאָפּפלער האָט אָנגעהויבן רעגיסטרירן, און פּלוצים זיינען אָנגעפאָרן אויטאָס מיט געשטאַפּאָוצעס און מען האָט אָנגעהויבן שיסן אין עולם אריין, מען האָט אַלע אַרומגערינגלט און פאַרמאַכט אין אַ גרויסן בנין, אין דעם אַזוי גערופענעם — „הויף".

פון מאָנטיק ביז פרייטיק האָט געדויערט די „אַקציע". געשטאַפּאָ האָט געזוכט אין די שטיבער, אַף די בוידעמער, אין די קעלערס און בונקערס. מיר זיינען געבליבן אין בונקער. מיר האָבן געהאַט זייער ווייניק עסן, נאָר אַ ביסל ברויט. שבת אינדערפרי, ווען עס איז שוין געווען רואיק זיינען מיר אַרויס פונעם בונקער. עס זיינען געווען מער אַזעלכע ווי מיר, וועלכע האָבן זיך

אויסבאהאלטן. מען האָט אונדז גענומען צו דער אַרבעט אין די יידישע מאַ־גאַזינען, מען האָט צוזאַמענגענומען אַלע זאַכן אַף איין אָרט. עס זיינען געווען באַזונדערע מאַגאַזינען אַף סחורות, באַזונדערע אַף מעבל, באַזונדערע אַף טעפּ. צוויי וואָכן האָט דאָס געדויערט. נאָך צוויי וואָכן האָט מען אָנגעהויבן כאַפּן און אַרויספירן אין געטאָ, קיין קאַלאָמיי. מען האָט מיר דעמאָלט פאַרנומען די מאַמעשי און דאָס קליינע שוועסטערל און איך האָב זיי שוין מער קיינמאָל נישט געזען.

באַנאַכט האָבן מיר ביידע, מיט דער שוועסטער, פאַרנומען אונדזערע זאַכן און קלימקעלעך און אַוועק קיין טלוסטע. מיר זיינען אַריבער דעם דניעסטער. דאָנערשטיק זיינען מיר אָנגעקומען קיין טלוסטע. דאָרט איז נישט געווען קיין געטאָ און נישט קיין „אַקציע". אָבער שוין שבת האָט מען אָנגעהויבן ריידן וועגן אַן „אַקציע" און עס איז געוואָרן אַ מהומה. מאָנטיק האָט זיך אָנגעהויבן די „אַקציע". מען האָט אַרויסגעכאַפּט אַלע מענטשן און אויסגעשאָסן די, וועלכע האָבן געפּרוּווט אַנטלויפן. אַלע זיינען מיר געגאַנגען אַף דער סטאַנציע און מען האָט אונדז אַריינגעזעצט אין די וואַגאָנען. מען האָט אויסגעקליבן פון צווישן אונדז אייניקע יונגע, געזונטע מענער און מען האָט זיי אַריינגעזעצט באַזונדער, געגעבן ברויט און וואַסער אַפּן וועג און געזאָגט, אַז דאָס גייט אין יאַנאָווער לאַגער, קיין לעמבערג. די איבעריקע האָבן, וואַרשיינלעך, געזאָלט פאָרן אַף טויט, קיין ביעלזשעץ. מיר זיינען געפאָרן אַ גאַנצן טאָג און אַפּדערנאַכט האָבן מיר אויסגעקלאַפּט דאָס פענצ־טערל אין וואַגאָן און אַרויסגעשפּרונגען. צוערשט איך און נאָכדעם די שוועסטער. מיר זיינען צוריקגעגאַנגען אין טלוסטע — דריי טעג און דריי נעכט, געשלאָפן זיינען מיר אין פעלד.

פרילינג, איך געדענק נישט גענוי אין וועלכן חודש, איז פאָרגעקומען די פולשטענדיקע ליקווידאַציע. דעמאָלט האָט מען אַ טייל פון די מענטשן פאַרנומען גלייך קיין טשאָרטקאָוו, און די איבעריקע אין לאַגער אין קאָראַ־לעווקע. איך מיט דער שוועסטער האָבן זיך באַקומען אין לאַגער. עס איז אייגנטלעך געווען אַ פאָלוואַרק, אַף וועלכן עס האָבן געאַרבעט אַן ערך 50 יידן. עס איז נישט געווען קיין פּאָליציי, עס האָט אונדז קיינער נישט געהיטן. מען האָט געקאָנט לעבן. איך בין געגאַנגען אַף אַרבעט צו די פּויערים און באַקומען בעסער עסן און געבראַכט דער שוועסטער ברויט. אַזוי איז געווען ביז נאָוועמבער 1943. דעמאָלט זיינען געקומען 6 אוקראַינישע מיליציאַנטן און איין דייטש און אַרויסגעכאַפּט צו עטלעכע מענטשן אַפּן פּלאַץ פאַרן שטאַל, און דערשאָסן. דעמאָלט האָט מען דערשאָסן מיין שוועסטער און איך

בין אנטלאָפן. עס זיינען געבליבן אַ פּאָר מענטשן. מיר האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין פעלד און אַפן צווייטן אינדערפרי זיינען מיר צוריקגעקומען אין פּאַלוואַרק. אַלע דערשאָסענע זיינען געלעגן אין גרוב פון אַן אויסגעקאָרטשעוועטן וואָרצל פון אַ בוים, וווּ מיר פלעגן אַריינשיטן דעם שנײ און מיסט. מיר האָבן נישט איינמאָל געגעדט, אַז אפשר וועלן מיר אין דעם אַט אַ גרוב ליגן... זיי זיינען דאָרטן געלעגן אַלע, און מיר האָבן זיי צוגעשיט מיט ערד. איך האָב געזען מיין שוועסטער אַ דערשאָסענע.

נומער 1.

וויטאָלד און יאַן יאַקובאָוויטש — 13 און 17 יאָר אַלט.

---

# אין גאַז, אָדער צו דער אַרבעט

אין שעבניע זיינען מיר געווען 8 טעג. דעם 4-טן נאָוועמבער איז דאָרט געווען די „אַקציע". אַ טראַנספּאָרט פון 2650 מענטשן, אין דער צאָל אויך אונדזערע עלטערן, האָט מען אַרויסגעשיקט קיין אָשוויענטשים. ווען מען האָט געמאָלדן אַן אַפּעל האָבן שוין אַלע געוווּסט, אַז עס וועט זיין: שיסן. אָדער אַרויספירן. אַזוי ווי אַלע לייט און קינדער האָט מען אױף יעדן פאַל געשאָסן, האָט דער מאַטע יאַנעקן באַהאַלטן אין דער טאַפּעטעריע אונטער אַ שטויס קישעלעך און פערינעס, ווו ער איז אָפּגעזעסן אַ גאַנצן טאָג און אַ נאַכט. אין דער צייט האָט מען די עלטערן אַרויסגעפירט און דער עלטערער פון אונדז, וויטאָלד איז אַריינגעפאַלן אין צעטל פון 120 מענטשן, וועלכע זיינען געווען באַשטימט אין לאַגער אין פּוסטקאָוו, לעבן דעמביצע. צום גליק האָט דער יידישער קאָמענדאַנט אָנגעגעבן ביידע ברידערלעך אױף דער זעלבער ליסטע און פאַרשריבן: וויטאָלד 18 יאָר און יאַן 15 יאָר, כאָטש מיר זיינען דעמאָלט אַלט געווען 15 און 11 יאָר. אין צוויי טעג שפּעטער, ד. ה. דעם 6־טן נאָוועמבער זיינען אָנגעקומען אויטאָס און מיר זיינען געפאָרן אין לאַגער אין פּוסטקאָווע. מיר זיינען שוין געווען אָן עלטערן, אָבער צום גליק צוזאַמען. אין פּוסטקאָוו זיינען מיר געווען מער, ווי 8 חדשים, גענוי ביזן 26-טן יולי 1944. דער לאַגער אין פּוסטקאָוו איז געווען געטיילט מיט פּירפּאַכע דראָטן אױף צוויי טיילן: אַ יידישער און פּוילישער לאַגער. יידן זיינען דעמאָלט געווען איבער 600, בלויז מענער. פון דער צאָל האָט מען צוויי מאָל אַרויסגעשיקט צו 100 מענטשן, אַזוי אַז ביז צו דער ליקווידאַציע, אין יולי 1944 איז גע־

בלײַבן איבער 400. דעמאָלט זײַנען שוין ניט פֿאָרגעקומען אין לאַגער קיין גרעסערע אַקציע פֿון שיסן א. ד. ג. מען האָט דערשאָסן נאָר די ייִדן, וועלכע זײַנען געזעסן אַף דער פּוילישער זײַט אין בונקער. מען האָט אויך געהאַנגען אַף די טעלעגראַף־סלופּעס און נאָכדעם האָט מען די טויטע קערפּערס פֿאַר־ברענט אין אַ קליינעם קרעמאַטאָריום, אַפֿן בערגל, הינטער דעם לאַגער.

פֿון אונדז האָט מען גענומען אין בונקער אַרײַן צוויי מענטשן: איינעם מיטן נאָמען ראַפּאָפּ, דערפֿאַר, וואָס ער האָט פֿאַרקויפֿט דעם וועכטער אַ פּאָר זוילן, פֿאַר ברויט און דעם צווייטן, שנײַדער, ווײַל ער האָט געבראַכט טאַבאַק פֿון אויסער דעם לאַגער, וווּ ער האָט געאַרבעט בײַם בויען באַראַקן. ראַפּאָפּ האָט זיך אויפֿגעהאַנגען אין בונקער אַליין, ווײַל ער האָט נישט געוואָלט אַרויסגעבן די מענטשן, וועלכע האָבן אים געגעבן די זוילן. ביידע האָט מען פֿאַרברענט. מיר האָבן נישט געזען דעם אויוון, ווײַל ער איז געווען אין וואַלד, אָבער מיר האָבן געזען דעם רויך, ווען מען האָט געברענט די מענטשן.

אין יולי 1944 האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז דער פֿראָנט דערנענטערט זיך, אַז דאָס סאָוויעטישע מיליטער איז הינטער זשעשאָוו. דעם 26-טן יולי האָט מען אונדז אויסגעשטעלט אין קאָלאָנעס, מען האָט אונדז געגעבן צו צוויי לאַבנס ברויט אַפֿן וועג און אַרײַנגעזעצט אין 5 וואַגאָנען אַף דער סטאַנציע פּוסטקאָוו. עס איז געווען שמאַרק הייס, מענטשן האָבן געחלשט פֿון דער שטיקנדיקער לופֿט און פֿון דורשט. מיר האָבן נישט געוווּסט וווּהין מיר פֿאָרן. די ס"ס־לײַט פֿון דער עסקאָרטע האָבן געזאָגט, אַז הינטער בערלין. נאָך צוויי טעג און צוויי נעכט פֿון דער רײַזע זײַנען מיר אָנגעקומען קיין אָשוויענטשים. מען האָט אונדז באַלד צוגעפֿירט צו דער טויטן־ראַמפּע, לעבן די גאַז־קאַמערן. אונדזער גאַנצער טראַנספּאָרט האָט געזאָלט גיין אין גאַז. אָבער אונדזער „לאַגערפֿירער", רופּף, האָט זיך אײַנגעשטעלט פֿאַר אונדז און האָט געהאַט אַ בריוו פֿון ס"ס-גענעראַל־מאַיאָר, אַז מיר דאַרפֿן גיין אַף אַרבעט. מיר האָבן געוווּסט, אַז ער קעמפּט פֿאַר אונדז נישט צוליבן גוטן האַרץ, נאָר ער האָט געוואָלט בלײַבן מיט אונדז און נישט גיין אַפֿן פֿראָנט. עס האָט אונדז געהאָלפֿן אויך דאָס, וואָס די גאַז־קאַמערן האָבן געאַרבעט מיט דער גאַנצער פּאַרע. עס איז נעמלעך געגאַנגען אין גאַז אַ טראַנספּאָרט פֿון אונגאַרן און עס איז נישט געווען קיין אָרט פֿאַר אונדז. מען האָט אונדז אָפּגעשיקט אַף דער זײַט קיין בירקענאַו און דאָרט האָט מען אונדז אויסגעלאָדן.

דער גאַנצער טראַנספּאָרט איז אַרײַן אין אַ גרויסער האַלע, וווּ מען האָט אונדז געהייסן זיך אויסטאָן און לאָזן אַלצדינג — עס איז דערלויבט געווען

מיטצונעמען נאָר די שיך, דעם פּאַסיק, אָדער די שעלקעס און ברויט. מיר האָבן נישט געוווסט, וואָס עס וואַרט אויף אונדז הינטער דער טיר. אַזוי פיל האָבן מיר געהערט וועגן די גאַז־קאַמערן, — אַז מען זאָגט די מענטשן, אַז זיי גייען כלומרשט אין אַ באָד, — און מיר האָבן נישט געוווסט צי גייען מירווירקלעך אין אַ באָד צי אין גאַז. אָבער דאָס איז געווען אַ באָד, און נאָכדעם האָט מען אונדז אָפּגעשוירן און אָנגעטאָן אין ציווילע קליידער מיט רויטע לאַטעס. נאָך ווען מען האָט אונדז געשוירן איז געקומען אַ באַפעל, מען זאָל זיך אָפּהאַלטן, אַז דער ענין איז נאָך נישט אויפגעקלערט. מיר האָבן געוווסט, אַז דאָס גייט וועגן אונדזער לעבן, אַז עס קאָן נאָך קומען אַ טויט־אורטייל. צום סוף האָט מען אונדז אַריינגעלאָזט אין אַ בלאָק, וווּ עס איז געווען אַ קאַראַנטין. אין משך פון צוויי טעג האָט דער דאָקטאָר אונדז אונטערזוכט צוויי מאָל און צוויי מענטשן אויסגעשטעלט אין אַ זייט, אַלץ ניט־פעיקע צו אַרבעט. נאָכדעם זיינען מיר ווידער געגאַנגען אין דער באָד־האַלע, וווּ מיר האָבן באַקומען לאַגער־קליידער, אין שטרייפן און מען האָט אונדז אויסטאַטואירט נומערן.

דעם זעלבן טאָג, ד. ה. דעם 29־טן יולי 1944 האָט מען אונדז אויס־געשטעלט אויפן אַפּעלפּלאַץ און איינגעשלאָסן אין אַ טראַנספּאָרט מיט יידן פון לובלין. מען האָט אונדז אַריינגעזעצט אין אויטאָס און אַ טייל איז געפאָרן קיין יאַווישאָוויץ, און אַ טייל, אין דער צאָל מיר ביידע, קיין גליוויץ. אין גליוויץ האָבן מיר ביידע געאַרבעט. דער עלטערער ברודער אַלס אַ טישלער און איך אַלס אַ קוריער — אַ לויף־יינגל.

עס זיינען ניט געווען אין דער צייט קיין ספּעציעלע עקזעקוציעס, נאָר שלאָגן און אַזוי גערופענער „ספּאָרט" אַלץ שטראָף, צום ביישפּיל, פאַר שלעכטן פאַרבעטן די בעטן (בעטענבאַו), אַלזאָ, „שבֿיי־אויף" — „לייג־זיך" און „זשאַבעס", אָדער שטיין מיטן פּנים צו דער וואַנט, אָן באַוועגונג, אין משך פון צוויי שעה. יעדן טאָג זיינען פאָרגעקומען רעוויזיעס, מען האָט ניט געטאָרט האָבן בײַ זיך אפילו קיין נאָז־טיכעלע, קיין שטיקל פּאַפּיר, קיין שטיקל ברויט. די טאַשן האָבן געמוזט זיין אינגאַנצן ליידיקע, ווען מען האָט נאָר עפּעס געפונען האָט מען געשלאָגן מיט שטעקנס און גומי. מיר זיינען די גאַנצע צייט געווען געזונט. מיר האָבן זיך באמת נישט קראַנק צו ווערן, ווייל דאָס איז געווען געפערלעך. מיר האָבן געוווסט, אַז ווער עס ווערט קראַנק מער ווי אויף דריי טעג און דער לאַגערפירער דערוויסט זיך דערפון, שיקט מען אַרויס קיין בירקענאַו און דאָרט „היילט" מען אינגאַנצן אויס, אין דער גאַז־קאַמער. מיר ביידע פלעגן זיך וואַשן אין קאַלט וואַסער, ביזן פּאַס,

אין דרויסן, ביז טיף אין ווינטער, ביז דאָס וואַסער אין די רערן איז גע־פרוירן געוואָרן.

אין יאַנואַר האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז עס האָט זיך אָנגעהויבן די אָפענסיווע פון די סאָוויעטן. דעם 19־טן יאַנואַר 1945 איז דער גאַנצער באַגאַזש פון די ס"ס־לייט אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף האַנט־ווערעגעלעך, מען האָט אונדז אויסגעשטעלט אין קאָלאָנעס און געזאָגט, אַז מיר גייען ווייטער אויף מערב. מיר זיינען אַוועק, שטופנדיק די וועגעלעך מיט דעם שאָסיי אין דער ריכטונג קיין ברעסלאַו (וורצלאַוו).

נומער 9.

רוזשאַ בעלער — 11 יאָר אַלט.

---

## זיך געמוזט מודה זיין

די מומע האָט מיך אָפּגעגעבן צו אַ „פּאַני" און עס איז מיר געווען גאַנץ גוט. אין עטלעכע טעג אַרום איז פאָרגעקומען אַן אַרישע אויסזידלונג, און ווי באַלד די „פּאַני" האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט האָט זי מיך אַרויס־געוואָרפן און געזאָגט: „גיי ווו דו ווילסט". איך בין געגאַנגען, און טראַכט צו זיך: „כ'גיי אין דער וועלט אַריין"... איך קום אַריין אין הויז, ווו איך האָב פריער געוווינט, און אין יידישע שטיבער האָבן פּאָליאַקן ניט געטאָרט גיין.

איך בין אַריינגעגאַנגען אין דער וווינונג. איך זע, קיין מעבל איז ניטאָ, אַלץ איז פּוסט, נאָר 4 ווענט. די ברעטער פון דער פּאָדלאָגע אָפּגעריסן, די אויוונס — אויפגעגראָבן, אַלע צימערן אויפגעגראָבן אַלץ מיט די פיס אַרויף. איך גיי צו צו דעם „באַהעלטעניש" (סקריטקאַ) — אויך אַלץ צע־גראָבן, אומעטום פּוסט. עס ווערט נאַכט, איך גיי און לייג זיך שלאָפן אין פעלד אין דער תבואה, און זאָג צו זיך: „ס'האָט נישט קיין זין צו ליגן דאָ אַליין, ווי אַ הונט", און הייב מיך אויף און גיי אין געשטאַפּאָ. און זאָג: — „כ'בין אַ פּוילישע קינד, די עלטערן האָט מען „אויסגעזידלט" מיטוואָך און כ'בין געבליבן אינגאַנצן אַליין און שווין"... מען האָט מיר אַלץ געגלייבט און פאַרמאַכט אין אַרעסט, ווו עס זיינען געווען מייז און שטשורעס. איך בין דאָרט געווען דריי טעג און נאָכדעם האָט מען מיך גענומען אויפן פאַרהער. מען האָט ווידער געפרעגט ווער איך בין, האָב איך געזאָגט: „איך הייס לוסיאַ האַצוש" — „און ווו וווינסטו, מיידעלע"? — „דאָרט הינטערן שפּיטאָל".

— „ווייז ווו"? ער האָט מיך גענומען אַפּן ראָווער און געפאָרן מיט מיר, און געפרעגט: — „אין וועלכן הויז וווינסטו?" און איך האָב ניט געוווסט, וואָס צו ענטפערן, האָב איך געזאָגט, כ'ווייס שוין נישט וואָס... האָט ער מיך גענומען אין געשטאַפּאָ. עס איז פּונקט געקומען לאַץ און געפרעגט: „פון וואנעט קומסטו?" — „פון כזשאנאָוו" האָב איך געזאָגט. זאָגט ער: „זיי זיך מודה,אַז וועסט זיך נישט מודה זיין וועלן מיר דיך באַשטראָפן". און איך האָב ווייטער זיך נישט געוואָלט מודה זיין, האָט דער עלטסטער פון געשטאַפּאָ, לאַץ, מיך אָנגעהויבן שלאָגן. זעענדיק, אַז דאָס שלאָגן העלפט ניט, האָט ער מיך גענומען אויף דער קני און געגעבן 25 אין „היגמן", און סוף כל סוף האָב איך מיך געמוזט מודה זיין, אַז איך בין אַ יידיש קינד.

און נאָכדעם האָט מען מיך אַרויסגעשיקט קיין אַשוויענטשים.

נומער 426.

**סאַמועל אייזען — 13 יאָר אַלט.**

---

## ביידע, איך מיטן ברודער, האָבן מיר אויסגעגראָבן אַ גרוב און צו קבורה געבראַכט דעם טאַטן...

איך געדענק אַלע „אַקציעס", וועלכע זיינען געווען קעגן יידן, נאָר איך געדענק נים די דאַטעס. די ערשטע „אַקציע" איז געווען אַ קאָנטינגענט־אַקציע: מען איז געגאַנגען מיט אַ צעטל און אַרויסגעקליבן די אַלטע און קראַנקע. מען האָט פאַרנומען 300 מענטשן און זיי אַרויסגעפירט. דעמאָלט האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן אין פעלד. איך האָב געהאַט אַ ברודער, דער וועלכער איז מיט מיר, און אַ קליין ברודערל, וועלכער איז געבוירן געוואָרן שוין בעת דער מלחמה. בעת דער צווייטער „אַקציע" האָט מען שוין געשאָסן אַפּן אָרט. מען האָט דערשאָסן 100 מענטשן אַפּן אָרט און 1000 אַרויסגעשיקט. דעמאָלט האָט מען מיר פאַרנומען די מאַמע און דאָס קליינע ברודערל. מען האָט אַלע געפירט קיין ביעלזשעץ. כ'ווייס ניט פון וואַנען מענטשן האָבן געוווסט, אַז אין ביעלזשעץ פאַרברענט מען מענטשן מיט עלעקטריע. נאָך דער דריטער „אַקציע" איז שוין טלוסטע געווען „יודענריין". די דאָזיקע „אַקציע" האָט אַדורכגעפירט געשטאַפּאָ און דערמאָרדעט אין טלוסטע 7000 מענטשן. מען האָט אויסגעגראָבן אַפּן בית־עולם 4 גרויסע גריבער, איבער יעדן גרוב איז געווען אַוועקגעלייגט אַ ברעט, אויף דער ברעט זיינען געשטאַנען

א צען נאַקעטע מענטשן און מיט מאַשינען־געווער, פון הינטן, האָט מען זיי אַראָפּגעשאָסן. און נאָכדעם זיינען געגאַנגען ווייטערע.

מען האָט אַזוי געשאָסן פון דאָנערשטיק ביז מאָנטיק, אָבער נאָר באַנאַכט. די קינדער האָט מען געוואָרפן אין גרוב אַריין לעבעדיקע און פאַרדעקט מיט מתים. דער דייטש האָט אָנגעכאַפּט אַ קינד באַם קעפּל און געשריען: — „נים דאַס דרעק אונד שמייסס העריין" — די קינדער האָבן געשוואומען, אין די דאָזיקע גריבער, אין בלוט. צוויי מיידלעך האָבן זיך אַרויסגעראַטשקעט פון אונטער די מתים און צוריקגעקומען אין שטאָט. אָבער זיי זיינען געווען, ווי משוגע און נישט געקאָנט ריידן.

די איבעריקע מענטשן, וועלכע זיינען געבליבן, נאָר יונגע און געזונטע, אַ 300 מאַן, האָט מען אַרויסגעשיקט אין פּאָלוואַרק, אַ צוויי קילאָמעטער פון טלוסטע. באַ אונדז זיינען אַרום אומעטום געווען אַזעלכע פּאָלוואַרקן. מיר זיינען געגאַנגען אַהין, דער טאַטע און מיר צוויי — איך מיטן ברודער. מיר האָבן געוווינט אין באַראַקן און זייער שווער געאַרבעט אין פעלד. עס איז נישט געווען קיין פּאָליציי און עס האָט אונדז קיינער נישט געהיטן, נאָר אין דאָרף און אין שבת איז געווען אוקראַינישע מיליץ און אַז אַ ייד האָט זיך באַוויזן אויסערן פּאָלוואַרק איז ער באַלד געווען אַ מת. מיר זיינען געווען אין דעם פּאָלוואַרק זעקס וואָכן. מען האָט אָנגעהויבן ריידן וועגן אַן „אַקציע". דעמאָלט פלעגן מיר שטעלן אַף באַנאַכט דיזשורן, מען זאָל וואַרענען, ווען עס זאָל זיך עפּעס מאַכן. אין דער נאַכט, ווען זיי זיינען געקומען, בין איך געשטאַנען אַף דער וואַך. דאָס איז געווען אַ וווּנדערשיינע נאַכט. אַלע זיינען געשלאָפן. באַלד לעבן דעם פּאָלוואַרק איז געווען אַ וואַסער, עס האָבן געקוואַקעט זשאַבעס. עס איז געווען וואַרעם און כ'האָב פאַרגעסן צוליב וואָס איך שטיי דאָ. איך האָב געהערט די זשאַבעס און ס'איז מיר געווען אַזוי גוט. אָבער פּלוצים האָב איך דערהערט, אַז מען זינגט. איך האָב דערקענט, אַז דאָס זיינען נישט די פּויערים פון אונדזער דאָרף. איך האָב געוווּסט, ווי אַזוי זיי זינגען, דאָס האָבן געזונגען די אוקראַינישע מיליציאָנערן. דעמאָלט האָב איך אָנגעהויבן שרייען און וועקן אַלעמען, אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט, ווייל יענע זיינען געפאָרן אַף פערד און אין אַ מינוט אַרום זיינען זיי שוין געווען באַ אונדז. די מענטשן פון די באַראַקן זיינען אַרויסגעשפּרונגען אין בלויזן וועש דורך די פענצטער און געלאָפן, די מיליציאָנטן האָבן געשאָסן פון קוילנוואַרפער און פון איטאָמאַטן און געיאָגט די מענטשן אַף די פערד. איך ווייס נישט וויפל מענטשן עס זיינען אַנטלאָפן, נאָר נישט קיין סך, ווייל אַפן צווייטן טאָג האָב איך געזען די געהרגעטע. מיר מיטן

טאטן, האָבן אָנגעהויבן לויפן, אָבער אַ קויל האָט געטראָפן דעם טאַטן און ער איז געפאַלן אונדז אונטער די פיס. מיר האָבן זיך נישט פאַרהאַלטן און געלאָפן ווייטער אין פעלד און עס איז אונדז געלונגען צו אַנטלויפן. עס איז געווען 3 אַ זייגער פאַרטאָג.

מיר האָבן זיך אַדורכגעגנבעט קיין טלוסטע צו אַ באַקאַנטן פּאָליאַק ה. ג. דאָס איז געווען אַן אַלטער פרומער מענטש, ער האָט געוווינט אַליין מיט דער פרוי. ער האָט אונדז באַהאַלטן אַפן בוידעם, איבער דעם טאָג און דער נאַכט. אַפן צווייטן טאָג, גאַנץ פרי זיינען מיר אַוועק צוריק אין פּאָלוואַרק. מיר האָבן נישט געהאַט קיין געלט, נאָר איין גאָלדן זייגערל, ווייל דאָס גאַנצע געלט האָט דער טאַטע געהאַט בא זיך. אָבער דער טאַטע איז שוין געלעגן נאַקעט און די מוימע אַרום אויך נאַקעט. מען האָט אַלץ צוגענומען. דער פאַרוואַלטער האָט אונדז דערלויבט דעם טאַטן צו קבורה צו ברענגען. ער האָט אונדז געגעבן צוויי לאָפּאַטעס און מיר ביידע, איך מיטן ברודער, האָבן אויסגעגראָבן אַ גרוב און אַריינגעלייגט דעם טאַטן נאַקעט, אַזוי ווי ער איז געלעגן. מיר האָבן נישט געהאַט גאָרניט אין וואָס מיר וואָלטן אים געקענט אָנטאָן. איך וויים, ווו עס געפינט זיך זיין קבר און קאָן שטענדיק צו אים טרעפן.

מענטשן האָבן אונדז געזאָגט, אַז 15 קילאָמעטער ווייטער, אין וואַלד זיינען פאַראַן מענטשן אין סאָוויעטישע מונדירן. מיר האָבן שוין געוווּסט, אַז דאָס זיינען סאָוויעטישע פּאַרטיזאַנער. איך האָב זיך געוואָלט צו זיי דערשלאָגן, ווייל לאַנג אַזוי אין וואַלד האָט מען נישט געקענט לעבן, עס האָט אָנגעהויבן קאַלט צו ווערן. מיר זיינען אַוועק דורכן וואַלד צו יענער זייט. די פויערים האָבן אונדז געזאָגט, ווי אַזוי מיר זאָלן גיין, כדי זיי צו טרעפן. דעם ברודערל האָב איך געלאָזט פון ווייטנס אין גראָז און זיך מיט אים אָפּגערעדט, ווענן אַ פייף־צייכן, אויב איך וועל צוריקקומען, און אַליין בין איך אַוועק צום אָרט. איך בין צוגעקומען. דער זעלנער האָט אַ געשריי געטאָן: „סטאָי, ווער גייט?" — דעמאָלט האָב איך אויפגעהויבן די הענט אַרויף און געזאָגט: „אַ ייד, וואָס איז אַנטלאָפן פון אַן „אַקציע". דער זעלנער איז צוגעקומען צו מיר און געפרעגט, ווער עס איז נאָך מיט מיר און געשיקט מיט מיר אַ צווייטן נאָכן ברודערל. אָבער דאָס ברודערל איז נאָך געווען דעמאָלט אַ קליינער נאָך נישט 8 יאָר אַלט געווען, און אים האָט מען מיר געהייסן ערגעץ אָפּפירן און אַליין צוריקקומען. דאָס איז מיר שטאַרק געפעלן. מען האָט זיך אָפּגערעדט מיט אַ פּאַראָל, ווען איך וועל צוריקקומען: „יעוורעי נרישאַ" — און איך בין אַוועק מיטן ברודער קיין טלוסטע. איך בין געגאַנגען צו אי. וו. און האָב אים

געגעבן דאָס גאָלדענע זייגערל און געזאָגט, ווו עס זיינען פארגראָבן אונדזערע זאכן, אז איך וועל אים אלצדינג אוועקגעבן, ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן, ער זאָל מיר אפּהיטן מיין ברודערל... און ער האָט אים ווירקלעך פארהאלטן און אָפּגעהיטן ביז צום סוף. מיר האָבן איצט אלץ אויפגעגראָבן און אים אָפּגעגעבן, כאָטש מיר האָבן אליין גאָרנישט, אָבער ער האָט געהאלטן וואָרט איך האָב אויך געוואָלט האלטן וואָרט.

איך האָב איבערגעלאָזט דאָס ברודערל און צוריקגעקומען אין וואלד. מען האָט מיר געגעבן א מונדיר, און ווי עס דארף צו זיין. עס איז געווען א גרויסע ארמיי. איך ווייס נישט וויפל מענטשן, נאָר עס איז געווען קאַוואַ־לעריע, פּיעכאָטע (פוסגייער), טאנקען און ארטילעריע. אייך קאָמפּאַניע איז געווען מיט הינט. יעדער זעלנער האָט געהאַט א דרעסירטן וואָלף-הונט. דער מיליטערישער לאַגער איז געווען אינגאנצן ארומגעגראָבן און עס זיינען געווען אויסגעבויט בונקערס. א גאַנץ יאָר בין איך געווען מיט די דאָזיקע פּארטיזאַנען. יעדן טאָג האָט מען מיך געלערנט פאָרן אויף א פערד און שיסן. בא זיי האָט מען געדארפט אזוי זיצן אפן פערד, אז די לייצעס האָט מען געדארפט האלטן אין די ציין און ביידע הענט פריי צום אָנלאָדענען דעם אויטאָמאַט. עס איז געווען שווער זיך אויסצולערנען, אָבער איך האָב זיך אויסגעלערנט שיסן אזוי, אז מען האָט מיך אומעטום מיטגענומען. מיר זיינען געפאָרן אין דאָרף אריין אמאָל באנאכט, אמאָל אויך באטאָג. מיר האָבן פאַר גאָרנישט מורא געהאַט. ווען מיר האָבן זיך דערוווּסט, אז ערגעץ אין דאָרף זיינען דאָ אוקראַינישע פּאָליציאַנטן האָבן מיר באלד געיאָגט נאָך זיי. די דייטשן האָבן זיך צום וואלד ניט דערנענטערט.

עסן האָבן מיר שטענדיק געהאַט. יעדן טאָג פלייש, פּוטער נענוג, און בראָנפן אזוי פיל, אז דאָס איז געשטאַנען אין פעסער. איך האָב ניט געוואָלט טרינקען, נאָר איך האָב זיך געוואַשן מיט בראָנפן. איך האָב געהאַט מיינע פּארטיזאַנישע דאָקומענטן, נאָר ווען איך בין אוועק פון זיי האָב איך געמוזט אָפּגעבן די דאָקומענטן מיטן געווער. זיי האָבן געזאָגט, איך זאָל מיט זיי בלייבן. אָבער שטענדיק קאָן מען נישט מלחמה האלטן.

נומער 87.

# זיך געראַטעוועט אין אַן אָפּטרעט

מיר זיינען ארויסגעגאַנגען אפן אפעל דעם 14־טן מאי 1944, 5 א זייגער אינדערפרי. מען האָט זיך אויסגעשטעלט, לויט די בלאָקן. די ארבעטנדיקע קינדער האָט מען אויסגעשטעלט, ווי די דערוואקסענע. דער בלאָק פאַר קינדער איז געווען א באַזונדערער, נומער 42. עס זיינען געווען 50 ארבעטנדיקע יינגלעך, נאָך קינדער פון קינדער־היים און 30 מיידלעך האָבן געארבעט אין בערשטן־ווארשטאַט. די 50 ארבעטנדיקע יינגלעך האָט מען איינגעשלאָסן אין דער גרופּע מענער. נאָכדעם איז געקומען דער קאָמענדאנט פון לאַגער, געט, איבערגעקוקט די קינדער און איז אוועק. אין א מינוט ארום איז ער געקומען מיט אנדערע צוויי. געט האָט געהייסן אַלע קינדער פאַרנעמען ארויף אין „קינדער־היים", 150 מעטער פונעם אַפּעלפּלאַץ. מען האָט די קינדער ארויסגעפירט אפן שאָסיי און אויסגעשטעלט, צוערשט די יינגלעך, אין פינפטלעך. מען האָט געפרעגט — ווער פון די קינדער עס האָבן דאָ מוטערס? — די דאָזיקע קינדער האָט מען אוועקגעשטעלט אין א זייט. די וואָס האָבן נישט געהאט דאָ קיין מאַמעס — אין א צווייטער זייט. נאָכדעם האָט געט געהייסן די קינדער אָפּפירן אין „קינדער־היים". נאָכדעם האָט מען געבראַכט צו פירן די ארבעטנדיקע מיידעלעך. שפּעטער האָט מען געהייסן ארויסגיין 100 עלטערע קינדער אפן שאָסיי. די קינדער האָבן געמיינט, אז זיי דארפן בלייבן בא דער ארבעט. מען האָט זיי אויסגעשטעלט און די „אויפזעערקעס" האָבן געציילט. דאן זיינען געקומען 5 ס"ס־לייט, מען האָט אָפּגעפירט די קינדער אונטער דער „וואך־שטוב", עס איז הינטן־ארום צוגעפאָרן א לאַסט־אויטאָ און מען האָט אָנגעהויבן ארויפזעצן די קינדער אפן אויטאָ.

איך האָב געוואוסט, וואָס דאָס באַדייט. די קינדער האָבן אָנגעהויבן אנטלויפן צווישן די בּאַראַקן, די וואַכלייט זיינען זיי נאָכגעלאָפן מיט די ביקסן. איך האָב געזען, ווי א וואַכמאַן גייט מיר אַקעגן. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אפן וועג, דער וואַכמאַן האָט מיך אויסגעמיטן, ער איז נאָכגעלאָפן נאָך אַנדערע קינדער אין אַן אַנדערער ריכטונג. איך בין אוועק מיטן באַפרייטן וועג און אריין אין אָפּטרעט. עס זיינען דאָרט שוין געווען עטלעכע קינדער. מיר זיינען אריבער הינטער די ברעטלעך און געזעסן דאָרטן אין

אומריינקייט. מיר זיינען געזעסן דאָרט 6 שעה, גאַנץ שטיל. נאָכדעם האָבן מיר געהערט אַ באַוועגונג פון פרויען, איינע פון די פרויען האָט געוואָרנט, אַז דער „ראַפּאָרטפירער" דרייט זיך, אַז מען קען נאָך נישט אַרויסגיין. נאָכדעם איז געקומען צו לויפן די מאַמעשי, מיך גענומען אונטערן מאַנטל אין בלאָק אַריין. דאָרט האָט זי מיך גערייניקט, געוואַשן, איבערגעטאָן, אויסגערייניקט דאָס אַנצוגל און אויסגעבאָדן. עטלעכע טעג בין איך נישט אַרויסגעגאַנגען צום אַפּעל. אַזוי זיינען געראַטעוועט געוואָרן אַ חוץ מיר נאָך 5 מיידעלעך און צוויי יינגעלעך.

נומער 113.

הענע רובינשטיין — 8 יאָר אַלט.

---

# די בלוט־געבערין

די מאַמע, טאַטע און זיידע זיינען פאַרברענט געוואָרן אין סטאָדאָלע. איך מיטן פעטער זיינען געווען אין לאַגער אין אָסטראָוויעץ. איך בין דאָרט געווען אַ יאָר. נאָכן ליקווידירן דעם לאַגער האָט מען אונדז פאַרמאַכט אין וואַגאָנען און אָפּגעפירט קיין אָשוויענטשים. מיר זיינען געפאָרן צוויי טעג און אַ נאַכט. מענטשן האָבן זיך געשטיקט. די טויטע קערפּערס האָט מען אין וועג אַרויסגעוואָרפן. אין אָשוויענטשים האָט מען בא אונדז צוגענומען די קליידער. מען האָט מיך אָנגעטאָן אין אַ שוואַרץ, לאַנג, מיאוס קלייד, אָן וועש, אַף די פּיס האָלצערס, און אויסטאַטואירט אַ נומער.

די דייטשקעס, די אויפזעערקעס, האָבן געשלאָגן די קינדער. איך בין געווען אין אַ הילצערנעם באַראַק. 6 קינדער זיינען געשלאָפן אַף איין געלעגער. איינמאָל איז געקומען דער לאַגערפירער און געשריען: — „אַלע קינדער ראַוס!" אַ העלפט קינדער האָט ער באַשטימט צום גאַז. אַפן צווייטן טאָג האָט מען די קינדער פאַרנומען אין קרעמאַטאָריום. איין דייטש האָט אַ קוק געגעבן אַף מיר און געזאָגט: „זי ווירד נאָך גוט זיין אויף בלוט". מען האָט מיך אָפּגעפירט אין אַ בלאָק. מען האָט מיר אָפּגענומען בלוט פון די פינגער און פון די אָדערן. נאָך אַ פּאָר מינוטן ליגן האָב איך געמוזט גיין אַפן אַפּעל.

נומער 27.

יאַן קוּלינגער — 15 יאָר אַלט.

## עס האָט זיי געראַטעוועט דער דאָקטאָר

עס איז געווען אין דראָהאָביטש: אַ געשלאָסענער לאַגער, ווו יידן האָבן געאַרבעט באַם אויסאַרבעטן דאַך־שינדלען. אהין האָט מען צוגענומען מיינע צוויי שוועסטער. די מאַמעשי האָט מען צוגענומען בעת אַן אַקציע. איך בין געבליבן אליין מיט אַ קליין ברודערל און נאָכדעם איז צוריקגעקומען איין שוועסטער: זי איז געווען קראַנק, האָט מען זי צוריקגעשטעלט פונעם לאַגער אַ היים. ווען עס איז געווען אַן אַקציע זיינען מיר געזעסן אַפן בוידעם צו עטלעכע טעג אָן עסן. אַלץ אין שטוב האָט מען אונדז אויסראַבירט, אַזוי אַז מיר האָבן שוין גאָרנישט געהאַט און מיר זיינען געגאַנגען עסן צו פאַר־שיידענע מענטשן. פון דער צווייטער אַקציע האָט זיך אונדז נאָך איינגעגעבן זיך אויסצובאַהאַלטן. דעמאָלט האָט מען אַרויסגעפירט מענטשן קיין ביעל־זשעץ און אַ סך האָט מען אויסגעשאָסן אין בראָניצער וואַלד. נאָכדעם איז געווען אַ געטאָ, נאָר איך בין סיי ווי אומעטום געגאַנגען, ווייל ווען נישט וואָלט מען געדאַרפט פגר'ן פון הונגער.

די דריטע אַקציע האָט געדויערט 4 וואָכן. דעמאָלט האָט מען געזוכט און געשמעקט אין אַלע ווינקעלעך און אַלע באַהעלטענישן. מיר זיינען געזעסן אין אַזאַ פאַרמויערטער באַהעלטעניש. עס זיינען געווען אַ 40 מענטשן און מען האָט אונדז געמסרט. מען האָט זיך געקענט פאַר געלט אויסקויפן, נאָר מיר האָבן נישט פאַרמאָגט גאָרנישט. מען האָט אונדז פאַרנומען: מיך, די שוועסטער און דעם ברודערל, אַף דער „זאַממעלשטעללע", אָבער פון דאָרטן זיינען מיר אַלע דריי אַנטלאָפן באַנאַכט דורך אַ פענצטערל פונעם קלאָזעט. אָבער וואָס איז דערפון? די אַקציע איז נאָך נישט געווען פאַרענדיקט און מען האָט אונדז ווידער פאַרנומען אין געריכטס־בנין, ווו מען האָט פאַרזאַמלט יידן צום טראַנספּאָרט און פון דאָרטן איז אונדז שוין נישט געלונגען צו אַנטלויפן. מען האָט אַרויסגעיאָגט אַף דער סטאַנציע, ווי בהמות. עס זיינען געווען גרויסע וואַגאָנען און מען האָט אַריינגעשטופּט ביז 400 מענטשן אין אַ וואַגאָן. איך האָב נישט געקאָנט דאָרט איינזיצן. כ'האָב געמוזט אַנטלויפן. די שוועסטער מיטן ברודער האָבן ניט געוואָלט: אַז מען האָט זיי איינמאָל געכאַפּט האָבן זיי פאַרלוירן דעם חשק נאָכאַמאָל צו לויפן, אָבער איך נישט. מיר זיינען אָפּגעפאָרן אפשר 30 קילאָמעטער און מענטשן האָבן אויסגע־

שניטן אַ לאָך אין וואַגאָן. איך האָב זיך אָפּגעזעגנט מיט דער שוועסטער און מיטן ברודערל און ביז אַרויסגעשפּרונגען. עס איז מיר גוט געלונגען. איך האָב זיך אַפילו נישט פאַרמשעפּעט. מיין קוזין, יוזעק איז אויך אַרויסגע־שפּרונגען. איך האָב זיך געטראָפן מיט אים, ווען איך בין צוריקגעקומען קיין דראָהאָביטש און שוין פון דער צייט אָן זיינען מיר שטענדיק געווען צוזאַמען.

מיר האָבן פאַרקויפט צייטונגען אין דער פוילישער טייל שטאָט און געהאַנדלט מיט וואָס עס האָט זיך געלאָזט. ער האָט אויך אויסגעזען, ווי אַ פּאָליאַק, אַפילו נאָך בעסער, ווי איך. וועגן דער שוועסטער, וועלכע איז געווען אין לאַגער האָב איך מיך דערוווסט, אַז מען האָט זי אַרויסגעשיקט מיט אַלע איבעריקע.

פרילינג 1943 איז פאָרגעקומען אַ פולשטענדיקע ליקווידאַציע. איך מיט יוזעקן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן עטלעכע טעג אין די פעלדער; אָבער מיר האָבן געזען, אַז עס איז נישטאָ צו וואָס, אַז מען דאַרף ערגעץ פאָרן ווייטער, ווייל דאָ קען אונדז אַ יעדער. מיר האָבן זיך אויפגעזעצט אין אַ צוג קיין לעמבערג. ווי באַלד דער צוג איז געבליבן שטיין אין לעמבערג האָבן מענטשן צוגערופן אַ „באַנשוץ" און אונדז איבערגעגעבן דער פּאָליציי. מען האָט אונדז אָפּגעפירט אין „שוצפּאָליציי". מען האָט אונדז גאָרנישט געפרעגט, נאָר באַלד אָפּגעשיקט אין געטאָ. אין געטאָ איז פאָרגעקומען אַ ליקווידאַציע. מיר זיינען געשטאַנען אַפּן פּלאַץ צוזאַמען מיט אַנדערע. איך האָב געזען, ווי מענטשן האָבן זיך באַהאַלטן. ווי מוטערס האָבן געגעבן סם זייערע קינדער, און דערוואַקסענע קינדער האָבן געגעבן סם זייערע אַלטע עלטערן... איך האָב געטראַכט, ווי אַזוי זיך צו ראַטעווען, ווייל דאָ זיינען מיר ווירקלעך זייער מיאוס אַריינגעפאַלן. אָבער דערווייל האָט מען גאָרנישט געקאָנט אויפטאָן. ערשט ווען מען האָט אונדז אַריינגעיאָגט אַף די וואַגאָנעטקעס, אַפן וועג צום יאַנאָווער לאַגער, האָבן מיר געפּרווט אַנטלויפן. מען האָט אונדז געכאַפּט און צעשלאָגן מיט די קאָלבעס. איך האָב אָנגעהויבן טענה'ן, אַז מיר זיינען ניט קיין יידן, אַז מיר זיינען נישט פון לעמבערג, אָבער עס האָט אונדז קיינער ניט געהערט און ווי באַלד מען האָט אונדז נאָר געבראַכט, האָט מען אונדז פאַרמאַכט אין יידישן בונקער, באַם טויער פונעם לאַגער. דאָרט זיינען געזעסן יידן, וועלכע האָבן זיך אָנגעגעבן אַלס פּאָליאַקן. די געשטאַפּאָ־לייט האָבן געשלאָגן, און אויב ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז אַ ייד, האָבן זיי אַזוי געממיתט, אַז עס איז ניט געווען מעגלעך צו קוקן. איך האָב נאָר מורא געהאַט, אַז יוזעק זאָל זיך נישט מודה זיין, ער זאָל זיך נאָר גוט האַלטן. איינער פון די געשטאַפּאָניקעס איז צוגעקומען און גענומען קוקן אַף אונדז.

געפרעגט, וואס מיר זיינען. איך האב אים געזאגט, אז מיר זיינען געקומען פון דראהאביטש און דורכגעגאנגען דארט, ווו עס זיינען געפארן די וואגאנעטקעס, און צוויי יידן זיינען אנטלאפן און אונדז האט מען געכאפט אנשטאט זיי און דא ארייננעזעצט. ער האט געגלויבט און אנגעהויבן שרייען:

— „זיינט איר הייסט עס פון דראהאביטש געקומען אהער אף רויב אין געטא, ווארט, איך וועל אייך ווייזן"...

„זאל זיין אף רויב" — האב איך מיר געטראכט. איך האב זיך אינגאנצן נישט פארטיידיקט. איין טאג זיינען מיר געזעסן אין דעם יידישן בונקער, נאכדעם האט מען אונדז אריבערגעפירט אין „ארישן" בונקער. דארטן האט מען אונדז שוין געגעבן עסן און אין צוויי טעג ארום אפגעשטעלט אף פעלטשינסקא־גאס אין קרימינאל. דארט האט מען אונדז אויסגעהערט. איך האב געזאגט, אז מיר הייסן באנדראווסקי יאן און יוזעף, אז מיר האבן אין דראהאביטש א שטיפמוטער, דער טאטע איז געשטארבן, מיר זיינען אנטלאפן, כדי צו זוכן ארבעט, ווייל די שטיפמוטער ניט אונדז נישט קיין עסן און שלאגט אונדז, און אז מיר זיינען געקומען קיין לעמבערג, דורכגעגאנגען לעבן געטא און מען האט אונדז געכאפט אנשטאט צוויי יידן, וועלכע זיינען אנטלאפן פון די וואגאנעטקעס. מען האט אלצדינג פארשריבן און אפגעשיקט אף לאנצקיענא אין „זיכערהייטספאליציי". דארט, ווען מיר זיינען אנגעקומען און דערזען, ווי דער דאקטאר אונטערזוכט א מאן און שטעלט אים אוועק אין א זייט — האב איך א טראכט געטאן: „נו, שוין אלץ פארפאלן". אבער דער דאקטאר, עפעס אזעלכער אין ברילן, ענלעך צו א ייד, האט אונדז אונטערזוכט און געזאגט: „אריער". מען האט אונדז ארייננעזעצט אין א געמיינזאמער קאמער. עס זיינען דארט געזעסן 60 מענטשן. מען איז געשלאפן אף דער פאדלאגע. דא זיינען געווען הויפטזאכלך גנבים און באנדיטן. זיי האבן אונדז געצווונגען, די דאזיקע קרימינאליסטן, און אויסטאטואירט אף די הענט צייכנס. מיר א מאטראס און יוזעקן אן אנקער. עס איז געווען דארט איין אלטיטשקער, ה' וו., וועלכער איז געזעסן פאר אויסבאהאלטן יידן. ער האט אונדז פארגעזאגט, אז „אין זיבן טעג ארום וועט איר פון דאנעט ארויסגיין".

אין א וואך ארום האט מען אונדז ארויסגערופן אונטן, ווידער אף א פארהער. עס זיינען געווען דארטן אלע קינדער פון דער תפיסה. עס זיינען געווען 6, איין מיידעלע צווישן זיי. זי איז געווען א יידיש קינד און אלט געווען 9 יאר. זי האט זיך נישט געוואלט מודה זיין, האט איר דער נעשטאפאניק געזאגט, אז אויב זי וועט זיך מודה זיין וועט מען איר גארנישט טאן,

און אז נישט, וועט מען זי שלאָגן. און אַזוי זיס צו איר גערעדט, אַז זי זאָל נישט מורא האָבן, אַז מען וועט איר גאָרניט טאָן, אַז עס וועט איר גוט זיין... און זי, אַ נאַרעלע, האָט געגלויבט און געזאָגט, אַז יאָ, זי איז אַ יידיש קינד.

מיר האָבן נאָכאַמאָל געמוזט געבן דערקלערונגען. נאָכדעם האָט מען אונדז אַוועקגעשטעלט מיטן פּנים צו דער וואַנט און מיר האָבן געוואַרט, אַז מען וועט אַלע אויסהערן. נאָכדעם האָט דער געשטאַפּאָניק געזאָגט, אַז ער וועט טעלעפאָנירן וועגן אונדזער ענין. איך האָב געמיינט, אַז שוין, דאָס איז דער סוף, אַז ער וועט קלינגען קיין דראָהאָביטש און זיך דערוויסן, אַז דאָס אַלץ איז אַ ליגן. אָבער ער האָט טעלעפאָנירט אין פּוילישן קאָמיטעט, מען זאָל קומען און אָפּנעמען צוויי יינגלעך, און אָנגעשריבן אַף דער מאַשין צוויי שיינען, אַז יאַן און יוזעף באַנדראָווסקי ווערן איבערגעגעבן דורך דער „זיכער-הייטספּאָליציי" אונטערן אויפזיכט פון פּוילישן קאָמיטעט.

איך האָב געוווסט, אַז אַזאַ פּאַפּיר איז איצט פאַר אונדז דער בעסטער דאָקומענט, בעסער פון אַ מעטריקע, ווייל דאָס איז אַ ריכטיקער דאָקומענט און אַרויסגעגעבן דורך די דאָזיקע רוצחים. באַ דעם דאָזיקן לעצטן פאַרהער בין איך שוין געווען שטאַרק דענערווירט, ווייל איך האָב מורא געהאַט, אַז יוזעק זאָל אונדז נישט פאַרשיטן, אַלס יינגערער פון מיר, און די גאַנצע צייט האָב איך זיך מיט אים פאַרנומען. אָבער ער האָט געזאָגט פּונקט אַלצדינג דאָס וואָס איך. עס איז געקומען אַן אויטאָ פונעם קאָמיטעט און אונדז פאַר-נומען אין קינדער־היים.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום איז געקומען עפּעס אַ דאָרפסווירט, וועלכער האָט אין נאָווי-לוואָוו אין פאַרשטאָט, געהאַט עפּעס אַ ווירטשאַפט און געזוכט עפּעס אַן אַנטשפּרעכנדיק יינגל צו פּאַשען די קי. איך האָב זיך באַלד גע-מאָלדן, ווייל ס׳איז מיר געווען שטאַרק לאַנגווייליק צו זיצן אין קינדער-היים. איך בין געפעלן געוואָרן דעם ווירט. נאָכדעם האָט יוזעקן צוגענומען אַן אַנדערער ווירט און אַזוי האָבן מיר ביידע געדינט, אָבער גענוג ווייט איינער פונעם צווייטן, נאָר זונטיק האָבן מיר זיך געקענט באַגעגענען. יוזעקן איז נישט געווען גוט אַף זיין שטעלע און איך האָב אים אויסגעזוכט אַ צווייטע, נענטער צו מיר.

באַ מיין ווירט איז געווען פיל אַרבעט און גענוג שווערע. פּאַשען קי איז נישט קיין שווערע אַרבעט, נאָר אַ לאַנגווייליקע. אָבער דאָרטן האָט מען גע-דאַרפט אויך אַרויסוואַרפן פון דער שטאַל דאָס מיסט, גראָבן די ערד, ווען עס איז געווען נייטיק, און איבערהויפט טאָן, וואָס עס איז געווען נייטיק. אייג-מאָל זיינען זיך דאָרט צוזאַמענגעקומען געסט און גערעדט פיל וועגן יידן, און

דאָ האָט דער באַלעבאָס געזאָגט: „קוקט אים נאָר אָן, צי איז ער צופעליק נישט קיין ייד?" ער האָט אַזוי געפרעגט גאָרנישט אַף קאַטאָוועס, ווייל שוין פריער פלעגט ער מיך טשעפּען. האָב איך אים געזאָגט, ער זאָל גיין אין קאָמיטעט וועט מען אים ווייזן דעם דאָקומענט. נאָר די שנור פון מיין באַלעבאָס, איר מאַן האָט געדינט אין קרימינאַל־פּאָליציי, האָט געזאָגט:

— „האָט נישט מורא, אַז ער איז שוין געווען אין געשטאַפּאָ, און מען האָט אים דאָרט פאַרהערט, ווען ער איז אַ ייד וואָלט מען אים שוין נישט אָפּגעלאָזט".

צום סוף איז נמאס געוואָרן אַזוי צו דינען פאַר פאַסטוכער, ווייל מען האָט אונדז געהייסן וואָס אַמאָל שווערער אַרבעטן. מיר זיינען געגאַנגען אָפּגעריסן, קיין געלט האָט מען אונדז נישט געצאָלט, נאָר דאָס עסן. איך בין געגאַנגען איינמאָל און צוויי מאָל צום דייטשן מיליטער, דאָרט דערנעבן איז געשטאַנען די קעגנלופט אַרטילעריע. מיר האָבן דאָרט אָנגעהויבן צו אַרבעטן און ביזן סוף, ביז זיי זיינען אַנטלאָפן זיינען מיר דאָרט געווען. עס האָט קיינער נישט חושד געווען, מיר האָבן געהאַט אַזעלכע לאַנגע פלאַקסענע טשופּרינעס, אַז זיי האָבן געמיינט, אַז מיר זיינען אוקראַינער.

נומער 140.

האַלינאַ האָפמאַן — 9 יאָר אַלט.

---

## מיט אַ פּוילישער פאַמיליע

איך געדענק נישט, ווען מען האָט פאַרנומען דעם מאַמעשי אין לאַגער אַריין. איך ווייס נאָר, אַז ער איז געווען קראַנק אַף די נירן און דאַכט זיך געשטאָרבן, נאָר די מאַמעשי האָט געוויינט אַליין און מיר גאָרנישט געוואָלט זאָגן דעם אמת, אַז איך זאָל נישט האָבן קיין יסורים, אָבער איך האָב אַזוי אויך פאַרנעפּילט.

מען האָט בײַ אונדז אַלץ צוגענומען, דאָס געוועלב און די ווױנונג, נאָר קלימעקלעך האָט מען געמענט מיטנעמען. די מומע האָט מען דערשאָסן אין תפיסה, מען האָט איר געהייסן אַרויסטראָגן דאָס אַש אין דרויסן אַרויס און ווען זי האָט זיך אויסגעדרייט אַרויסצוגיין האָט מען אין איר פון הינטן געשאָסן. אַזוי האָבן דערציילט מענטשן. נאָר איך געדענק נישט די דאַטע, ווען דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען.

ווען מען האָט אָנגעהויבן אַלעמען „אויסזידלען" האָט די מאַמעשי זיך מיט מיר אויסבאַהאַלטן אַפן בוידעם, אָבער נאָר איין טאָג. באַנאַכט זיינען מיר אַראָפּגעגאַנגען. איך געדענק, אַז ס'איז געווען זומער. עס האָט געלויכטן די לבנה און די שטערן. מיר זיינען געגאַנגען שטיל און שנעל. די מאַמעשי האָט מיך אָפּגעפירט צו אַ באַקאַנטער, פאַני ה. און מיך דאָרט איבערגעלאָזט. די מאַמעשי האָט געזאָגט, אַז זי אַליין מוז זיך מעלדן אין לאַגער אַף אַרבעט און מיך קען מען דאָרט דערשיסן, ווייל איך בין נאָך קליין צו אַן אַרבעט. די מאַמעשי האָט געוויינט און געבעטן, איך זאָל זיין וווּיל, איך זאָל פאָלגן די פאַני ה. זיין געהאָרכזאַם און אַז זי וועט צוריקקומען צו מיר. אָבער זי איז נישט צוריקגעקומען. איך האָב אויך געוויינט און געוואָלט ליבערשט זיין מיט דער מאַמעשי, נאָר מען האָט מיך ניט געלאָזט. די מאַמעשי איז אַוועק גאַנץ פרי, איך האָב זיך מיט איר אַפילו נישט געזעגנט, ווייל איך בין געשלאָפן, און מער נישט געזען מיין מאַמעשי..

בא דער דאָזיקער פאַני בין איך געווען 8 חדשים. איך בין געזעסן די גאַנצע צייט פאַרבאַהאַלטן: באַנאַכט אין צימער, באַטאָג אין קעלער, ווייל דאָס איז געווען נאָר איין צימער. איינמאָל אינדערפרי איז געקומען די דייטשע פּאָליציי און פאַרנומען אונדז אַלע: די פאַני, איר מאַן, די טאָכטער, די 14-יעריקע אַנדע, דעם זון, דעם 6-יעריקן מיעטשיא, און מיך. מען האָט אונדז באַלד צעטיילט. די קינדער באַזונדער. איך מיט מיעטשען און אַנדען זיינען געפאָרן קיין מישלאָוויצע, צוזאַמען מיט אַנדערע קינדער. עס האָט מיך צום גליק קיינער נישט געקאָנט. אין מישלאָוויצע זיינען מיר געווען אין אַ דורכגאַנג־לאַגער, דריי טעג, און שפּעטער האָט מען אונדז אָפּגעשיקט קיין פּאָגזשעבעניע. דאָס איז געווען אַ לאַגער און דאָרט איז געווען זייער שלעכט. עס זיינען געווען אַ סך קינדער, נאָר איך געדענק נישט וויפל. אייניקע קינדער האָבן זיך געריצט מיט מיר און גערופן „זשידאָווקאַ", אָבער אַנדזשאַ האָט אָנגעשריען אַף זיי און געזאָגט, אַז איך בין זייער קוזינקע און דוף זיך ווי זיי — ה. מיר זיינען דאָרט געווען 4 חדשים, עס איז געווען הונגער, מען האָט געגעבן אַ זופּ פון קראַפּיווע און צוויי קליינע שטיקעלעך ברויט. מיר זיינען געפאָרן צוויי טעג און צוויי נעכט מיטן צוג קיין פּאָטיליצע אין פּאָמערן. אין דעם לאַגער זיינען געווען זייער פיל מענטשן, מען האָט געזאָגט, אַז 7000. קינדער זיינען געווען 250. די עלטערע זיינען געגאַנגען אַף אַרבעט אויסערן לאַגער, און מיר זיינען געווען אין לאַגער. ווידער איז געווען זייער שלעכט מיט עסן, צום ערגסטן. מען האָט אונדז געגעבן געקאָכטע קראַפּיווע און וואַסער מיט קרויט און פאַרפוילטע קאַרטאָפל. אין יעדער עסן האָט מען אַריינגעשיט עפּעס אַ פּראָשעק. די מענטשן, וועלכע האָבן דאָרטן געוווינט האָבן זיך גערופן קאַשובן און האָבן זייער קאָמיש גערעדט. נומער 6.

# זכרונות פון אַ ייִנגל פון בערגען־בעלזען

קיין בזשעסק פלעגן קומען פון צייט צו צייט געשטאַפּאָ־לייט פון טאַרנאָוו און שיסן מענטשן. אַמאָל זיינען זיי געקומען מיט אַ ליסטע, אַמאָל גלאַט אַזוי געשאָסן, נאָכדעם זיינען זיי געגאַנגען צום „פּיזיק" און זיך אָנגעשיכורט. זיי האָבן געהייסן: בעק, ראָמעלמאַן און לאַפּש. דאָס זיינען געווען די ערגסטע. אַקעגן אונדז האָט געוווינט אַ פרוי מיט אַ מאַן און מיט אַ זון. איינמאָל זיינען געקומען די רוצחים און דערהרגעט צוערשט דעם זון, און ווען דער מאַן האָט געבעטן מען זאָל נישט דערהרגענען די פרוי, האָט מען אים דערשאָסן און זי געלאָזט. איך האָב דאָס געזען, ווייל איך בין געווען באַהאַלטן אין אַ צימער אַקעגן און דורכן גאַניק געזען וואָס עס טוט זיך דאָרטן.

מען האָט געזאָגט, אַז עס וועט זיין אַן „אַקציע". די מאַמעשי האָט מיך אַרויסגעשיקט קיין קראָקע מיט אַ פּוילישער פרוי. עס איז געווען אַ גרויסער נס, וואָס איך בין דערפאָרן, ווייל איך זע אויס שטאַרק ווי אַ ייִד און די מענטשן אין וואַגאָן האָבן געזאָגט: „אַ ייִד". איך האָב געמוזט זיצן אין קלאָזעט. עטלעכע מאָל האָבן מיר זיך איבערגעזעצט אין אַן אַנדערן וואַגאָן. איך האָב אויסגעשטיגן. אַף דער סטאַנציע איז געווען געפערלעך, ווייל עס איז געווען אַ סך „שוואַרצע", אָבער איך בין, ווי עס איז, אַרויס, און מיר זיינען אַוועק אין געטאָ. איך בין געווען אין קראָקע אַ וואָך, אָדער צוויי, ביז מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז אין בזשעסק האָט די אַקציע שוין אויפגעהערט.

ווען איך בין צוריקגעקומען איז עס געווען אַ שרעקלעך בילד. דאָס בלוט האָט מען אומעטום פאַרשיט מיט אַש און ערד. קיין מענטשן זיינען נישט געווען אַף די גאַסן און אין די הייזער. מען איז נאָך געזעסן אין די בונקערס. נאָכדעם איז געווען אַ שרעקלעך געוויין, ווייל יעדן איינעם האָט מען עמיצן דערהרגעט.

איך האָב באַגעגנט מיין קאָלעגע, אַ שטאַרק פאַרוויינטן. ער האָט געזאָגט, אַז אַפן מאַרק, וווּ מיר האָבן געוווינט, איז קיינער נישטאָ. ער אַליין איז שוין געהאַט געשטאַנען הינטער דער וואַנט, נאָר ווען די ס"ס זיינען אַוועקגעגאַנגען און געבליבן איז נאָר ער איינער האָט ער באַוויזן צו אַנטלויפן.

איך בין אוועק צו דער מומע, הינטער דער שטאָט. איך האָב געמיינט, אַז אפשר האָט זיך די מאַמע דאָרט באַהאַלטן און צום גליק איז די מאַמע דאָרט ווירקלעך געווען. די מאַמע האָט מיר דערציילט, ווי דאָס איז פאָרגעקומען. עס איז אָנגעקומען אַן אויטאָ צו דער קהילה. די מאַמע האָט געזען, אַז עס איז שלעכט איז זי אַוועק מיט. די הינטער גאַסן צו דער מומע אין דאָרף אַריין כדי דאָרט זיך אויסצובאַהאַלטן. זי האָט זיך באַהאַלטן אין פעלד. אין שטאָט איז געווען אַ שיסעריי און געוואַלדן. די ס"ס זיינען געקומען מיט הינט. מיין שוועסטערל איז אַלט געווען 5 יאָר און געוואַלט וויינען. די מאַמע האָט איר פאַרומגעבונדן דאָס מויל און דעם קאָפּ מיט אַ טוך. פּלוצלינג איז געפאַלן אַ שאָס. מען האָט דערשאָסן אַ יינגל לעבן דער מאַמען. מען האָט געזוכט נאָך עטלעכע מינוט, נאָר צום גליק איז אויף דעם פעלד נישט געווען קיין סך מענטשן און די רוצחים זיינען אוועק, ווייל ווען זיי זעען, אַז אין פעלד באַהאַלטן זיך מענטשן, וואָלטן זיי אונטערגעצונדן דאָס פעלד און דעמאָלט וואָלטן די מענטשן געמוזט אַרויסגיין.

אויפן צווייטן טאָג, ווען עס איז שוין געווען שטיל, האָבן מענטשן גע-וויינט, ווייל דער איז נים געווען, און יענער איז נים געווען...

אין דער זעלבער וואָך האָט מען געמאַכט אַ געטאָ און אַלע יידן פונעם גאַנצן פּאָוויאַט האָט מען אַרויסגעיאָגט אין געטאָ אַריין. מיר זיינען געווען אין געטאָ נישט לאַנג, 4 וואָכן. נאָכדעם האָט מען געזאָגט, אַז עס וועט זיין אַן אַקציע „יודענריין" ד. ה. אַז מען וועט דערהרגענען אַלע יידן. מיר זיינען אַרויסגעפאָרן מיט צוויי פורלעך קיין באָכניע, ווייל מען האָט געזאָגט, אַז באָכניע וועט זיך נאָך האַלטן. דאָרט איז געווען אַ געטאָ, אַ שרעקלעכע יקרות. עס איז שווער געווען זיך איינצומעלדן, אַלע האָבן געמוזט אַרבעטן און ווער עס האָט נישט געאַרבעט איז געגאַנגען אין געטאָ „בע" און די קינדער אין „קינדערהיים". נישט יעדער האָט געקענט אַרבעטן, ווייל ס'האָט טייער געקאָסט, אַז מען זאָל קענען באַקומען אַרבעט. איך האָב געאַרבעט אין „קינדערגעמיינשאַפט". עס האָבן דאָרט געאַרבעט יינגלעך פון 13 יאָר. זיי האָבן געמאַכט שפּילעכלעך און איך בין געווען גרויס געוואַקסן בין איך אויך דאָרט געווען. איך בין אַלט געווען 10 יאָר. „קינדערגעמיינשאַפט" איז געווען אין בנין פון צ. ל. דאָס הייסט: „צוואַנגסלאַגער". מען האָט אויסגע-אַרבעט לאָפּעטקעלעך, זאַכן פון דיקטע, אָבער דער לאַגערפירער האָט נישט געגעבן דערויף קיין מאַטעריאַל, מיר אַליין האָבן צוזאַמענגענומען שאַב-טעלעך און בלעך, פון די מיסטקאַסטנס, און גערייניקט מיט „שמירגעל", כדי צו קענען דערפון מאַכן וואָס מען האָט באַדאַרפט. יעדע עטלעכע מעג האָט

קאָנטראָלירט אַ קאָמיסיע פֿון קראָקע, צי עס זיינען דאָ די פּאַסיקע ארבעטער: ניט קיין צו דערוואַקסענע און נישט קיין קליינע קינדער. דאָס איז געווען דאָס שרעקלעכסטע, ווייל דעמאָלט איז געקומען גנעט פון קראָקע און מיר האָבן שרעקלעך מורא געהאַט. מיר האָט זיך פון שרעק אַלע מאָל געבראָכן אין די הענט דאָס דראָט, מיט וועלכן איך האָב געשניטן די דיקבע.

איינמאָל האָט מען גערופן די מאַמע אין געשטאַפּאָ און פארשריבן אַ גאַנץ פּאַפּיר וועגן דער מאַמע, וועגן מיר און מיין שוועסטער, און ספּעציעל געפרעגט וועגן טאַטעשי. נאָכדעם האָבן זיי געזאָגט, אַז עס זיינען אָנגעקומען פּאַפּירן פון פּאַלעסטינע און האָבן געהייסן ברענגען מיך און די שוועסטער, אַז מען וועט אונדז אינטערנירן אויף אַ פּאָר טעג און מיר וועלן פאָרן קיין פּאַלעסטינע. דערווייל האָט מען אונדז געהאַלטן 4 וואָכן אין אַ פארמאַכטער קאַמער.

מען האָט געבראַכט אהין אַ פרוי, וועלכע מען האָט געכאַפּט אויף „אַרישע" פּאַפּירן. זי האָט זיך פאַרענטפערט, און דאַן האָט דער „שוואַרצער" איר געגעבן אַ קאַפּע אין הינטן און זי האָט זיך באַמאַכט. אַ גאַנצע נאַכט האָט זי געשריען, געוויינט, איך האָב נישט געקאָנט מיט איר ריידן, עס איז געווען שווער מיט איר צו זיין. זי האָט געמאַכט גרימאַסן, געשריען, געמאַכט משוגענע שטיק. אין צווייטן טאָג האָט מען זי געזאָלט נעמען אין דער קאָמענדאַטור, און אַז עס וואַרט אויף עמיצן אַזאַ מאָרגן, איז...

איינמאָל האָט מען געבראַכט אַ דייטש. ער איז געווען שיכור, און באַנאַכט געשריען. דער אויפזעער האָט אים געהייסן זיין שטיל און אָנגעקלונגען נאָך פּאָליציי. ווען די פּאָליציי איז געקומען האָט דער שיכורער אַרויסגענומען אַ מעסער און אַ שניט געטאָן דעם פּאָליציאַנט. אַליין איז ער אַרויסגעלאָפן און זיך באַהאַלטן אין שטאַל. נאָכדעם זיינען געקומען 6 פּאָליציאַנטן מיט צוויי הינט און מיט רעפלעקטאָרן און די הינט האָבן אים אויסגעשפּירט. מען האָט אים שרעקלעך צעשלאָגן און מיט קייטן אריינגעשלעפּט אין קאַמער. אין דער זעלבער נאַכט האָט ער איבערגעריסן די קייטן און זיך אויפגעהאַנגען אויפן פּאַסיק.

איינמאָל האָט מען געבראַכט אַ ייד. מען האָט אים געכאַפּט אין דער פּוילישער טייל שטאָט. ער האָט געפרעגט צי עס זיינען נישטאָ עפּעס אבצוועגנגעס. מיר האָבן נישט געהאַט. באַנאַכט האָט ער אויפגעבראָכן די ערשטע קראַטע, עס זיינען געווען צוויי, די ערשטע אַ דינע, די צווייטע אַ גראָבע קראַטע. אינדערפרי זיינען געקומען צוויי פּאָליציאַנטן און אים צעקלאַפּט דעם קאָפּ, אונטערגעשלאָגן אַן אויג און געבונדן די הענט. נאָכדעם

האָט מען אים אַרויסגעפירט קיין מאַנכּעלופיך. דאָס זיינען געווען ספּעציעלע דריי פאַלן, אָבער מען פלעגט ברענגען און שלאָגן דאָרט מענטשן יעדן טאָג.

נאָך 4 וואָכן זיינען מיר געפאָרן מיט אַ משא־צוג קיין קראָקע. אין קראָקע האָט אַן אויטאָ אונדז אָפּגעפירט קיין מאָנטעלופיך. עס איז דאָרט געווען פול מיט פאַרבויאונגען. איינער אַ פּרעכטיקער פאַר די ס"ס און נאָך פיל בודקעס מיט ס"ס־מענער. די ס"ס־לייט האָבן אונדז אַרומגערינגלט און אַריינגעפירט אין אַ קאַמער מיט שטרויזעק. מיר האָבן באַקומען 25 דעקא ברויט און זופּ און זונטיק אַ דאָפּלטע פּאָרציע ברויט און אַ ביסל מאַרגאַרינע. דאָס עסן האָבן צעטראָגן די תפיסהניקעס. איך האָב דאָ גאָרנישט געזען, ווייל מען האָט נישט געטאָרט אַרויסגיין, נאָר מען האָט געהערט. הינטן איז געווען אַ בערגל אויף וועלכן מען האָט געשאָסן און אויפן צווייטן הויף אַ תליה. איך האָב געהערט, ווי מען האָט געשאָסן, ווי די דייטשן האָבן געשריען.

נאָך 7 טעג זיינען מיר אַרויסגעפאָרן מיט אויטאָבוסן אויפן וואָקזאַל. מען האָט אונדז געגעבן וואַגאָנען פון 2־טן קלאַס. דער וועג איז געווען זייער אַ גוטער. אויפן וועג האָבן מיר געקענט קויפן עסן און אַזוי זיינען מיר געקומען קיין בערגען־בעלזען.

קאָמענדאַנט פון לאַגער איז געווען שטורמבאַנפירער האַאַס, אַ דיקער אָזאַ. מען האָט אונדז אונטער אַן עסקאָרטע אַריינגעפירט אין וואַלד. אַהין איז געקומען האַאַס און זעלנער און האָבן אונדז איבערגענומען און אַריינגעפירט אין לאַגער. דער לאַגער איז געווען אַרומגעצוימט מיט אַ דאָפּלטן דראָט. דעמאָלט איז דער לאַגער נאָך געווען אַ קליינער (יולי 1943), עס איז נאָך קיינער נישט געווען נאָר ק. ל. דאָס הייסט, פונעם קאָנצענטראַציע־לאַגער פון זאַקסענהאַוזען, זיי האָבן דאָ געבויט. יעדע עטלעכע באַראַקן זיינען געווען אַרומגענומען מיט דראָט און דאָס האָט געהייסן אַ בלאָק. מיר האָבן פאַרנומען נאָר אַ קליינע טייל פון לאַגער. אין באַראַק האָבן געוווינט 200 מענטשן. פון אָנהויב זיינען געווען שטרויזעק, נאָכדעם פּריטשעס אויף צוויי שטאָקן. מען האָט אָפּגעטיילט באַזונדער מענער, באַזונדער פרויען און קינדער, אָבער די מענער האָבן געמעגט קומען. די מוטערס מיט די קינדער זיינען געשלאָפן אויף איין פּריטשע. דערוואַקסענע האָבן געהאַט באַזונדערע פּריטשעס. נאָכדעם זיינען צו צוויי־דריי געשלאָפן אויף איין פּריטשע. עס איז געווען אַ „וואַשראַום", מען האָט געגעבן איינמאָל אין חודש אַ קליין שטיקעלע זייף, און מען האָט געדאַרפט זיין זייער ריין און שטענדיק זיינען געגאַנגען קאָנטראָלן.

פון אָנהויב האָט מען נעגעבן גוט עסן, און מען איז דאָך שטענדיק געווען הונגעריק, נאָר עס איז געווען גוט ס'עסן. עס זיינען געווען פאַרשיידענע צוטײלן, אָפּהענגיק פון דער עלטער. איך האָב באַקומען 40 דק. ברויט, די 6־יעריקע שוועסטערל — 20 דעקא, די מאַמע — 30 דעקא. דער זופּ איז געווען פון ברוקווע. אַמאָל אין אָוונט אַ זופּ. אינדערפרי, שוואַרצע קאַווע.

איך האָב צעבראָכן אַ פוס, ווייל איך האָב זיך געהוידעלט אַף אַ בעלקע. דער דאָקטאָר האָט נישט געגעבן קיין גיפּס, ווייל ס'איז נישט געווען, נאָר מען האָט פאַרבונדן דעם פוס. איך בין געלעגן 4 וואָכן און עס האָט זיך צוזאַמענגעוואַקסן.

אינײנעם זיינען מיר געווען 2600 מענטשן. איינמאָל אין האַרבסט 1943 האָט מען אַרויסגעהאַנגען אַ ליסטע, 2.100 מענטשן האָבן געדאַרפט אַרויספאָרן נישט באַוווּסט וווהין. מיר זיינען אויך געווען אַף דער ליסטע. מען האָט גערעדט, אַז מען פאָרט אַף ערגעץ. די מאַמע האָט זיך שטאַרק געעדערט. איך האָב נישט פאַרשטאַנען די סיטואַציע. איך האָב געמיינט, אַז דאָ איז שוין אַזוי שלעכט, אַז עס קאָן נישט זיין ערגער. דערווייל האָגט מען, אַז יענע לעבן שוין נישט. אין טאָג ווען עס האָט געזאָלט פאָרקומען דער אַרויספאָר איז געקומען אַ באַפעל, אַז אַלע „פּאַלעסטינער" דאַרפן בלייבן. עס זיינען אַרויסגעפאָרן 1000 מענטשן. מיר זיינען געבליבן.

מען האָט אונדז אַריבערגעפירט אַף אַן אַנדערן שטח, אין שטיינערנע באַראַקן. דאָ האָבן זיך אָנגעהויבן „יענע" מעשיות. ס'האָט זיך אָנגעהויבן דערפון, וואָס פרוי ס. אַ „פּאַלעסטינערין" האָט געדאַרפט געבוירן אַ קינד און איז געפאָרן קיין צעללע. מען האָט איר מיטגעגעבן אַ באַרג מיט בריוו, וועלכע זי האָט אַרויסגעשיקט. אין פּאָסט איז מען געקומען דערויף. האָאָס איז ביין געוואָרן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אויספאָרשונג. אונדז האָט מען נישט געטאָרט שיסן, שלאָגן אויך נישט. מען האָט אונדז, אַן אמת, געשלאָגן פון צייט צו צייט, אָבער שלאָגן אונדז האָט מען נים געטאָרט. איצט איז אָבער געקומען „שאַרפירער" קון און אָנגעהויבן שלאָגן מיט אַ דראָנג פון אַ לאָפּעטע. ס'איז אַנטשטאַנען אַ מהומה. נאָכדעם האָט מען אונדז אויסגעשטעלט אין פינפטלעך אַף אַן אַפּעל. מיר זיינען אַזוי געשטאַנען אַ האַלבן טאָג. עס איז געווען אַ פראָסט, מען האָט נישט געטאָרט אַריינגיין אין די באַראַקן. אַזעלכע אַפּעלן האָבן זיך אָנגעהויבן פון דעמאָלט אָן.

אין די גרעסטע פרעסט איז אויסגעפאַלן צו מאַכן „ריינִיקייט", מען האָט געדאַרפט אַרויסטראָגן די פּריטשעס, רייבן די פּאָדלאָגעס. אַ גאַנצן טאָג

האָט מען געמוזט זיין אין דרויסן. אין אָוונט איז געקומען דער קאָמענדאַנט און געמאַכט אַ קאָנטראָל. נאָכדעם זיינען געווען אַפּעלן מיט דעם געבעט. יעדער האָט געדאַרפט האַלטן זיין שיסעלע אויסגעריבן, אַז עס זאָל גלאַנצן. דאָס וואַסער איז געווען שרעקלעך קאַלט און די הענט זיינען אונדז געשוואָלן געוואָרן. די אַלטע טעפּעלעך האָבן זיך נישט געלאָזט אויסרייבן, זיי זאָלן גלאַנצן און דער קאָמענדאַנט האָט געשריען און אונדז געלאָזט אָן מיטיק.

אויף דעם דאָזיקן צווייטן שטח איז אויך דאָס עסן געוואָרן ערגער. איצט האָבן אַלע באַקומען גלייך — 25 דעקאַ ברויט. מיר זיינען געווען דערשעפּט, די מענער געשוואָלן, עס האָט געהערשט בויך-טיפוס. מען האָט געקרענקט אויף די לונגען, קינדער אויף שקאַרלאַטינע און מאַזלען. איך בין געווען קראַנק אויף די דריזן; אויף דעם שבת זיינען מיר געווען איבערן ווינטער. די וווינונגס-באַדינגונגען זיינען געווען זייער שלעכטע. די פּאָדלאָגעס — פון בעטאָן. ס׳האָט פון זיי שטאַרק געצויגן, פונעם דאַך האָט גערונען, אויוונס זיינען געווען, נאָר עס איז ניט געווען מיט וואָס צו הייצן, נאָר איין מאָל אין וואָך אַ ביסל. ווען מען האָט זיי געזאָגט, אַז מען זאָל צורעכט מאַכן האָבן זיי געזאָגט, אַז אויף די דייטשן אין די אָקאָפּעס רינט אויך איבער די קעפּ. די מענטשן זיינען פּאַרקילט געוואָרן און געקרענקט.

זומער 1944 זיינען אַרויסגעפאָרן צוויי טראַנספּאָרטן. עס איז געווען אַן אַפּעל, עס זיינען געקומען די „שאַרפירערס" און אָוועקגעשטעלט די מענטשן, וועלכע האָבן געזאָלט פאָרן און געהייסן זיך איינפּאַקן. זייערע זאַכן זיינען געבליבן אין מאַגאַזין. וווהין זיי זיינען געפאָרן, ווייסן מיר נישט. מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער איז אַרויסגעפאָרן דער צווייטער טראַנספּאָרט. צוזאַמען זיינען דאָס געווען 600 מענטשן. אויף אַן אַרויספאָר קיין אַמעריקע האָט דאָס נישט אויסגעזען. די זאַכן האָט מען באַ זיי צוגענומען. מענטשן זיינען גע-גאַנגען איבערן לאַגער און געטראַכט, צי איז דאָס גוט, צי שלעכט. באַ די דייטשן האָט מען גאָרנישט געקענט וויסן, אָבער ענדערן עפּעס האָט אויך קיינער נישט געקענט.

מענטשן זיינען געוואָרן וואָס אַמאָל טרויעריקער. וואָס אַמאָל זיינען געוואָרן ווייניקער אַזעלכע, וועלכע האָבן געקענט ברענגען די קעסלען מיט זופּ, כאָטש די דאָזיקע אַרבעט האָט געצויגן, ווייל מען האָט באַקומען אַ צולאַגע, אַ האַלבע פּאָרציע זופּ. די שטערבלעכקייט האָט זיך פאַרגרעסערט. מיין פעטער איז קראַנק געוואָרן אויף טיפוס. ער איז געלעגן אין באַראַצימער לעבן קלאָזעט. אין באַראַק אַריין האָט מען אים נישט געקענט אַריינעמען, אַז

די קראנקהייט זאָל זיך ניט פאַרשפּרייטן, און מעלדן, אַז ער איז קראַנק האָט מען מורא געהאַט, ווייל ווער עס איז געגאַנגען אין שפּיטאָל איז שוין נישט צוריקגעקומען.

עס זיינען געווען אַ פּאָר יינגלעך. מיר האָבן זיך געשלאָגן וועגן דעם אויסשייערן די קעסלען פונעם עסן, ווייל דערביי האָט מען נאָך אָנגעקראַצט אַ פּאָר לעפל עסן. באַם צעטיילן דאָס עסן האָט מען זיך געקריגט. ווען עס זיינען אָנגעקומען קאַרטאָפל האָבן אייניקע געוואָלט טיילן אויף שיסעלעך, אַנדערע אויף לעפעלעך, און נאָך אַנדערע — אויפן שטיק.

יעדן טאָג זיינען געווען אַפּעלן. זיי האָבן געדויערט אַ שעה צייט. איינמאָל ביין איך געפאַלן חלשות און די מאַמע האָט מיך געוואָלט אַריינטראָגן אין באַראַק. איז געקומען קשיקאַטש, דער ערגסטער דייטש און האָט אויפגעהויבן די האַנט, געוואָלט שלאָגן די מאַמע, אָבער די מאַמע האָט מיך דאָך אַריינגעטראָגן.

עס איז אַרויסגעפאָרן דער קאָמענדאַנט פונעם לאַגער האַאַס, און אויף זיין אָרט איז געקומען רידיגער, אַ מערדער. מען האָט צוגעבויט נאָך איין קרעמאַטאָריע. איינמאָל האָט מען איין קרעמאַטאָריע באָמבאַרדירט און אויפגעריסן, האָט מען אָנגעהויבן פאַרברענען די מענטשן אין פעלד. אין די קרעמאַטאָריעס האָט מען געברענט טאָג און נאַכט. עס האָט זיך שרעקלעך געשפּירט. עס זיינען אָן אויפהער געקומען טראַנספּאָרטן פון מאַוטהאַוזען, פון לינץ, פון אַלע עקן דייטשלאַנד, פאַרשיידענע פעלקער.

איך האָב געזען, ווי מען האָט געהרגעט. אין יעדן בלאָק איז געווען אַ „בלאָקעלטסטער", אין יעדער גרופּע אַ „קאַפּאָ" — אויך פון די קאָנצענטירטע, אָבער „פאַרדינסטפּולע" און אויך שטאַרקערע. יעדן טאָג זיינען אין ק. ל. געווען אַפּעלן. קראַנקע האָט מען אָוועקגעשטעלט באַזונדער, אין אַ באַזונדערן בלאָק.

דער דאָזיקער בלאָק איז אייגנטלעך געווען די צווייטע העלפט פון אונדזערן. אונדזער הויף האָט געגרעניצט מיט יענעם בלאָק און מיר האָבן געזען, ווי מען האָט זיי געגעבן עסן. עס איז געווען אַזוי: אינדערפרי האָט מען זיי געבראַכט פונעם אַפּעל און גאָרנישט געגעבן קיין עסן, נאָר פאַרשלאָסן אין בלאָק. באַטאָג זיינען געקומען די „קאַפּאָס" און געעפנט די באַראַקן, אַלע האָבן זיך געוואָרפן צו די קעסלען זופּ, דעמאָלט האָבן די „קאַפּאָס" מיט שטעקנס שרעקלעך געשלאָגן און צוריקגעיאָגט די מענטשן אין די באַראַקן. אין דרויסן זיינען געבליבן טויטע און שווער פאַרוווּנדעטע. מען האָט זיי אָוועקגעשלעפּט אין אַ זייט און געהייסן די מענטשן פונעם

בלאָק ווידער אַמאָל אַרויסגיין. מען האָט זיי אויסגעשטעלט אין אַ ריי און אַרויסגענומען דעם זוף. כמעט יעדער צווייטער האָט באַקומען דערביי געשלאָגן. דעם זוף האָט מען זיי אויסגעגאָסן. נאָכן מיטיק האָט מען געשלאָסן די באַראַקן.

באַנאַכט האָבן אונדז געוועקט געשרייען. עס זיינען געקומען דייטשן און געדופן: „לאַגערעלטסטער!" מענטשן פונעם גאַנצן לאַגער האָבן געוויינט און געשריען, ווייל זיי האָבן געוווסט, וואָס עס דאַרף פּאַסירן. מען האָט געעפנט די באַראַקן און געהרגעט יענע מענטשן מיט דרענגער. געשרייען זיינען געווען שרעקלעכע: „שמע ישראל!" און „יעזוס מאַריאַ" און „ראַטעוועט" און „אַנטלויף". מען האָט געשריען אין אַלע שפּראַכן. אינדערפרי, פאַרן אַפּעל, האָבן די קאַפּאָס און ק. ל־ניקעס אַרויסגעוואָרפן די טויטע דורכן פענצטער, זיי אויסגעבאָן (זייערע קליידער האָבן באַקומען אַנדערע) און אויסגעלייגט אין פינפטלעך. אַפן אַפּעל האָט מען זיי געציילט, עס זיינען געקומען פורן פון קרעמאַטאָריע און זיי פאַרנומען.

ק. ל־ניקעס האָבן פון צייט צו צייט געהאַט אַ דייטשע צייטונג. מיר האָבן זי אָפּגעקויפט און עס זיינען געווען פאַרלעזונגען, וועלכע מען האָט באַ אונדז גערופן: „טראַמוויי". דאָס איז געווען געוויינלעך באַנאַכט, ווייל באַטאָג וואָלט נאָך עמיצער געקענט אומגעריכט אַריינקומען. מיר האָבן געוווסט וועגן דער אינוואַזיע אין פראַנקרייך, מיר האָבן אויסגערעכנט די באַוועגונג פון דעם מיליטער און זיך גערעכנט מיט דער מעגלעכקייט פון אַן עוואַקואַציע פונעם לאַגער.

אין לאַגער איז אין דער צייט געווען אַן אומאָרדענונג. עס איז נישט געווען קיין דיסציפּלין. די דייטשן זיינען געווען דערשלאָגן און האָבן נקמה גענומען אין אונדז. די גאַנצע צייט דראָונגען און שלאָגן. דער מיטיק איז אָפט געווען אָנשטאָט אין מיטיק צייט — 6 אַ זייגער אין אָוונט. אָפּמאָל אינגאַנצן נישט געווען. ברויט װעלמן און ווייניק. איינמאָל האָט מען געזאָגט אַז די בעקעריי איז באָמבאַרדירט געוואָרן. ס'צווייטע מאָל, אַז מען איז באַפאַלן דעם וואָגן מיט ברויט, און ס'איבעריקע — ברויט איז פאַראַן נאָר פאַר דייטשן. — עס איז געווען אַ שרעקלעכער הונגער.

אונדז האָט מען איבערגעפירט אין אַן אַנדערן טייל פון לאַגער, אין קליינע הילצערנע באַראַקן, ווייט פונעם שאָסיי. וואָס עס האָט זיך געטאָן אין לאַגער האָבן מיר שוין נישט געקאָנט זען. מיר האָבן נאָר געהערט געשרייען באַנאַכט און געזען, ווי עס רויכערן די קרעמאַטאָריעס באַטאָג און באַנאַכט.

די מענער, וועלכע זיינען געגאנגען אין לאגער נאכן זופ האבן נעזען, וואס דארט טוט זיך. די מענטשן האט מען געגעבן זופ אין די הימלען, מען זאל דערקענען, אז דאס הימל איז נאס און מען זאל ניט קענען נעמען נאכאמאל. געזען, ווי עס זיינען אדורכגעגאנגען טראנספארטן, ווי מען האט געפירט די טויטע און ווי מען האט געשלאגן. עס איז געווען א קלענערע „מאנשאפט" פון די דייטשן, ווייל מען האט זיי ארויסגעשיקט אפן פראנט. די מענטשן האבן דאס אויסגענוצט און געגאנגען אין קיך אריין גנבענען ריבן און קארטאפל, וואס זיינען געלעגן פאר דער קיך. אין באדציימער האט מען געמאכט פייער און געקאכט די קארטאפל אין שאכטלען און אין די שיסעלעך. די ריבן האט מען געגעסן רוי. ווען מען האט געכאפט עמיצן, וואס האט גענגנבעט, האט מען שמארק געשלאגן, און ק. ל-ניקעס האט מען אויפגעהאנגען. אין אונדזער לאגער האט מען צוויי יינגלעך אזוי צעשלאגן, אז 2 וואכן האבן זיי נישט געקאנט גיין. אין עטלעכע וואכן ארום האט זיך אנגעהויבן די עוואקואציע פונעם לאגער.

נומער 192.

# באַמערקונג:

בכיוון זיינען נישט איינגעשלאָסן אין דעם ראָזיקן בוך די טעקסטן, וועלכע זיינען נוגע די ערטער מיט דער גרעסערער אין פוילן יידישער באַפעלקערונג (ווי צום ביישפּיל, לאָדזש און ווארשע), אייניקע טויטן־לאַגערן (ווי טרעבלינקע) און איבערהויפּט מאַטעריאַלן, וועלכע פאַרדינען פאַרעפנטלעכט צו ווערן אין גאַנצן, אָדער אין גרעסערע אויסצוגן.

רעדאַקציע־קאָלעגיע

די הילע „געשענדעטע" איז פון דער סעריע „טיידאַנעס", געמאָלן דורך דעם באַרימטן יידיש־סאָוויעטישן קינסטלער, ווינאָווי טאָלקאַטשאָוו.

# אינהאַלט:



## אין די לאַגערן

## איבער שטעט און שטעטלעך

## קינדער דערציילן...


באַמערקונג פון רעדאַקציע-קאָלעגיע.

## פון די באַמערקטע וויכטיקסטע דרוק־פעלערן:

זייט 3, שורה 2 — געדרוקט: אין יידיש; דאַרף זיין: אין דער יידישער איבערזעצונג.

זייט 4, שורה 5 — געדרוקט: פולן; דאַרף זיין: פוילן.

זייט 12, שורה 9 — געדרוקט: פינטלעך; דאַרף זיין: פינפטלעך.

זייט 27, שורה 1 — געדרוקט: קראַקעווען; דאַרף זיין: קראָקער.

זייט 110, שורה 18 — געדרוקט: ערשטע; דאַרף זיין: ערשט.

זייט 208, זייט 24 — געדרוקט: קיינעם; דאַרף זיין: קיינמאָל.

## תקון טעות:

אַף דער זייט 31 האָט זיין גבית־עדות אָפּגעגעבן, פּראָטאָקאָלירט דורך דר. י. גאַנס, פּייוול פּיסטראָנג (נישט יוזעף געבעל, ווי עס שטייט געדרוקט) און אַף דער זייט 146 — עדות: ריטשאַרד פּערבער (און נישט מיעטשיסלאַוו פּעמפּער).

Editado por la FEDERACION ISRAELITA POLACA DEL URUGUAY.
Impreso en los Talleres del diario Israelita "FOLKSBLAT".
Montevideo, Abril de 1948

---

געדרוקט אין דרוקעריי פון דער יידישער טאָג־צייטונג „פאָלקסבלאַט", גאָם אַנדרעס 1191, טעל. 83341. מאָנטעווידעאָ, אורוגוויי. אַפּריל, 1948.